# יידישע שריפטן







פאריין פון יידישע ליטעראטן און זשורנאליסטן אין פוילן

1946 לאָדזש תש"ז

# יידישע שריפטן

## ליטעראריש זאמלבוך

פאריין פון יי"ד. ליטעראטן און זשורנאליסטן אין פוילן

1946 ל א ד ז ש ת ש"ז.

* * *

נאָך אַן איבערייס פון 7 יאָר האָבן מיר, די ניצול־געוואָרענע יידישע שרייבער אין פוילן, די מעגלעכקייט אַרויסצוגעבן ס׳ערשטע ליטעראַרישע זאַמלבוך. די טעכנישע מעגלעכקייטן אַרויסצוגעבן אַ יידיש בוך זענען איצט אין פוילן זייער שווערע.

מיר זענען גאָרנישט מסוגל איבערצוגעבן דעם לייענער דאָס, וואָס מיר פילן ביים אַרויסגעבן דעם ערשטן נומער „יידישע שריפטן”. אַרום אונז – וויסטע חורבות, קופעס שטיינער, וואָס זענען דער איינציקער שפור פון דער אַמאָליקער וואַרשע, דער עיר ואם בישראל. איבער אונז – שאָטנס פון דריי מיליאָן פוילישע יידן, וואָס זענען דורך די דייטשע רוצחים פאַרשניטן געוואָרן פון לעבן. פונדעסטוועגן שעמען מיר זיך נישט הויך צו מאַכן אַ „שהחינו!” צוליב ווידערבאַלעבן ס׳יידיש־געדרוקטע וואָרט אין מדינת פוילן.

דער יידישער ישוב אין פוילן איז איצט קליין. מיר באַטראַכטן זיך אָבער נישט ווי אַן אבר מדולדל, נאָר פילן זיך גייסטיק פאַרבונדן מיט אַלע יידישע קבוצים אויף דער גאָרער וועלט. אָט־דאָס באַוווסטזיין וואַרעמט אונז אין אונזער פאַריתומטקייט און שטאַרקט אונזער אויסדויער אין די טעג פון גרויסן נאַציאָנאַלן נסיון.

מיר זענען רעשטלעך פון דער אַמאָליקער גרויסער שרייבער־משפחה אין פוילן. ס׳איז דעריבער נישט קיין חידוש, וואָס אונזער איצטיקער צו־שטייער דער יידישער וועלט־ליטעראַטור פאַלט אויס באַשיידן. דאָס איז אָבער קוים אַן אָנהייב. מיר גלייבן ווייטער מיט אַלע כוחות צו דערפילן דאָס, וואָס די געשיכטע האָט אויף אונז אַרויפגעלייגט.

*די רעדאַקציע*

# יזכור

## יידישע פען-מענטשן, אומגעקומענע על קידוש השם

אײמבער שמואל יעקב
אוליגאַווער מרים
אַליצקי ברוך
אוגער ישעיה
אָסטערזעצער יוסף ד״ר
איינהאָרן אהרן
איבעראל יעקב ד״ר
איש הענעך
איוועניצקי מ.
אָפּאַטשינסקי פרץ
אייבעשיץ נתן
אַרנשטיין מארק (אנדזשעי מאַרעק)
אָזשעך מ.
אָבערזשאַנעק יעקב

באַלאַבאַן מאיר פּראָפ.
בוקסבוים נתן
באַרנשטיין יצחק
בערמאַן ל. (גראַף קאַלי)
באַגיש זישע
בראַון מ.
בראַט אברהם
בזשוסטאָווסקי ח. י.
בעק מ. פּ.
בערנהאָלץ מ. (סעלים)
בורשטין מיכל
בערעזינעקי אהרן
בערנשטיין יצחק
בערעזאָווסקי דוד
באַרוכין עלי
בורינמאַן (ראָבערט מעריסאָן)
בערגמאַן א. (א קונדאַס)

גילבערט שלמה
גאַרפינקל פּ.
גוויע אהרן
געלער מאקס
גראָסמאַן אברהם
גרין ירחמיאל
גליקסמאַן אברהם ד״ר
גראָדזענסקי א. י.
גוטענבערג מ.
גאָלדפרייך ב.
געבירטיג מ.
גינסבערג בנציון
גיפס א. ח.
גרינפעדער מ.
געלמאַן ברוך
גאָלדבערג—חגי
גוטנשטאַלט הירש
גאָלדין
גליק הירש (געטאָ-דיכטער)
גאָלדשמידט א. י.
גרינבוים ב.

דאַנילעוויטש הערש (הערשעלע)
דרייקורס לייב
ריקשטיין ס. (קאַוועע—וואַנווילד)
דויטשער י.
דרייער ש. . . .
דאַן שמחה
דוא קאַפּל
דראכלע ה. וו.

האָראָוויץ בער
האַראַנטשיק שמעון
האָפּמאַן אלתר
הירשהאָרן שמואל
העשעלעס הענריק
הורוויץ מנחם מענדל
היישעריק קלמן
הייפערמאַן סאַניע (געפאלן אין דער רויטער ארמיי)
האוזער נפתלי
האמער יהודה ד״ר
האַלטער מרדכי

וואַגמאַן שאול
וויטקאָווער פישל (אימ״ן)
ווייספארד גרשון
וואָלמאַן שמואל
ווייניג נפתלי
ווייסבארד מארק
וויגאָדסקי יעקב ד״ר
וועבער הערש
וויינלעז ישראל
ווייל‍אַנד פּ.
ווייס שמעון
וואַרשאַווסקי יקיר
ווידערעוויטש מ.
וואסערמאַן יעקב
ווילער יעקב ד״ר

זילבורג משה
זשיטניצקי ה. ל.
זאַגאַן שכנא
זאַראַמבּ ש.
זאַקס ש.
זשאַק לעווי
זשירמאַן שלום

חילינאָוויטש בנציון
חיימסאָן-באַסטאָמסקי מ.

טשיבוצקי ברוך
טראַיאַנאָווי מישאַ
טיקאָטשינסקי מאָטל
טענענבוים שמואל
טאַף א. ל.

טשודנער מאיר
טייכנער מ.
טילעמאַן יהושע

יאַשונסקי יוסף
יאַקובאָוויטש ראָזאַ

כייקין משה

לעמאַן שמואל
לעמאַן וואָלף
לערמאַן א.
לעווין חיים
לייזעראָוויטש משה
לערער יחיאל
ליס קלמן
לעווין גרשון ד״ר
לונסקי כייקל
ליפשאָוויטש י. ד״ר
לעווענשטיין י. י.
ליכטנשטיין ישראל
לייפונער י. ד״ר
לוסטערניק מלכיאל
לינדער מנחם
לעווין משה
לערער משה

מיזיש מתתיהו ד״ר
מיזיש יוסף ד״ר
מייזעל יעקב
מייזעל א.
מייזעלס מ.
מיצמאכער דוד
מארוויל ש.
מיפעלאָוו י.
מעטראָפּאָליטאנסקי ש.
מילער משה

נאכאלניק אורקע (פאַרבעראָוויטש)
ניסנבוים י.
ניימאַן הינדע
נייַבערג ירחמיאל

סטופּניצקי ש. י.
סעמיאַטיצקי חיים
סמאָליאַזש יוסף
סקאלאָוו ב.
סלאָפּאַק צעציליאַ

עלבירט ז. ד״ר
עקערמאַן א. ב.

פרילוצקי צבי
פרילוצקי נח



טלאָמאַצקע 13 — דאָס הויז אין וואַרשע, וווּ ס'איז יאָרנלאַנג געווען די היים פון יידישע
שרייבער און זשורנאַליסטן אין פוילן

147 פערלע יהושע ||
8 פּראַפּוס י. י.
9 פרילוצקא פאולא ||
150 פינטשעווסקי יעקב ד"ר
1 פרעגער יעקב
2 פעטשעניק מ. ל.
3 פּאָמעראַנץ גרשון
4 פּאָמעראַנץ סט. (פּאָמער)
5 פעווזנער י. י.
6 פשעפּיורקא אברהם
7 פֿארבאַ אַלעקסאַנדער
8 פילאָסאָף אַלעקסאַנדער ד"ר
9 פיינקינד שלמה
160 פינקעלשטיין נחמיה
1 פאָגעל דבורה
2 פאהן ראובן
3 פראַנקענטאל מ.
4 פאַרלערער מרדכי
5 פרידמאַן סאָניע
6 פענסטער הערש
7 פעלד יהודה
8 פאלטנבערג משה
9 פעסלער ד"ר
170 פריש א. ד"ר
1 פישקאָפּ ע.
2 פרידקין א. - - - ווילנע
3 פרידמאַן פעליקס
4 צייטלין הלל ||
5 צייטלין אלחנן ||
6 צינאַמאָן הערש
177 צענטנערשווער מ.

178 קאַציזנע אלתר ||
9 קאַרטשאַק יאַנוש ||
180 קיפּניס מנחם ||
1 קירמאַן יוסף
2 קעסטין ליפע
3 קליינמאַן אברהם
4 קאַהאַן ישראל
5 קאַרנבלום שלמה
6 קאַצענעלסאָן יצחק 1944
7 קלעץ א.
8 קאַסטעלאַנסקי נ.
9 קעניגסבערג דוד
190 קאַסטעלאַנסקי ש.
1 קאַנפער משה ד"ר
2 קאַפּלאַן פסח - - - ביאַליסטאָק
3 קאַזלאָווסקי מאָטל
4 קאַהאַן שמשון - - - ווילנע
5 קלעפּפיש העשל ד"ר
6 קאַן י. ל.
7 קרימסקי מ.
8 קאַהאַן א. ז.
200 קאַלמאַנאָוויטש ז. - - ווילנע
1 רינגעלבלום עמנואל ד"ר ||
2 ראַגאָווי א. מ.
3 ראָזנבערג ישראל
4 ראָזנפעלד ב. (באָנטשע)
5 ראַקאָווסקי הירש
6 רייז ש.
7 ראַבאַן ישראל
8 רייזפעדער י.
9 רעטיג משולם
210 ראַבינאָוויטש מרדכי
211 רוס ש.

212 ראַשקין לייב (פרידמאַן)
3 ריכטער דוד
4 ראָטקאָפּ לאה
5 רוסקאָלענקער
6 ראַוויצקי י. ב.
7 ראַוויטש יצחק
8 ראָזענשיין ש.
9 שוואַלבע נתן
220 שטיין מנחם ד"ר
1 שטערן ישראל ||
2 שיפּער יצחק ד"ר ||
3 שולמאַן י.
4 שאַליט משה - - ווילנע
5 שימעל משה
6 שנאַפּער בער
7 שודריך יעקב (גטפאַלן אלס פאַרטיזאַן)
8 שרענצל אַרי
9 שטערנבאַך הערמאַן פּראָפּ.
230 שלענגעל וו.
1 שאַיעוויטש ש.
2 שטאָקהאַמער נתן
3 שטערנבערג נחום
4 שאַראַפאַן שמערל - - - ווילנע
5 שאַפּיר ז.
6 שטורמאַק א.
7 שיינקינדער
8 שטערנהיים נחום
9 שאַפּיראָ י.
240 שטייגמאַן ירחמיאל
1 שמולעוויטש אלימלך
2 שפּיגעל יואל
3 שאַר זיגמונט
243 תאומים

## געשטאָרבן בעת דער מלחמה:

244 אַמבער א. (א גאַליציאַנער)
5 אַלטער וויקטאָר ||
6 באַרנשטיין יעקב
7 גאָטליב י. ד"ר ||
8 וואָלף לייזער - - ווילנע
249 וויינשטאָק לעאָן

250 טשערניכאָוו יוסף - - ווילנע
1 טראַנק ישראל
2 לעווין משה - - - ווילנע
3 מיימון הלל
4 ערליך הענריק ||
5 פּטאַשקין א.
256 פּאָליווא א.

257 קיטאַי מ.
8 קאָץ פּנחס
9 רייזען זלמן - - - ווילנע
260 ראָזנבוים מ.
1 שאַר משה פּראָפּ.
262 שיינבערג שלמה ||



**אפרים קאַגאַנאָווסקי**

# מיין הספּד

1.

## שלמה גילבערט

פאַרפּייניקט דורך די היטלעריסטן
צוזאַמען מיט דעם פּוילישן יידנטום

איבער די וואַרשעווער גאַסן איז אין יענע יונגע, פרייליכע טעג אַרומגעגאַנגען דער מענטש מיט דער ברייטער פּעלערינע, מיט צעפלאָשעטע, פריצישע וואָנסן איבערן פּולן, שטורעמדיקן מויל, מיט פייער האָט געשפּריצט פון זיינע אויגן, מיט פייער האָט געזעצט פון זיין וואָרט, ווי אַ כישוף-מאַכער האָט ער געוואָרפן ליכטיקע שטורקאַצן אין די טונקעלע הייזער פון די ענגע, אָרעמע יידישע וואַרשעווער גאַסן.

דאָס איז געווען דער גרויסער אָנהייב פונעם יידישן וועלטלעכן לעבן, דער רענעסאַנס פון דער יידישער וועלטלעכער קולטור. דאָס איז געווען דער גרויסער יידישער שיין-גייסט י. ל. פּרץ.

* * *

י. ל. פּרץ האָט גערופן, געוועקט, צוגעזאָגט אַ ווירדיק, יום-טובדיק, שעפעריש לעבן. ער האָט גערופן צו ליכט און בילדונג, און ווער עס האָט נאָר דערפילט אין זיך אַ פונק גייסטיקייט, אַ טראָפּן בענקשאַפט, האָט זיך געלאָזן אויף זיין רוף.

פון אַלע יידישע גראָע גאַסן, פון טונקעלע יידישע אָרעמע שטיבער, פון קעלערן און בוידעמער האָבן געשטראָמט יונגע יידישע טרוימער צו זיין אומרויִקער טיר.

טויזנט ניין הונדערט פינף. פרישע, שמעקנדיקע ווינטן פון די ערשטע רוסישע פרילינגס-שטורמען האָבן זיך צערוישט און אויפגעריסן די קליינע, פאַרחושכטע פענצטער פון דער יידישער אָרעמקייט אין פּוילן און אַ שטראָם פרישע לופט האָט אויפגעמונטערט די פאַרשטאַרטע אין דלות און אין טונקלקייט, פאַרהויקערטע יידישע יוגנט.

די יונגע יידישע טרוימער האָבן געשטראָמט פון אַלע קלאַסן, פון אַלע שיכטן אין דעם ברייט-באַזעסענעם פּוילישן יידנטום, פון די פאַבריקן, בתּי-מדרשים, פון די פאַרמאַכטע רבישע שטובן, פון שטאָט און פון שטעטל, פון אַלע זייטן זיינען זיי געגאַנגען ווי לונאַטיקער אויף דעם רוף צו דער נייער וועלט, צו דעם נייעם לעבן.

די ערשטע טיר פון דער נייער וועלט איז געווען די טיר, מיט דער צום ערשטן מאָל — געזעענער יידישער אויפשריפט אויף דעם מעשענעם בלעטל: „י. ל. פּרץ" — אויף דער זייטיקער, וואַרשעווער צעגלאַנע-גאַס.

דעם רייץ און דעם כישוף פון פּרצעס שטוב אין יענע יאָרן איז שווער איבערצוגעבן, נישט אַרומנעמענדיק אינגאַנצן דעם רענעסאַנס-פּעריאָד אין דער יידישער ליטעראַטור. עס איז נישט מעגלעך איבערצוגעבן דעם שימער פון יום-טוב, נישט אַרומנעמענדיק די פילזייטיקע שטראַלנדיקייט פון דער פּרץ-געשטאַלט, נישט איבערגעבנדיק דעם גוואַלדיקן אויפשטייג פון האָפענונגען, וואָס פּרץ האָט באַטיילט מיט זיין ריזלדיקן גייסט און ווולקאַנישן טעמפּעראַמענט, וואָס האָט אָן אויפהער געוועקט און גערופן צו דערהויבונג.

אַ טרוימער, אַ קעמפער און אַ פירער, מיט אַ גוואַלדיקער פעיִקייט צו וועקן ליבע און אַכטונג צו זיך, איז ער זעלטן געווען אַליין, זיין טיר האָט נישט גערוט און אין זיין קאַבינעט איז געוויגן געוואָרן דער גורל פון די, וואָס האָבן באַדאַרפט געזאַלבט ווערן אַלס שרייבער.

אין ד ע ר, פּרצעס שטוב האָב איך אין אַ זומער-נאָכמיטאָג, אין דעם יאָר טויזנט ניין הונדערט ניין, באַגעגנט די דעמלטיקע יינגסטע פּלעיאַדע יידישע שרייבער.

* * *

לאַנגע, לאַנגע יאָרן טיילן אונדז אָפּ פון אָט די טעג, פון דער שטוב און פון די מענטשן. אַ בלענדנדיקע קאַרוזעל פון היסטאָרישע פּאַסירונגען, ליכטיקע און פינצטערע אין דעם גורל פונעם יידישן פאָלק. האָפענונגען און אַנטוישונגען האָבן זיך געביטן אין דער שיין פון די יאָרן. די ערשטע, גרויסע וועלט-שריפה, וואָס האָט אַוועקגעשניטן פּרצן און צוזאַמען מיט אים אַ גרויסע טייל פון די, וואָס האָבן אים אַרומגערינגלט, ביז צו אונדזערע איצטיקע טעג — די פינצטערסטע פאַרן פּוילישן יידנטום, וואָס איז כמעט אינגאַנצן פאַרשניטן געוואָרן דורך דעם בלוטיקן היטלער-פאַשיזם, און קלערנדיק וועגן די אַלע, וואָס האָבן געטיילט דעם שוידערלעכן גורל, פאַרפאָלגט מיך דאָס בילד פון יענעם זומער-אָוונט אין פּרצעס שטוב, ווען איך האָב צום ערשטן מאָל באַגעגנט דעם בלייכן, קנאָכיקן, כמעט שפּיציקן יונגנמאַן אינם סאַמע טונקעלן ווינקל—צימער, מיט שאַרפע פאַרקוקטע בליקן אין פּרצן. ער איז געזעסן נישט באַקוועם, ווי אַ מענטש, וואָס איז נישט געוווינט צו קיין גוטע באַקוועמע מעבל און פרייער האַלטונג. זיינע לאַנגע, דאַרע, בלייכע הענט האָבן זיך פיבערהאַפט געקלאַמערט אין זיינע דאַרע, שפּיציקע קניען, דערביי האָט זיך אין זיינע ברוינע אויגן געוויגט עפּעס אַ שניידנדיקער טרוקענער גלאַנץ און אויף זיין ברייט, לעבהאַפט מויל האָט אַרומגעבלאָנדזשעט אַ קינדעריש-אָנגעווייטיקט שמייכעלע, וואָס מען זעט ביי מענטשן נישט דרייסטע אין אַ פרעמדן קרייז, וואָס קאָנען ביי זיך נישט פועלן צו זאָגן דאָס, וואָס זיי וואָלטן געקאָנט זאָגן.

פון פּרצעס רייד און פון דעם אַלעם, וואָס כ'האָב געקאָנט פאַרשטיין, האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דער יונגערמאַן האָט דאָ געלייענט עפּעס פון זיינע ליטעראַרישע שאַפונגען און פּרץ האָט זיך נאָך אַלץ אַרויסגעזאָגט וועגן דעם. פּרץ האָט דאָס נישט גע-

לויבט. ער האָט אַסך פאָרצוואָרפן און ער האָט דאָס געטאָן, ווי געווײנלעך, מיט אַפּאָריסטישע שפּריצן, מיט רעפלעקסן און זייטיקע געדאַנקען־בליצן. דער מאָמענט פון דירעקטן אַרויסזאָגן זיך איז שוין אַוועק און פּרץ האָט נאָר צוגעוואָרפן רעמיניסצענצן צו דעם געלעזענעם.

אין צימער האָט אָנגעהויבן טונקל ווערן. ביי אַ צענדליק שרייבער, וואָס זיינען געזעסן אַרום, האָבן זיך איבערגעוואָרפן מיט ווערטער, שטיל, נישט וועלנדיק איבעררייסן פּרצעס האַרטע, צודרינגלעכע שטים. און מיטאַמאָל האָט זיך דער יונגערמאַן ראַשיק אויפגעהויבן. זיינע ליפּן האָבן זיך קרענקלעך אַ דריי געטאָן. ערשט איצט האָב איך באַמערקט, ווי הויך און דאַר ער איז, זיין פּלייצע איז געווען אַביסל קײלעכיק און דאָס האָט אים צוגעגעבן אַ געוויסע אומהיימלעכקייט. ער האָט זיך געזעגנט, פּרץ האָט אים פריינטלעך באַגלייט, איבערחזרנדיק זיינע באַמערקונגען. מיר האָט זיך געדאַכט, אַז אַלע אַרום האָבן דעם פאַרלאַנג, אַז די סצענע זאָל זיך גיכער ענדיקן. צופיל ווייטיק איז געווען אין דעם מויל און אין די אויגן ביי דעם יונגנמאַן. אָבער אומגעריכט האָט זיך דער יונגערמאַן אַ בויג געטאָן און זיך צעלאַכט מיט אַ מאָדנע הייזעריק, ווי זידנדיק געלעכטער. ער האָט געלאַכט מיט אַ ברייט אָפן מויל. דערביי האָט זיין דאַר, לאַנג פּנים באַקומען דעם אויסזען פון אַ סקעלעט. געלאַכט האָט ער שטיל און גיפטיק, ווי אַ שד. אָבער זיין געלעכטער האָט אָנגעשטעקט, און דאָ האָב איך צום ערשטן מאָל דערהערט זיין שטימע מיט דעם ברייטן, וואַרשעווער פאָלקסטימלעכן יידיש:

— פּרץ... נעמט אייך נישט אַזוי צום האַרץ, עס קאָן אייך חלילה שאַטן... איך בין נישט אַזאַ קבצן, אַז ווען עמעצער זאָגט מיר, אַז מיין גראָשן איז צופעליק אַ פאַלשער... זאָל איך נישט האָבן קיין צווייטן... אָט די אַלע קלייניקייטן, וואָס איך ברענג אייך ווייזן, זיינען גראָשנס... די אמתע אפּותיקה... באַהאַלט איך ביי מיר...

און מיט דעם זעלביקן שדישן, זידנדיקן געלעכטער האָט דער יונגערמאַן פאַרלאָזן דאָס צימער.

פּרצן איז געפעלן די אַלעגאָריע מיט די גראָשנס, און ווען ער האָט זיך אומגעקערט פונם קאָרידאָר האָט ער מיט זיין קנאַקנדיקער שטים אַ זאָג געטאָן:
— דאָס איז שלמה גילבערט... אַ פידל אונטער אַ סורדינקע... ס׳באַדאַרף זיין גאָר שטיל, מען זאָל אים דערהערן... נישט פאַר אונזער צייט, ווען אַ שרייבער דאַרף וועקן, רופן...

פּרץ האָט נאָך לאַנג אויף זיין שטייגער „געזאָגט תורה". אין דער צייט איז ער באַזונדערס געווען באַהערשט פון דער אידיי, אַז אַ שרייבער דאַרף דינען דעם פּראָגרעס, אַז ער דאַרף זיין אַ לערער און בילדן דאָס פאָלק, אַז אַ שרייבער דאַרף זיין רעוואָלוציאָנער, צעשטערן די אַלטע וועלט און העלפן בויען אַ נייע...

אין צימער איז טונקל געוואָרן. דער זומער־אָוונט איז געשטאַנען אונטערן פענצטער און געשפּילט מיט אַ ראָזן ליכט אויף פּרצעס לייכט־באַזילבערטע שלייפן און רחבותדיקע וואָנסעס. אַ שטראַל ליכט האָט אויך נאָך פאַרכאַפּט דעם קליינעם, ווייסן קאָפּ פון דעם שטענדיקן פּרצעס לייב־גייסט, דעם אַלטן יעקב דינעזאָן. די יוגנט איז זיך ביסלעכוויין צעגאַנגען. אויך פּרץ האָט זיך געקליבן גיין שפּאַצירן.

דער זומערדיקער לינדער פאַרנאַכט האָט אים אויפגעברויזט. ער האָט, ווי שטענדיק, נישט געקאָנט אליין זיצן אין שטוב, ווען די גאַסן זיינען פול געווען פון יידישער יוגנט. זיין אוידיטאָריע־הונגער האָט אים געטריבן אין אַלע ערטער, וווּ נאָר מען האָט געקאָנט די יוגנט באַגעגענען. זיין וועלט, די אַלטע וועלט, וואָס ער האָט אונטערגעביסן מיט זיין געניאַלן סאַרקאַזם, איז זיך צעפאַלן און פּרץ האָט געזוכט די נייע וועלט. ער האָט געהערט דאָס ריזלען פון נייע וואַסערן און זיינע ליידנשאַפטלעכע שפּאַצירן האָבן אים פאַרטראָגן אומעטום, וווּ נאָר די יוגנט האָט געבויט איר נייע וועלט.

ער איז געלאָפן אויף די „בירזשעס" איבער די פאַרשידענע לאַגערן פון דער אויפגעוואַכטער, יונגער ארבעטער־באַוועגונג. ער איז געגאַנגען אין די שולן אַרויסכאַפּן נאָך האַלב־גלויביקע, פאַרבלאָנדזשעטע, וואקלענדיקע; ער איז געגאַנגען אַרומגערינגלט פון אויפגעברויזטע קרייזן יוגנט און געוואָרפן זיין וואָרט, ווי פאַקעלן.

* * *

פּרץ האָט זיך איינגעהילט אין זיין אייביקער, גרויסער פעלע(?)ר־נע, אַרויפגעוואָרפן אויפן קאָפּ זיין גרינעם, טיראָלער יעגער־הוט און מיר האָבן זיך אַראָפּגעלאָזן אין דעם טונקל פון די אַלטמאָדישע, קרומע טרעפּ. דאָ האָט מיך פּרץ פּלוצלונג געכאַפּט אונטער דער האַנט און אַ זאָג געטאָן:

אַ שאָד, וואָס איר האָט נישט געהערט די שלעכטע זאַך, וואָס עס האָט מיר היינט געלעזן שלמה גילבערט, אַ פיינער שרייבער... גאָר אַ פיינער... איר פאַרשטייט?... אַ מאָדנער... שווער מיט עמעצן צו פאַרגלייכן... אַן אמתער קינסטלער... אַ דינער און אַ שטילער... אַ צו שטילער... ער טוט אַ שמיר און אַ וויש... ניין, ערווישט מער ווי ער מאָלט... ער לאָזט איבער נאָר אַ שפּור פון אַ פאַרב... פאַר זיינע קליינע, עלעגישע זאַכעלעך איז עס גוט... ווייל דאָס זיינען שמוק־זאַכן אין דער ליטעראַטור... אָבער היינט איז ער געקומען מיט אַ דערציילונג שוין מיט אַ נאָגל... ער האָט געוואָלט עפּעס זאָגן... רעוואָלטירן... און קעגן וועמען? קעגן אַ קליין מענטשעלע... אַ געוועלבניק, נעבעך... אַז ער גענאַרט אויף דער וואָג... כאָטש ער האַלט זיך פאַר אַ גלויביקן... אַ פרומען... דעם גאַנצן „העלד" משטיינסגעזאָגט קאָן מען דערשיסן מיט אַ קינדעריש בלעכן ביקסל... דאָס טויג שוין נישט!.. אָבער אַ פאָליטרע האָט ער אַ געבענטשטע... יעדעס וואָרט איז אַ בילד...

פּרץ האָט דאָס מאָל געקעמפט קעגן אָט די „רעוואָלוציעס" מיט די בלעכענע קינדערישע ביקסלעך, קעגן די השכלהדיקע אַמפערנישן מיט דעם פאַלשן פרומאַק... מיט דעם רבל, אָדער שטעטלדיקן גביר...

ער האָט אָפּגעווענדט פון דעם משכילישן שוין אָפּגעלעבטן, נאַיוון, „פריי־דענקערישן" רעוואָליוציאָניזם, פון וועלכן פּרץ אַליין האָט זיך דורך אַלע יאָרן נישט געקאָנט אַרויספּלאָנטערן, און ווי עס זעט אויס, האָט שלמה גילבערט מיט זיין נישט גליקלעכער דערציילונג אים געגעבן די נייטיקע רעגונג.

איך האָב געוואָלט עפּעס מער וויסן וועגן דער מאָדנער, אומהיימלעכער געשטאַלט פון דעם שפּיציקן יונגנמאַן, אָבער פּרץ, ווי עס זעט אויס, האָט וועגן אים געהאַט אַ גאַנץ בלייכע אַנונג:

— אָדער פון אַ קעלער־שטוב, אָדער פון אַ בוי־דעם־שטיבל, ווי דער מערסט פון מיינע באַזוכער יונגע שרייבער... אָבער... נישט קיין פאַרגרעבטער... קאָן לערנען, טראָגט דעם הויקער פון צוויי טויזנט יאָר יידישקייט... און וואָס ער האָט נישט — ווייס איך נישט... אָבער איינס האָט ער זיכער — שווינד־זוכט...

מיר איז מיטאַמאָל קלאָר געוואָרן דאָס סקעלע־טישע, וואָס האָט אַ בליאַסק געטאָן בעת זיין גע־לעכטער, און דער טרוקענער גלאַנץ פון זיינע אויגן, איך האָב פאַרשטאַנען דאָס מעטאַלענע סיקען פון זיין מאָדנע געלעכטער און עפּעס האָט מיך אַ ציי געטאָן צו אים.

איך קאָן מיך ביז איצט נישט באַפרייען פון דעם גלויבן אין עפּעס אַן אומבאַוווסטער קראַפט, וואָס פירט צונויף דורך טונקל־פאַרהוילענע אונטער־באַוווסטזיניקע וועגן צוויי מענטשלעכע נפשות, אויב זיי טראָגן נאָר אין זיך פעדעם פון איין גייסטי־קער ספּערע...

איך האָב געזוכט יעדע געלעגנהייט זיך צו באַגעגענען מיט שלמה גילבערט. אַ נישט קלאָרער פאַרלאַנג אַריינצודרינגען אין זיין וועלט, אַ געפיל, וואָס האָט מיך נישט איינמאָל אין מיינע יינגלשע יאָרן צוגעבונדן צו מענטשן, ווייטע פון מיין סביבה, פון מיין דערציונג און פון אַלע די, מיט וועלכע מען האָט מיר אין דער קינדהייט פאַרווערט זיך צו חברן.

עס איז געווען ענלעך צו מיין קינדערישער פאַרליבטקייט אין דעם גאַסן־אַקראָבאַט „באָלעק", וואָס האָט אונטער די פייפנדיקע קולות פון דער קאַטערינקע זיך „געבראָכן" אין די הייפלעך פון די וואַרשעווער אונטערגעסלעך, אָדער „אַברמעלע פּוץ" — דעם יינגל פון דער גנבישער שטוב, וועלכן מ'האָט אָפט געפירט מיט געבונדענע הענט אַרונ־טער; וויפל נעכט בין איך נישט געשלאָפן צוליב אים!..

דאָס איז געווען דער רייץ אַריינצודרינגען אין אַ פרעמד, ווייט לעבן, וואָס האָט מיך געלאָקט פון קינדווייז אָן.

אין גילבערטן האָט זיך אַנטפּלעקט פאַר מיר אַ מענטש, וועלכן כ'האָב באַגעגנט אין פּרצעס שטוב, — אַ קינסטלער, וואָס האָט דערביי געטראָגן אין זיך די אַלע לאַקנדיקע פאַרבן, וואָס האָבן אויפגעהויבן אין מיר אַ מאָדנע האַרץ־קלאַפּן פון אַ זיסער נייגעריקייט.

אַ צופעליקע און אומדערוואַרטע איז געווען מיין צווייטע באַגעגעניש מיט שלמה גילבערט. זי האָט אָבער געהאַט אין זיך אַלע סימנים פון מיין איינגעבילדעטן „העכערן כוח". און איך בין צוגע־פאַלן צו אים מיט דעם גאַנצן אימפּעט פון מיין כמעט־קינדערשער יוגנט, איך בין אַלט געווען זעכצן אָדער זיבעצן יאָר, שלמה גילבערט איז געווען באַ־דייטנד עלטער.

* * *

אין דעם ליכטיקן סוף־זומער־טאָג האָבן מיר זיך געטראָגן אָן אַ ציל פון איין גאַס אין דער אַנדע־רער. אַרום האָט געגרוישט די גרויסע וועלט־שטאָט וואַרשע מיט איר ברייט, אייליק לעבן, און דאָ איז אַ גאַנצער לאַבירינט פון געדיכט־באַזעצטע יידישע גאַסן געלעגן פאַר אונדז:

— דאָס איז מיין מוסטער־קאַסטן, — האָט גילבערט געזאָגט און איבער זיינע האַרטע שמאָלע קינביינער איז דורכגעלאָפן אַ כוואַליע פון סאַרקאַסטישן גע־לעכטער. ער האָט אָנגעוויזן מיט זיין לאַנגער, דאַרער האַנט אויף דעם קנופּ גאַסן און געסלעך אַרום דעם „אייזערנעם טויער", ווו אַ קאָלירטע, צונויפגעקנאָדערטע, רויענדיקע מאַסע האָט געווימלט איבער די שטעלן אין אַ געדראַנג און כאַאָס פון קליינעם גראַשנדיקן האַנדל. פון אַלע זייטן האָבן געשטראָמט קויפער און פאַרקויפער, האָבן געטראָגן און געשלעפּט פּעק און זעק אַזוי ווי גרויסע, רויענ־דיקע מערעשקעס.

גילבערט האָט מיך אַריינגעפירט אין דעם גע־דראַנג, ער האָט געאָטעמט טיף, מיט פאַרטראָגענע אויגן איבער דער קנוילקער מאַסע.

און דער רירנדיקער שמייכל אַרום זיין ברייט מויל האָט געצאַפּלט, ווי אַ ליכט־שטראַל. ווי צו זיך אַליין, האָט ער אין פאַרטראָגנקייט געזאָגט:

— כל־זמן זיי לעבן — לעבן מיר... יידישע שריי־בער... אין זייער זכות... אין זכות פון די אַלע קליינע מענטשעלעך... איך האָב ליב די פרומע אָרעמקייט... די אָרעמע, פריילעכע מענטשלעכע נעסט...

מיר זיינען געגאַנגען פאַרביי אַלטע, האַלב־חרובע הייזער, האַלב־צעשטערטע, אַלטע וואַרשעווער הויפן, וואָס זיינען געווען באַקלעפּט פון מענטשן יידן, אַלטע און יונגע, פאַרהאַנדלטע, פאַרטוענע אין מסחר, ווייבער און קינדער. איך בין געווען פרעמד און דערשראָקן אין דעם געווימל. דערפאַר האָט זיך גיל־בערט דאָ געפילט היימיש. ער האָט זיך אָפּגעשטעלט מיט פאַרשידענע באַקאַנטע אין דער געגנט פון האַלבע משוגעים, פאַרביקע טיפּן און אויסטערלישע גע־שטאַלטן. זיי האָבן אים באַגעגנט ווי אַלטע באַקאַנטע, איבערגעוואָרפן זיך מיט ווערטלעך, וואָס האָבן אַרויס־גערופן ביי זיי געלעכטער און פריילעכקייט.

ער האָט געקויפט פרוכטן ביי צעשריגענע מאַרק־ווייבער, וואָס זיינען מיטאַמאָל שטיל געבליבן, באַ־דינט אים מיט אַ באַזונדערער זאָרגפעליקייט און אים צוגעווונטשן מיט פרומע אויגן:

— עסט... זאָל אייך זיין צום געזונט און ר'זאָלט האָבן אַ רפואה שלימה.

— דאָס זיינען ווייבער... מיינע שכנטעס... וואָס גלויבן, אַז איך בין אַ „למדווניק"... ווען איך ליג קראַנק, טראָגן זיי שפּייז און פרוכטן, שטעלן עס אַרויף אויפן טיש שטילערהייט און פאַרשווינדן...

ער צעלאַכט זיך מיט זיין שדישן געלעכטער און מיטאַמאָל פאַרציען זיך זיינע אויגן מיט אַ נעפּל פון אומעט:

— ס'איז אַ שאָד אַוועקצוגיין פון אַזאַ לעבעדי־קער וועלט, פון אַזויפיל גוטע, פּשוטע מענטשן.. .אָט די אַלע פאַרהאַנדלטע און צעשריגענע ווייבער זיינען דאָך צוזאַמען מיט מיר אויסגעוואַקסן... זיי זיינען דאָך יונג און קינדעריש און קומט אַ שבת אָדער אַ טאָג

פון רו... באַקומען זייערע צעפּייערטע אויגן צוריק אַ שטילן, פרומען בלאַסק פון פאַרשעמטקייט און באַשיידנקייט... זיי ווערן גוטמוטיק, און די בלויקייט פון זייערע ליפּן, צוזאַמען מיט די מאַרק־קללות פאַרשווינדן.

ער האָט אַ שפּאַן געטאָן און זיך פלוצלינג געווענדעט צו אַ ווייבל מיט אַ טיכל אויפן קאָפּ, וואָס איז געשטאַנען מיט אַ קויש ווייסע בולקעס:

— וואָס מאַכסטו, דבורהלע ?..

דאָס ווייבל האָט אויפגעהויבן אַ פּאָר גרויסע שפּילנדיקע, בלויע אויגן. אַ פאַרב האָט באַשלאָגן איר פּנים. זי האָט פאַריכט אירע צעפּאַטלטע, בלאָנדע לאָקן אונטערן טיכל און שטיל געענטפערט:

— אוי ווי מיר... זעטס נאָר... שלמה, וואָס מאַכסטו? וואָס טוסטו דאָ?..

אַ יונגערמאַן מיט אַ פאַרמעלטער קאַפּאָטע, מיט אַ פאַרמעלט בערדל איז געשטאַנען נעבן איר.

— דאָס איז דיין מאַן? — האָט גילבערט געפרעגט.

— יאָ, קענסט אים נישט?..

— און קינדערלעך האָסטו עפּעס, דבורהלע?

— יאָ, קיין עין־הרע...

דבורלע האָט זיך פאַרשטעלט דאָס פּנים:

— אוי, קוק נישט אויף מיר... ווי איך זע אויס... פּעוונע אַן אַלטע יידענע...

— זעסט אויס שיין, דבורהלע, אַזוי ווי שטענדיק... איך שטעל מיר פאָר, שבת זעסטו אויס ווי אַ קייסערינע...

— אוי, הייבסט שוין אָן חוזק מאַכן?.. דיינע אַלטע שטיק?..

און אַלע האָבן גליקלעך געלאַכט. דער מאַן מיטן בערדל האָט אויך געשמייכלט.

מיטאַמאָל האָט דאָס ווייבל פאַרזאָרגט געפרעגט:

— און וואָס מאַכסטו אין געזונט?.. אפשר אַביסל געבעקס?.. זע נאָר די בולקעס... נעם, שלמה...

און זי האָט אַ כאַפּ געטאָן עטלעכע בולקעס.

— ניין, קיין בולקעס דאַרף איך נישט...

דער רירנדיקער שמייכל פול מיט ווייטיק אַרום זיינע ברייטע ליפּן טוט זיך אַ וויג: וויפל פשוטע, מענטשלעכע גוטסקייט איז אַרום;

— אַזוי זיינען זיי כמעט אַלע... — רעדט גילבערט, ווי צו זיך אַליין. — אַלע...

* . *

גוטסקייט און האַרציקייט האָט גילבערט געזוכט נאָר אין דער נידער, אין דער טיפעניש פון פאָלק.

דאָס איז געווען אונזער ערשטער, יוגנטלעכער, אָנציליקער גאַנג. און אונזער ערשט הייס געשפּרעך, אַ געשפּרעך פון צוויי יונגע, אויסגעשפּאַנטע פון דער וואָכעדיקער, פאַריאַכמעטער אָרעמער יידישער גאַס, אַ יום־טוב אינדערוואָכן פון צוויי יידישע טרוימער.

דאָס איז געווען איינס פון יענע געשפּרעכן, די אַמפּערניש, וואָס האָט אין יענע צייטן זיך געטראָגן פון אַלע סטודענטישע צימערלעך. דאָס גריבלען זיך אין דעם סוד: וואָס אַזוינס איז פאָלק?.. יעדן פון אונז האָט זיך געדאַכט, אַז ער איז עפּעס אַנדערש, און „דאָס פאָלק", וואָס פילט אָן די גאַסן און די הייזער, איז דער מאָדעל, וואָס פאָזירט פאַר אונז, אַז מיר זאָלן עס באַשרייבן. שלמה גילבערט איז געווען פאַרליבט אין מאַקסים גאָרקי אַזוי ווי די גאַנצע יידישע דעמאָקראַטישע אינטעליגענץ אין פוילן.

עס איז געווען מאָדנע רירנד, ווי דער קראַנקער, צעבראָכענער יידישער מענטש, וואָס איז נישט לאַנג אַרויס פון דער לאַנגער קאַפּאָטע, פון בית־המדרש און רבינס טיש, האָט זיך באַהאָפטן מיט די פאַנטאַסטישע ריזן פון אַרום דער וואָלגע, ווו ער האָט מיטגעלעבט מיט זייערע געננג און טאַטן.

אין שלמה גילבערט איז פאָרגעקומען אַ געראַנגל פון צוויי כוחות, וואָס האָבן צעריסן דעם איידעלן עמאָל פון זיין שרייבערישן טאַלאַנט. ער האָט זיך געוואָרפן אינם תהום פון דעם נידעריקסטן פאָלקסשיכט און אויף גאָרקיס שטייגער געזוכט דאָרט די פערל פון מענטשלעכער דערהויבנקייט. זיין ערלעכע פעדער האָט אָבער נישט געקאָנט ליגנערן און נאָכמאַכן; זיינע יידישע העלדן האָבן נישט געהאַט פאַר זיך קיין ברייטע, רוסישע סטעפּן, וועלדער און טייכן. דאָס ביסל געזונט, רויט פאָלקס־בלוט, וואָס האָט געשטראָמט אין זיי, האָט זיי קוים געגעבן כוח צו טראָגן זייער גורל. גילבערטס איידעלע, עלעגישע פעדער האָט אויסגעפונען ביי די מענטשן פון דער נידער בלויז קינדערישע שטימעס און צום סוף אַ גליענדיקע טרער אויף דער שלעכטסקייט פון דער אומגערעכטער וועלט...

אַזוי ווי דער רוב יידישע שרייבער, וואָס זיינען געקומען פון דער ישיבה, פון דער סכאָלאַסטישער קולטור, איז אויך גילבערט אַרויסגעטראָטן קעגן דעם „איידעלן יידן", אין וועלכן ער האָט געזען דעם „הערשנדיקן קלאַס", און דעם קלער, וואָס האָט, אָנשפּאַרנדיק זיך אין גאָט און דער תורה, עקספּלואַטירט דעם „פּראָסטן מענטש", דעם „עם־הארץ", דעם פאָלקס־מענטש...

צווישן אונדז איז געלעגן אַ גרויסער שטח אין אונזער דערציונג. איך האָב געחלומט פון מיקעלאַנדזשעלאָ און לעאָנאַרדאָ דאַ ווינטשי. פאַר דער אָפּגעריייניקטער אַטמאָספער פון אַבסטראַקטער שיינקייט איז נאָך דעמלט גילבערט, אַזוי ווי אַלע די יידיש־דערצויגענע שרייבער, געווען פאַרמאַכט, און ער האָט געקוקט אויף מיר מיט חשד און אומצוטרוי.

אָבער איך האָב געשעפּט פון אים די געזונטע ריחות פון אמתער פאָלקסטימלעכקייט, מיט וועלכער ער איז געווען איבערגעפולט. אין דעם קראַנקן, צעבראָכענעם שלמה גילבערט איז געלעגן אַ דינאַמישער כוח פון ווידערגעבורט. אָט דער סוד פון אייביקייט, פון געבענטשטער פרוכטבאַרקייט, וואָס ליגט באַהאַלטן אין דער טיפעניש פון פאָלק.

* . *

אָט דער כוח פון ווידערגעבורט, וואָס האָט געריזלט אין אים, איז געווען שטאַרקער פון דער שווינדזוכט, וואָס האָט פון דער פריער יוגנט זיך באַזעצט אין זיינע לונגען,—די קראַנקייט, וואָס האָט אין יענע ראָמאַנטישע צייטן אַרומגעלייגט אַ געוויסע געזאַלבטקייט פון גייסט. און די יונגע קרבנות האָבן אין אַלע קרייזן פון דער אינטעליגענץ געטראָגן דעם דערנער־קראַנץ, וואָס האָט זיך אַריינגעשטאָכן, ווי אַ פאָרוואורף אין דער אומגערעכטער וועלט פון די זאַטע, צופרידענע, רייכע, ווו די שווינדזוכט האָט כלומרשט קיין צוטריט נישט געהאַט.

שלמה גילבערט האָט מיט אַ מאָדנעם, צוריקגעהאַלטענעם צאָרן אָפּגעוואָרפן פון זיך אָט דעם מאַרטירער⸗קראַנץ; ער האָט געקוקט אויף זיין קראַנקייט ווי אויף אַ בעסטיע, פאַרלייקנט זי, פאַרשוויגן, גערעדט וועגן איר נאָר מיט זייער נאָענטע מענטשן, דיסקרעט מיט אַ בייסנדיקן סאַרקאַזם און שטיל, איינגעשפּאַרט געקעמפט מיט איר, מיט אַלע כּוחות און מיטלען.

פאַר פרעמדע מענטשן האָט ער די קראַנקייט פאַרהוילן, איגנאָרירט, גערימט זיך מיט זיין איבערגעטריבענעם כּוח, באַמיט זיך צו פירן אַ לעבן פון אַ געזונטן מענטש. זיך נישט אויסגעהיט פאַר קיין פאַרקילונגען, געשפּאַנט איבער די גאַסן אונטער שניי און רעגן ביז אין דער שפּעטער נאַכט.

נישט מיד געוואָרן צו רעדן און האַלטן דעם גאַנצן קרייז יוגנט אין אַ שטענדיקער הייטערקייט מיט זיין הומאָר און כאַראַקטערפולן דערציילן.

קיינער פון דעם קרייז יונגע שרייבער האָט נישט געקאָנט זאָגן, ווו שלמה גילבערט וווינט, ווו עס איז זיין היים, פונוואַנען ער קומט, און ווו ער פאַרשווינדט אין דער שפּעטער נאַכט.

אָבער גראָד אין די טעג, ווען אויף דער וואַרשעווער יידישער גאַס איז געגאַנגען די גרויסע אויפלעבונג, ווען פרצעס שטוב איז פול געווען פון נייע, יונגע שעפער, האָט שלמה גילבערט אָנגעהויבן פאַרשווינדן ווערן. ער איז פאַרשוווּנדן אויף עטלעכע טעג, דערנאָך איז ער ווידער געקומען. דער גלאַנץ אין זיינע ברוינע אויגן איז געוואָרן נאָך אָנגעגליטער און די קינביינער האָבן זיך נאָך מער פאַרשפּיצט, און ווידער האָט ער געוואָרפן מיט גאַנצע בונטן נייע זעונגען, פרעכטיקע מעשיות פונם יידישן לעבן און שטייגער, רירנדיקע דערציילונגען פון קליינע פשוטע מענטשן, אין וועלכע ער האָט שטענדיק געפונען אַ ליכטיקן פונק „צוליב וועלכן עס לוינט צו לעבן אויף דער שיינער וועלט"...

* * *

מיטאַמאָל אָבער איז ער פאַרשוווּנדן אויף לאַנגע וואָכן. אַלע מיינע באַמיונגען אים צו געפינען זיינען געווען אומזיסטע. און נאָר עפּעס אַ צופאַל, וועלכן איך געדענק שוין נישט, האָט מיך אַוועקגעפירט אין איינעם פון די אָרעמע יידישע וואַרשעווער היבּ ע געסלעך אין אַ קליין האַלב⸗חרוב הייזל; אין איינעם פון די אַלטע, וואַרשעווער הייזער, וואָס זיינען פאַרבליבן פון אַלטע, פאַרנעפּלטע צייטן, אונטער אַ גרויען, האַלב⸗איינגעפאַלענעם פּלויט איז געשטאַנען דאָס הילצערנע הייזל, וואָס האָט אויסגעזען ווי אַ גרויסער טויבן⸗שלאַק. אָט די הייזלעך זיינען ווי צופעליק פאַרבליבן אין דער גרויסער שטאָט, צווישן די הויכע, פאַריסענע מויערן זיינען זיי געשטאַנען ווי שוואָמען נעבן ריזן⸗סאָסנעס. די הייזלעך זיינען צעוואָרפן איבער דער גרויסער שטאָט ווי פאַרבלאָנדזשעטע שמות פון דער אַלטער געשיכטע וועגן יידן אין פוילן.

איך בין אַריין אינם אומעטיקן הייפל מיטן אַלטן פוילישן אייזערנעם פּלומפּ אינדערמיט. דאָ האָבן פאַרזאָרגטע פאַרוואַקסענע יידן און צעפּאַטלטע ווייבער געקוקט אויף מיר מיט חשד, ווען איך האָב געפרעגט ווו עס וווינט גילבערט.

זיי האָבן געקוקט אויף מיר מיט אומצוטרוי ווי אויף אַ פרעמדן, ווייל צו יונג האָב איך אויסגעזען צו זיין אַ דאָקטאָר. מען האָט מיר אָנגעוויזן אַ טונקל פאָדער⸗הייזל און איך האָב מיך מיטאַמאָל דערוווּסט, אַז שלמה גילבערט איז: „דעם קלעזמערס זון"...

ס'איז אַ פייכטער נאָך סוכּות⸗טאָג. אַ בענקלעכע טונקלקייט האָט זיך שוין אין האַלבן טאָג אויסגעשפּרייט, און דאָס קליינע, אָרעמע הויפל האָט שוין אָנגעבויגן דעם קאָפּ אונטער דער זאָרג פאַרן שווערן ווינטער.

אַ נידעריקע, פייכטע טיר האָט זיך געעפנט אין אַ טונקל קעכל אַריין, פונוואַנען ס'האָט אַרויסגעפינקלט אַ רעדל פייער פון דער פּליטע, דאָס פלעמל האָט באַשמירט מיט אַ רויטלעכער שיין אַ קליינע יידענע מיט אַ קופּקעלע אויפן קאָפּ, זי האָט אַ קוק געטאָן מיט טרויעריקע, גרויסע אויגן. אויף מיין פראַגע, צי מען קאָן זען שלמה גילבערט, האָט זי נאָך שטילער געענטפערט:

— וועגן וואָס?

און נאָך שטילער:

— ר'איז קראַנק... כ'ווייס נישט... כ'וועל זען...

און זי איז מיט שטילע טריט אַריין אין אַ צווייט שמאָל טירל.

איך האָב אַן אָטעם געטאָן מיט דעם געדיכטן ריח פון אָרעם יידיש געקעכטס און אַלטע ספרים. באַלד האָט זי מיך מיט די אויגן אַ רוף געטאָן און איך האָב איבערגעשפּאַנט די שוועל פון אַ טונקל אַלקערל, ווו ס'האָט פון דער טונקלקייט זיך אַרויסגעבלייכט אַ שמאָל אייזערן בעטל. דאָס פּנים פונם קראַנקן האָט כּמעט געהאַט די זעלבע פאַרב וואָס די קישן, אַ גראָע בלייכקייט מיט אַ פּאָר מידע אָנגעווייטיקטע אויגן.

דאָס איז געווען שלמה גילבערט.

מיר האָבן זיך ביידע אַ לאַנגע ווײַלע אָנגעקוקט. איך האָב נישט געוווּסט ווי אָנצוהויבן רעדן צו אים. מיטאַמאָל האָבן זיינע קין⸗ביינער אַ ציטער געטאָן און זיינע אויגן האָבן זיך אָנגעגאָסן מיט אַ משונהדיק געלעכטער. אויף זיינע ליפּן האָט אויפגעצאַפּלט דער רירנדיקער שמייכל, ער האָט מיט אַ מאָדנער אָנגעשפּאָלטענער הייזעריקייט אין דער שטים געזאָגט:

— איר קוקט אויף מיר, ווי אויף אַ מת... זעצט אייך... ווער האָט אייך געזאָגט ווו איך וווין? — ער האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ און מיט פייערלעכקייט צוגעגעבן:

— אָבער איר מוזט מיר צוזאָגן, אַז איר וועט נישט אַהערשיקן קיינעם... איך דאַרף נישט... איך וויל נישט...

איך בין נאָך אַלץ געווען דערשיטערט פון דער ענדערונג אין זיין אויסזען, גילבערט האָט דאָס אונטערגעכאַפּט און ווידער מיט דעם הייזעריקן געלעכטער, ווי אַ דינע שפּרונג⸗פעדער וואָלט געפּלאַצט, האָט ער געזאָגט:

— ס'איז גאָרנישט... ס'איז שוין גוט... כ'וועל נישט לאַנג ליגן... אויב איר ווילט, קען איך שוין אַראָפּשפּרינגען פונם בעט און אָפּטאַנצן אַ „מאַזורקע"...

איך האָב אים געבעטן ליגן רויק און ערשט באַמערקט, אַז אויף דער ברוסט ביי אים ליגט אַ פענכער מיט אייז.

— אייז? — האָב איך נאַיוו געפרעגט.

— יאָ. — האָט ער אָנגעוויזן אויף זיין ברוסט — אָט דאָ אינעווייניק ביי מיר... דאָס „שטענגל וויינטרויבן” האָט אָנגעהויבן קאַליע ווערן... איז אַ שאָד דער וויין זאָל זיך אויסגיסן... לייגט מען אייז, כדי עס זאָל איינפרירן... אַזוי ווי שאַמפּאַניער...

ער האָט געקוקט אויף מיר מיט אַ שפּיציקן להכעיס-שמייכל. מיטאַמאָל האָט ער גענומען מיין האַנט, זיינע — האָט געבריט.

די טיר האָט שטיל אַ סקריפּע געטאָן און די יידענע איז שטיל אַריין.

— שלמה... זי האָט אים געוויזן, ער זאָל שווייגן.

— גוט, מאַמע...—ער האָט זי ווי אַרומגענומען מיט אַ שמייכלדיקן בליק. זי איז שטיל פאַרשוווּנדן.

— דאַס איז מיין מאַמע... מען דאַרף קאָנען זיין אַזוי פרום, כדי צו קאָנען זיין אַזוי שטיל ווי זי איז...

ער האָט אַ בליק געטאָן, פאַרטראָגן אין דער ווייט:

— אָט וועט איבערלויפן דער ווינטער... דער האַרבסט איז פאַר אונזערע ברידער אַ שווערע צייט... מיטאמאָל זיינען זיינע אויגן וואַרעם און לעבעדיק געוואָרן:

— ווינטער איז אויך גוט... אַ ווייסער, בלענדנדיקער שניי... מיט בליצנדיקע שטערנדלעך... קאַלטע, שמעקנדיקע לופט... כ'וועל באַקומען האָנאָראָר פאַר מיין דערציילונג, וועט מען קאָנען אַרויספאָרן קיין אָטוואָצק... איר וועט קומען צו מיר... כ'וועל אייך באַקאָנען מיט דער ווייסער וועלט פון שניי... און זון... און... טויט...

און ער האָט זיך צעלאַכט מיט זיין דין מעטאַלן געלעכטער.

איך האָב מיר אַרומגעקוקט איבער דער אַלטער אָרעמער יידישער שטוב. די ווינקלען האָבן זיך אָנגעפילט מיט טונקלקייט. און פון דאָרט האָט אַרויסגעקוקט אַן אומהיימלעכע אַלטקייט. עס האָט זיך געדאַכט, אַז דאָ וואַכן נישטגעזעענע שאָטנס, וואָס באַוועגן זיך שטיל, נישט געזעענע ווי פאַרבליבענע אויף דער וועלט פון אַ געוועזן לעבן.

גילבערט האָט איבערגעכאַפּט מיין בליק און פלוצלונג איבערגעגאַנגען אין אַ שטילן געמורמל:

— איר געדענקט, ביי מיר... די דערציילונג פונם קלעזמער?... דער קלעזמער, וואָס איז מיין טאַטע... אָט, דאָרט, אין ווינקל ביי דער שאַנק, הענגט זיין פידל... אַ פראָסטער פידל... אַ ביליקער... אָבער דער ערשטער פידל, וואָס איך האָב דערקאָנט נאָך דוד המלכס... פון קינדוייז אָן.—דער טאַטע איז אַ קלעזמער... אויף אָרעמע חתונה... ווי קומט צו אים אַזאַ פרנסה? ביי זיין פרומקייט... ווען אַ קלעזמער איז אייביק ביי אונז אַן אַפּיקורס... אַ פּיפּיער ...ונג... כ'ווייס נישט.

ער האָט זיך פאַרטראַכט און, שמייכלענדיק, שטיל צוגעגעבן:

— כ'קלער טיילמאָל... אַז דער ייד, מיין טאַטע, מיט דעם משונהדיקן פידל איז אַ למד-וואָוניק... איר פאַרשטייט? אַ קלעזמער, וואָס ברענגט קיינמאָל גאָרנישט פון קיין חתונה... אין דער שפּעטער נאַכט הער איך, ווי די מאַמע רעדט שטיל... אַ קלעזמער זאָל קומען פון אַ חתונה הונגעריק? זאָל נישט מיטברענגען קיין כזית... אַפילו נישט קיין בולקע? און איך הויב אָן מורא האָבן פאַר דעם קליינעם, שווייגנדיקן ייד מיט דעם משונהדיקן פידל.

איך האָב געקוקט אויף דער אַלטער, טונקעלער שאַנק, וווּ עס איז געהאַנגען אַ רויטע, אויסגעריבענער פידל און עפּעס אַ מיסטישער אומרו האָט זיך מיר איבערגעגעבן.

גילבערט האָט זיך פאַרקלערט און פלוצלונג אָנכאַפּנדיק מיין האַנט, האָט ער ביז ווייטיק איינגעגראָבן אין מיר זיינע דאַרע שפּיציקע פינגער און מיט אַ מאָדנער פאַרטראָגנקייט געשעפּטשעט:

— אַן אָרעמער יידישער קלעזמער... וואָס האָט נאָך קיינמאָל פון קיין חתונה נישט מיטגעבראַכט אַהיים קיין בולקע... פאַר זיינע הונגעריקע... איר פאַרשטייט?

דאָס געפיל פון עפּעס אַ ראָמאַנטישער רעגונג, וואָס האָט מיך באַהערשט יעדעס מאָל, ווען איך בין געווען מיט שלמה גילבערט, האָט מיך געהאַלטן אין אַ זיסער געדריקטקייט. איך בין געווען פול פון דאַנקבאַרקייט פאַר דעם קראַנקן מענטש, וואָס האָט זיך געשאַפן אַזאַ רייכע וועלט אין דער אָרעמקייט, און פלוצלונג, ווי ער וואָלט געזען מיינע געדאַנקען, האָט ער מיט פולע אויגן סאַרקאַסטיש געלעכטער אויפגעהויבן זיין ווייסע דאַרע האַנט, אַדורכגעפלאָכטענע מיט בלויע אָדערן, דער אייז-פענכער איז אַראָפּגעפאַלן פון זיין ברוסט און זיין שטימע האָט שטיל געקלונגען מיט פייערלעכקייט:

— איר ווייסט דאָך נישט ווו איר געפינט זיך... איר זעט נישט, אַז דאָס איז אַ פאַרכישופט הויז? אַ קרישטאָלענער פּאַלאַץ... איר מיינט, אַז דאָס איז אַן אייזערן בעטל? דאָס איז אַ קעניגלעכער טראָן... דאָס הויז איז געבליבן פון דער „פּאָווסטאַניע”... דאָ האָבן געוווינט מיינע זיידעס... די ריטער.

זיינע ברוינע אויגן האָבן געשפּילט מיט אַן אויסערגעוויינלעכן גלאַנץ.

— אַרום דאָ... וווינען פרינצן און פרינצעסינס... די שענסטע פרינצעסין איז... דער שכנטעס טעכטערל פערעלע... זיבעצן יאָר איז זי אַלט... די בלויע אויגן מיט די שוואַרצע וויעס פאַרנעמען אַ האַלב פון איר ווייס פּנים... ווען איך בין קראַנק, קומט זי פרעגן וואָס איך מאַך... איך הער אירע טריט... איך הער איר שטים... און דער קוק, ווען זי פרעגט ביי דער מאַמען: „וואָס מאַכט שלמה?” וואָס ווייסט איר, געזונטע, ווי גוט עס איז צו זיין קראַנק... דערנאָך טרעף איך פערעלען אויף די טרעפּ, זי דערשרעקט זיך, איך הער ווי עס צאַפּלט איר האַרץ אונטערן בלוזקעלע.

— „וואָס מאַכן זי... שלמה?”

— „אַ שיינעם דאַנק”...

די שווערע וויעס ווילן זיך אויפהויבן, נאָר זיי שעמען זיך... איך קוק און דאַוון, אַז די איידעלע לאָדנס זאָלן זיך אויפהויבן... און ווען דאָס געשעט, בלייבט מיר איבער אַ בלויער בלאַסק, ווי אַ בליץ... אַ שטילער און אַ הייסער... אָבער פערעלע האָט מורא פאַר מיר... מ'האָט איר געזאָגט, אַז איך פאַרנעם זיך מיט פאַרהוילענע זאַכן... מיט ביכלעך עפּעס... מיט שוואַרצקינצלעריי... כ'האָב איר נאָך קיינמאָל

נישט געפּרוווט זאָגן פון מיינע חלומות וועגן איר... צי וואָס?...

... ס'וועלן איבערלויפן די פּאָר יאָר... די פּרינצעסין פּערעלע וועט שטיין אין מאַרק און האַנדלען... אָדער האָבן אַ געוועלבל...

... פאַרשמירטע קינדערלעך... דער דלות וועט זי אַריינפלעכטן אין זיין שפּינוועבס... און נאָר אויף לאַנג וועט פאַרבלייבן די שפּיל פון אירע אויגן...

זיין בליק האָט זיך פאַרגראָבן אין אַ ווינקל פונם טונקעלן חדר. ער איז, זעט אויס, מיד געוואָרן פון זעונגען. מיט האַלב־פאַרמאַכטע אויגן, מיט דעם רירנדיקן שמייכל אויף די ליפּן האָב איך אים איבערגעלאָזן און אַרויס פון דעם צעבראָכענעם הייזל מיט אַ גרויס, וואַרעם געפיל פון דאַנקבאַרקייט צו דער אָרעמער נעסט, וווּ עס קלאַפּט אַ גרויס, דיכטעריש לעבן...

* . *

טויזנט ניין הונדערט דריי און פערציק. ווייט, פאַנטאַסטיש ווייט, געפין איך מיך איצט פון יענער צייט, פון יענע טעג און פון יענעם לאַנד, עס דערטראָגן זיך צו מיר טויב די שוידער־קלאַנגען פון דער וועלט שחיטה. איך זע וואַרשע, די אַלטע, גרויסע וואַרשע, מיט אירע יידישע גאַסן, וווּ דאָס אייביק: יידישע פאָלק האָט פאַרלוירן זיין פאָדעם פון לעבן, איך זע די גאַסן, אויף וועלכע עס שפּילט זיך אָפּ די לעצטע, שוידערהאַפטע דראַמע, און איך זע די לעצטע, פאַרצווייפלטע שעה פון אומקום פון אַזויפיל טויזנטער באַקאַנטע נאָענטע, איז דען מעגלעך, איך זאָל ווען נישט קאָנען אין דער אָפּגעצוימטער שטייג פון דעם וואַרשעווער יידישן געטאָ? איך ווייס, יעדער שטיין און יעדער מויער, אויף וועלכן עס זיינען נאָך פריש די סימנים די טריט מיינע, און פון אַלע אַרום מיר.

אָט קומט די לעצטע שעה, די שטייג איז פאַרמויערט און פאַרהעמערט אַרום און אַרום, די קלאַנגען פון דעם מאַטערנדיקן טויט דערטראָגן זיך אַלץ נעענטער און נעענטער, די אַלטע קלוגשאַפט פון לאַנגע דורות יידן: צו לעבן ווייטער, צו געפינען אַ טרייסט און דערהאַלטן דאָס לעבן... צו קוקן אויף דעם ליכטיקן טאָג, ווי טרויעריק ער זאָל נישט זיין, האָט פאַרלוירן דעם זין... אַלע מוזן שטאַרבן. און דעמאָלט קומט דאָס לעצטע ביסל געזונטע בלוט פון פאָלק.

דער שונא האָט אָנגערירט די מעכטיקע אַרטעריע פון דער סאַמע טיף, און די זין פונם אַלטן פאָלק, וואָס האָט אַזויפיל יאָרהונדערטער געזוכט אַ וועג צו רו, טוען דעם לעצטן שפּיי אויף דעם שונא מיט בלוט און בליי... די אַלטע יידישע וואַרשעווער גאַס, אַלטע יידן, פון אַלטע שטובן, מיט זין, מיט טעכטער און קינדער צינדן זיך אָן מיט פייער, זיי זיינען ענלעך צו יענע, וואָס האָבן אויף די ווענט פון ירושלים געשיט מיט שפּאָט און פייער אויף די רוימישע סאָלדאַטן...

און דאָ, אין דער משונהדיקער ענגשאַפט, אין טויט־געדראַנג, צווישן פייער און רויך, שטייען אויף די טרוימער פון דער יידישער גאַס. די זינגער פונם פאָלקס־טרויער, פרייד און אומעט, די פאַרפייניקטע, פאַרשפּיגענע און פאַריאָגטע דורכן שונא — יידישע שרייבער. וואָס האָבן זיי געטאָן אין די טעג? איך ווייס נישט אויף וואָס פאַר אַן אופן דער שונא האָט זיי פאַרפּייניקט, אָבער וואָס עס האָט געטאָן אין די לעצטע שעהן שלמה גילבערט — ווייס איך, ווייל דער פאָדעם פון אונזער זעלן־נאָענטקייט איז נאָך נישט איבערגעריסן, איך זע דעם פאַרברענטן גלאַנץ אין זיינע אויגן, פון וועלכע עס איז פאַרשוונדן דער צאַפּלדיקער שמייכל און עס איז פאַרבליבן נאָר בלויז האַס און ווייטיק. און זיינע הענט, די בלייכע, דאַרע, צו־לאַנגע הענט, אויב עס איז פאַרבליבן אין זיי נאָר דער מינדסטער כוח, האָבן זיי געכאַפּט אַ מעסער אָדער אַ האַק, עפּעס אַ שטיקל געווער, וואָס האָט זיך שטענדיק געפּלאָנטערט אין זיינע פאָלקסטימלעכע, „שרעקלעכע“ מעשיות, וואָס האָבן זיך שטענדיק פאַרענדיקט מיט אַ הייזעריק געלעכטער פון אַ פריילעכן שד. אָבער אין דער לעצטער שעה איז מסתמא יעדער געווער שרעקלעך געווען אין זיין האַנט, ווען עס איז געגאַנגען אין שיצן דאָס אָרעמע, אַלטע וואַרשעווער הויז, וואָס האָט פאַר אים, ווי אַ קרישטאָלענער פּאַלאַץ אויסגעזען...

* . *

צענדליקער בלוט־שטורצן — גרויזאַמע אָרעמקייט און שווינדזוכט — די גילאָטינע פון די אָרעמע, האָבן אים נישט געקאָנט אומברענגען. שלמה גילבערט, דער יידישער אוילענשפּיגל, דער נייער, גייסטרייכער, וועלטלעכער הערשעלע אָסטראָפּאָלער, דער צאַרטער דיכטער, וואָס האָט געשפּילט מיט אַלע האַרציקע פאַרבן פון דעם פאָלקס־פּאַליטער, דער זון פונם וואַרשעווער יידישן פאָלק האָט זיך דערוואַרט אויף די פינצטערסטע טעג, ווען די היטלער־תּלינים האָבן איבערגעריסן דאָס פריידיק קלאַפּן פון זיין האַרץ, פון זיין לעבן צוזאַמען מיטן לעבן פונם גאַנצן פּוילישן יידנטום.

צי האָבן געוווּסט די אין שטאָל און אייזן פאַרקאָוועטע רוצחים וועמען זיי ברענגען אום? עס איז נישטאָ ביי וועמען צו פרעגן. עס איז נישטאָ ווער עס זאָל ענטפערן און נאָר אין די הערצער פון די, וואָס האָבן אים געטראָפן אין יענע דערהויבענע טעג פון יוגנט, ווען אין דער יידישער גאַס איז אויפגעגאַנגען די ערשטע בליונג פון אַ וועלטלעכער קולטור, וועט אייביק לעבן אַ בליענדיק געפיל פון ליבע און דאַנקבאַרקייט צו דעם קינדיש־ריינעם, פריילעך־טרויעריקן יידישן אוילענשפּיגל, אויסלאַכער און אָפּטוער, גייסטרייכן, דערביי אמת־שטילן פאַרקלעמטן, איידעלן עלעגיקער און דיכטער: שלמה גילבערט.

רחל ה. קאָרן

# מ ז ר ח

אָט אַהער מיטן פּנים איז מיין פאָטער געשטאַנען געווענדט,
קאָפּ און שטערן באַדעקט מיטן טלית ווייס־שוואַרץ —
אויף וועלדער, אויף לאַנקעס, פעלדער, זיך אָנגעשפּאַרט מיטן בליק,
בעת ס׳האָט אין אַ ווייטער נסיעה געלאָזט זיך זיין האַרץ.

עס האָט דער אַלטער עפּלבוים זיין שאָטן אויסגעשפּרייט
ביז צו דעם גליענדיקן מאַי, ביז צו דער אַרבעס־בייט,
און ווי אַ סטעזשקע טינקעלע צום סאַמע שוועל פון הויז,
אויף וועלכער ס׳האָט אַ בין מיין קינדהייט אויסגענייט.

עס האָט מיין פאָטערס שטילער, מורמלענדיקער ניגון,
ווי זשווינדלער בלעטער־פאַל, ווי שורשענדיקער זאַמד
אַרויסגעשפּאַרט דורך פענצטער און דורך אָפענער טיר
מיין ווילדן לויף פאַרשטעלט, מיין יונגע פרייד געצאַמט.

אפשר האָט דערמלט שוין דעם מדבר׳ס תענוגדיקער אָטעם
מיט אַנונג אַ סאַרפע געטאָן מיין האַרץ און מיין שטערן,
און כ׳בין געוואָרן אַזוי שטיל, ווי ס׳וואַסער ערב שטורעם,
ווען אַלץ קאָן נאָך געשען דורך נסים און דורך טרערן.

און אפשר האָט מיין בלוט דערפילט שוין אָט די שעה
געצייטיקטע דורך בראַנד, דורך מאָרד און דורך געוויין,
ווען כ׳וועל דאָ שטיין דער מדבר׳ס שטומער, גראָער זיווג,
און מיין איינציקע היים —
בלויז דער שאָטן, וועלכן ס׳וואַרפט מיין געשטאַלט,

און ס׳וועט די מדבר דאָן אַ בעטלערקע, אַן אַלטע,
אויסשטרעקן צו מיר איר דאַרע, איינגעשרומפּענע האַנט
פון האַרטע שטעכלקעס און סיפּקע טרוקענעם זאַמד,
צו מיר, דער נע־ונדניצע, אָן קלייד, אָן שיך, אָן לאַנד.

פערגאַנאַ, 1943

# ביים מדבר׳ס ראַנד

די צוויי רעדער פון אַרבע ווי ווינט־מילן־פליגלען
צעמאָלן דעם זאַמד און דעם שטויב און די לופט.
אויף פּעבערס פון שפּריכעס ציוועלף חלקים פון הימל —
באַפּעבלען די אימה ביים וועגראַנד, וואָס שלאָפט.

ווי אויסגעקראָכנע פעל פון גוססדיקער חיה
איז דאָס אויסגעדערט־רויטע גראָז ביים זוים,
וווּ ס׳ערוועקט זיך די שטילקייט פאַרן הימל
מיט אויסגעשטרעקטן פינגער פון אַ בוים.

און ווייטער — בלויז שאַקאַל־געוואַין און ווייסע, שמאָלע שפּור
פון טרערן זאַלציקע נאָך אור־ים טית און גלאָט
און קעמלענס הויכע פיס, ווי זשאַווערדיקע ווייזערס
אויף מדבר׳ס ברייט, ברוינעם ציפער־בלאָט.

די פרישע שפּורן נאָך מיינע טריט נעמען זיך אָן מיט בלוט
פון זון, ווי מיילער אויפגעריסן, גרויליק שטאַר,
זיי שרייען מיר נאָך און אינזאַמקייט פאַרלאָזטע,
ווען כ׳גיי מיין שווערסטן וועג צום לעצטן ברעג פון צער,

**תיקון־טעות:**

צוליב טעכנישע סיבות איז אין צוזאַמענשטעל פון רחל ה. קאָרנס לידער אַריינגעפאַלן אַ פאַרדריסלעכער טעות. די לידער דאַרפן געלייענט ווערן לויט פאָלגנ־

פֿאַרוואַקסן זענען איצט די סטעזשקעס און די וועגן
צו די בית־עולמס אַלטע און צו די פֿרישע קבֿרים,
אויף קבֿר־אָבֿות קומט דאָ בלויז פֿון צייט צו צייט דער ווינט
פֿון מזרח־זייט, פֿון מערבֿ־זייט, פֿון צפֿון און פֿון דרום.

איז ער אַראָפּ פֿון קרייץ, דער לעצטער ייִד פֿון געטאָ,
בלאָנקעט אַרום אַליין צווישן די פֿרישע קבֿרים,
ס'באַווייזט זיך דאָ און דאָרט זיין איינגעבויגענער גוף
ווי אַ בוים, אַן אויסגעוואָרצלטער דורך דונער, בליץ און שטורעם.

ס'איז תּפֿילותדיק זיין קול: „כ'וויל ליגן דאָ מיט אייך,
וואָס איר האָט מער פֿון מיר געליטן, שטיל און גלייביק —
איר האָט פֿאַרשעמט מיין טויט מיט אייער מענטשלעך וויי,
טאָ בלייבן זאָל דער קרייץ פֿאַרשעמט און פּוסט אויף אייביק...

...ווייט פֿון מיין לאַנד, איך גיי צום מידבריקן ראַנד,
איך, די גראָע יירשטע פֿון זעקס מיליאָנען קבֿרים
און אונטער מיינע טריט, גלייך, ווי אַ מאַרטער־ראָד
דער קרייץ, דער קרייץ מיט זיינע איינגעבראָכנע אָרעמס.

פערגאַנאַ — מאָסקווע 1944

# צוויי צוואות

עס האָט מיין פֿאָטער זיין צוואה געשריבן,
ווען ס'האָט געבליט דער אַלטער עפּל־בוים אין סאָד
און ס'האָט געפּרוּווט די צייטיקייט פֿון לופֿט
דער פֿלי פֿון בין, ווי זון־צעגליטער דראָט.

ס'איז אויף דער שפּיץ פֿון פֿען מיט שווערער טרער
געהאָנגען זיין נישט אויסגעשעפּטער טאָג
און זיך געפּרוּווט דורך דינעם שטריך באַהעפֿטן מיטן מאָרגן,
מיט יאָרן, מיט פֿעלד, מיט שטילן שוואַלבנפֿלוג.

און ווי אַ גוטער בעל־הבית, וואָס טרייבט פֿאַרנאַכט צונויף
און באַוואָרנט הינטער שלאָס די עופֿות און די רינדער,
האָט ער אין טונקלע, דריבנע אותיות פֿאַרמאַכט
די ליבשאַפֿט און די זאָרג פֿאַר ווייב זיינעם און קינדער.

און באַלד דערנאָך (ס'האָט פֿיאָלעטע זאָווערוכע
פֿון בלייענריקן בעז באַרעלט דאָס בעט, די ערד
ביים מינדסטן דריר פֿון ווינט) — האָב איך זיין קול געהערט,
ווי ער האָלט זיך פֿון ווייטנס נאָר וואָס אומגעקערט:

„ווייסט, חניע, כ'מיין, מען דאַרף דאָס קומענדיקע יאָר
פֿאַרזייען מיט הרענטשקע, אָדער פֿראַכע דעם „קלין" אונטערן וואַלד",
עס האָט געפּרוּווט אַ שמייכל טאָן מיין מאַמע, באַטש זי האָט שוין געוווּסט
אַז נס איר באַשערט אַליין צו ווערן אַלט.

עס האָט איערעס וואָרט פֿון פֿאָטער מיינעם
זיך אַנפּאַרטרויט, ווי זריער דער ערד, דעם ווייב און קינדער
און ס'האָט אין לעצטער זון געצייטיקט זיך זיין טרוים
מיט תּבֿואה און מיט וואַלד, מיט ליבשאַפֿט און מיט וווּנדער.

און איך — ווען ס'וואָלט געקומען איצטער גראָד מיין שעה,
מיט וואָס וואָלט איך געקאָנט זיך געזעגענען צו דעם טויט —
איך, דער בעל־חובֿ ביים מאָרגנדיקן טאָג
אויף מיין אָרעמען חלק ברויט?

געגאַנגען איז אזוי אַמאָל די יינסט הגר
געיאָגט דורך האַרינס צאָרן פון בעט, פון שטוב, פון שוועל,
בכדי עס זאָל איר זון נישט ירשען כנענס פעלד,
נישט שטערן לייכטע וואָל פון לעמערס ווייכער פעל.

ס'זאָלן די ברייטע אַקסל פון אברהמס בכור
נישט זיין סכנה פאַרן שפּעטלינג פון שרהס אייגן לייב,
איז אויפגעשטאַנען זי, די מוטער פונעם שטאַם
קעגן דעם קרבן, וואָס זי האָט געבראַכט אַמאָל אַלס ווייב.

און ס'האָט געמוזט אַוועק די יונגע יינסט הגר —
זיך אָפּגעשטעלט אַ ווייל לעבן דעם לעצטן בוים,
זיך אין זיין שאָטן איינגעהילט ווי אין אַ ווייכער שאַל,
דער מדבר לעצטער טרייסט, איר אויסגעגרינטן טרוים.

געגאַנגען איז אזוי יהודהס טאָכטער, מריב,
וואָס האָט פאַרמאָסטן זיך אין מוטערלעכן שטאָלץ
אויף הימל פאַר איר זון, — און ס'האָט נביאיש־קלוג
געוואָרנט זי בשתיקה פון הפקר־בוים דאָס האָלץ.

דאָרט, ווו סע ענדיקט זיך דער איילבירט און דער ווייַן
און ס'לעשט זיך אויס אין זאַמד דער בלאָנדער צאָפּ פון ווייץ,
איז איר פון לעצטן בוים דער שאָטן נאָכגעלאָפן
מיט די אויסגעשטרעקטע אָרעמס פון אַ קרייץ.

און איך גיי דאָ די לעצטע פון אַ דור,
וואָס אייפגעמאָנט האָט ביי דער וועלט זיין חלק
פון הימל און פון ערד — דעם הימל, וואָס צעאַקערט
די באָבעס מיט די תפילות זייערע פרום און הייליק,

פון ערד, וואָס ס'האָבן אור־זיידעס צעלייגט מיט שאַרפן פלוג
ביז צו דעם טיפסטן, שמעקעדיקסטן גרונט
און זיך פאַרקנסט מיט איר אויף לעבן און אויף טויט,
דורך שווייס און בלוט מיט איר באַנייט אויפסניי יעדן בונד.

ס'האָט אונטער פוילנס טאָפּאָליעס אין אָוונט פאַרטראַכטע
זיך אויסגעצאַניקט זייער טרוים פון ווייטן לאַנד כנען
און אין שבתים לויטער־מילדע זונען פון תנ"ך
אַרויס גלילער בערג זיך שפּיגלען אינעם סאַן.

און ביי די ווערגאַנדן פאַרטרוימטע אונטער ריפּעס,
ביי לאַנקעס הערעטשקע בליענדער און כוואַליענדיקן ווייץ
האָט זיי באַגעגנט דער, וואָס האָט געבראַנגט צו שלעפּן
פון דאָרט דעם דורותדיקן טרויער און דעם שווערן קרייץ.

זיין פנים אויסגעדאַרט דורך פּיין, דורך ליבשאַפט קלוג,
האָט נאָכגעשמייכלט זיי ביים שטילן זון־פאַרגיין:
„אויך מיך האָט דאָ אַהער געבראַכט גאָלגאָטאַס וועג
און גלייך ווי איר האָב איך געפונען דאָ אַ היים".

ס'איז דורכגעאַלערט איצט די ערד מיט געביין
פון אַלע די, וואָס האָבן זי געבראַכן און פאַרזייט,
וואָס האָבן פרילינגס־צייט געגרויזעט נייע פלויטן
און חשוון־צייט דעם דאַך מיט פרישן שטרוי באַנייט.

געבליבן זענען בלויז נאָך זיי אויף בוידעמס ספרים
און מעטריקעס פון קינדער ערגעץ אין אַ שאַנק,
אַ בריוו, אַ ליד, וואָס קלאַפּט נאָך אויס דעם ריטם פון זייער בלוט
און צייטיקט זיך מיט נישט פאַרענדיקטן, פאַרעקשנטן געדאַנק.

ס'וועט בלייבן נאָך מיר בלויז מײַן איינציקעס קלייד,
אַ שטיק אַלטע, גראָע, אויסגעפּראַסטע טרויער
און דאָס לעצטע, זײַדענע, צעריסענע העמד,
ווי אַ חשבון, אַ קלאָרער, גענויער.

ס'וועלן בלייבן די שיך, אויסגעקרומטע און דאַרע,
ווי סימנים נאָך אַ לאַנג און פאַרעקשנט געגייי
מיט יאָרן אין די לאַטעס, מיט שרעק אין די נעט
פאַר רעגן און שניי, פאַר גרויע און שטיין.

ס'וועט צוליגן ס'אויער די שימליקע וואַנט
צו מײַן הייסער, פאַרשמאַכטער ליפּ,
כ'זאָל פאַרטרויען דעם סוד פון אַ לעצטער פאַרגעבונג
דער איינזאַמער הפקרער שטוב.

נאָר גיין וועט מיט סטעשקעס פון קינדהייט און היים
נאָכאַמאָל מײַן בענקשאַפט אין דער שטילסטער מינוט
און מיט בלוטשטורץ פון ווערטער, אָפּגעהאַקטע און קורצע,
וועט אַ שפּאַר טאָן די סטראָפע
פון מײַן לעצטן, נישט פאַרענדיקטן ליד.

פערגאַנאַ, 1943

---

חיים גראַדע

# דער מאַמעס צוואה

## א

ס'דערווייטערט זיך, מאַמע, פון מיר דײַן געשטאַלט,
און ווערט, ווי פאַרטאָג די לבנה אַלץ בלאַסער,
נאָר בלאַנדזשעט דײַן טרער אין דעם נעפּל און שטראַלט,
און שטאַרבט אין מײַן בליק ווי דער טאָג־שײַן אין וואַסער.
ביז ווייטיק איך שטרענג מײַן געדעכעניש אָן,
אַרויסרופן וויל איך דאָס ליכט פון דײַן פּנים,
מײַן אייגענעם קערפּער וואָלט איך אויסגעטאָן,
און דיך צו באַלעבן מיט לײַב — אָנגעטאָן אים.
נאָר ווער קען פאַרפּרעסן אין דלאָניע דעם טויט —
דײַן אָנבליק רינט אויס פון מײַן מוח דעם מידן,
דו פאַרשווינדסט, ווי אַ זעגל־שיף רויק אין בלוי,
און הויך ביז מײַן האַרצן די אָפּגרונטן זידן.

נאָר ס'טרעפט, אַז איך ליג מיט אַ קאַלטן געזיכט,
ווי אַ שטיין אויף אַ קבר — אַ שטומער, אַ בלײַכער,
טאַפּט אָן מיר אין טונקל אַ שטרייך אומגעריכט,
און מײַן שטײַניק פאַרשלאָסן געזיכט ווערט דאַן ווייכער.
פּאַמעלעך מײַן קאָפּ צו דער טיר דריי איך אויס,
ווי ס'דרייט אויס אַ קראַנקער דעם קאָפּ צו זײַן רעטער, —
דו שטייסט, אויפגעשײַנט, אויפן שוועל פון מײַן הויז,
און ליכסט אין דער נאַכט ווי אַ לאָמפּ צווישן בלעטער,
און פריש איז דײַן גוף, ווי געטובלט זיך דײַן
וואָלסטו זיך ביי שׂרהן אין שיס־איי גן־עדן,
וווּ דו ביסט אַ קינד שוין געוואָרן אַליין,
און שטיל איז מיט ליבשאַפט דו נעמסט צו מיר ריידן:
— נישט קלאַמער, מײַן קינד, אַז מײַן שאָטן זיך מער,
פאַרגעס וויפל איך האָב געליטן בײַם שטאַרבן.

און אויב מיט מיין אָנדענק איז לעבן דיר שווער—
פאַרגעס אויך מיין פנים, די אויגן, די קאָרבן.
נאָר ווייגען וועל איך אין מיין קבר פאַרשעמט,
איי שטויב מיין געביין וועט קיין רו נישט געפינען,
אויב איך אין דיין האַרצן וועל ווערן דיר פרעמד,
און ס'וועט מיין צוואה אַרויס פון דיין זינען:
געדענק דיינע ברידער, דיין שטאַם נישט פאַרגעס,
דו זאָלסט אין זיין צער מיט דיין טרייסט אים דערפרייען,—
ווייל לעבן געבליבן ביסטו דורך אַ נס,
און איך האָב גענומען אויף זיך דיינע ווייען.
ווען באַרוועס געשטאַנען בין איך ביי דעם ראַנד,
געזען האָב איך דיך און דורך טרערן געשמייכלט,—
ווי איינער וואָס קומט אָן אין הייליקן לאַנד,
און לאָזט זיינע שיך ביים אַריינגאַנג אין היכל...



אויב דו ווילסט, מיין זון, ניט פאַרשטערן מיין שלאָף,
און שטראָמען דיין לעבן זאָל ברייט און געלייטערט,
נישט אומוואַרפן זאָל מיך דער שוואַרצער אין־סוף,
אַזוי ווי דער טייך אַ דערטרונקענעם שליידערט—
הער אויס מיינע רייד, און פאַרנעם מיין געבאָט:
עס זיינען אין יאוש דיך פחדים באַפאַלן,
און ס'מאַטערט דיך ווי א פאַרבאָרגענער סוד,
דאָס אַלץ וואָס פלעגט אָפן אין פנים מיך שטראַלן.
אין נאָט האָב איך פרום און פאַרצייטיקט געגלויבט,
די פייניקונג האָט נאָך פאַרשטאַרקט מיין פאַרטרויען,
און דו האָסט אַליין פון דיין רו זיך באַרויבט—
א שטרויכלונג איז דיר וואָס פאַר מיר — אַ נסיון.
וועד ס'האָט אין זיין לעבן געליטן ווי איך,
דער ווייס, אַז עס ווינט נישט דער מזל אויף שטערן,
און לעשט זיך נישט אויס אין דער פינצטער, אויף גיך,
ווי לאַנג אין די אויגן נאָך לויכטן די טרערן.
מיין האַרץ נישט געוווסט האָט פון מורא פאַר טויט,
ווייל איך האָב געזען אין די קנייטשן פון נפטר—
אַ ליכטיקייט ציטערט פון אונטער זיין הויט,
ווי ער וואָלט געשמייכלט אין זיך אַ פאַרטיפטער.
נאָר דיך האָבן ספקות צערודערט, מיין קינד,
איז זיינען באַפאַלן דיך נאַכטיקע שרעקן,
איך וואָלט ווי אַמאָל פאַרן רעגן און ווינט,
געוואָלט מיט מיין קערפער דיין אימה פאַרדעקן.
זאָל אויפגיין אין דיר פון דיין מאַטערניש — מוט,
אַזוי ווי פון פינצטערניש קומט דער באַגינען;
געבויגן צום שפור פון דיין אייגענעם בלוט,
זאָלסטו אין דיין גלויבן נחמה געפינען,
ווי איך נאָך דער וואָר האָב געפונען אַ טרייסט
אין שבת, אין אָפרו און דיינע ניגונים;
און יעקב אבינו, אַזוי ווי דו ווייסט,
געפונען האָט רחלען נאָך וואָגלען—ביים ברונים.
איך וויש אָפּ ווי שווייס פון דיין שטערן — די שרעק,
ווי די זון אין אַ טייך, זאָל זיין קיל דיין שוואַרצאַפּל,
און אויב דו גייסט ווייטער ווי איך בין אַוועק—
איז גיי! און זאָל זיין יעדער שוועל דיר אַ שטאַפּל!
און קומסטו אין גאָלדענע טירן אַריין,
וועט פאַרבטיק דיין מאַמע צום שוועל זיך געגענען,
דיין פנים זאָל אבער דער זעלביקער זיין,
איך זאָל אין דיין פנים דיין טאַטן דערקענען.

## ג

איך וואָלט אין דער פינצטער שוין רויק געלעגן,
דיין קרעכץ אָבער רייסט מיך פון גליווער אַרויס,—
ווען איך וואָלט געהערט דיין געוויין ווי דעם רעגן,
וואָלט איך כאָטש געוווסט, אַז דו לייטערסט זיך אויס.
נאָר ס'האָבן די טרערן אין דיר אויסגעטריקנט,
אַ קללה דיין האַרץ האָט פאַרשפאַרט ווי אַ שטיין,
און דו מוזט זיך שטום אין די ווייטיקן שטיקן,
און איך בלויז, דיין מאַמע, דערהער דיין געוויין.
ביים בראָך פון דיין פאָלק, ביי דעם גזר אויף דיין מאַמע,
האָסטו נאָך אַ ווינקל פאַר אַנדערע פיין—
איז שעמען די טרערן זיך קומען מיסתּמא
צו דיר – און זיי זינקען אין אָפגרונט אַריין.
נאָר וואָס ס'איז דער הימל אפילו נישט מוחל,
איז מוחל אַ מאַמע... און אַלץ זע איך צו,
וואָס ס'האָט ניט ביים לעבן באַנומען מיין שכל,
באַנעם איך אַצינד: נישט באַשיידן ביסטו!
אָ, גאָט מיינער! יואָלטן פאַרצערט דיך געדאַנקען,
אַזוי ווי דיך האָבן די גלוסטן פאַרצערט,
קאָן זיין, ס'וואָלטן מענטשן מיין מוטער־טראַכט דאַנקען,
וואָס דו זייער האַרץ האָסט צום אמת באַקערט.
נאָר דיך האָט געפאַנגען דער גייסט דער נישט גוטער,
דאָס לייב פון דער פרוי האָט צו זיך דיך פאַרפעכט;
פאַרבאָרגן דיין ווייטיק האָסטו פון דיין מוטער,
געשטאַנען בין איך פאַר דיין בעט אין די נעכט,
אַ לעמפל אין האַנט, און געכליפּעט פאַרשולדיקט,
צי שרייט עס דורך דיר נישט מיין בלוט און מיין זינד?
אַ לעבן האָב איך אָפּגעליטן געדולדיק,
מיין זינדיקייט נישט אויפגעריכט האָט מיין קינד.
אַנטלאָפן ביסטו פון דיין מזל דעם גוטן,
וואָס האָט פון דער שטיל דיך אַנטקעגן געקוואָלט,
געמיינט האָט דיין יוגנט: פאַר גליק דאַרף מען בלוטן,
און דאָס ניט באַשערטע—דערגרייכט מען מיט גוואַלד.
און איצט, ווען דער טויט־שניט מיין קאָפּ איז אַריבער,
און דו ביסט געבליבן—איין צווייג אויף מיין שטאַם,
רופט אָפּ אין דיין גוף זיך דער זומפּיקער פיבער,
רופט אָפּ זיך אין דיר דער אַמאָליקער סם.
געבלענדעט ביסטו און פאַרסמט פון דער תאווה
צום רייץ, וואָס האָט דיך אין דיין לעבן נעפעלט.
כאָטש נישט צו דערגרייכן פאַר דיר איז עס סיי ווי,
כאָטש פאַלש איז איר בישוף און אָטעמט מיט קעלט.

מיין זון, איך טו אָן אויפן טויט זיך אַ בח,
און גראָב זיך אַרויס—דיר צו ווייזן דעם וועג,
די תמימות וואָס דאָ איז אין דיר נאָך—געטרוי איך,
אַז דו וועסט נאָך אויסשטראַלן ליכטיקע טעג.
געפין אין דער חורבה אַ שטיין פאַר אַ ווינקל,
אוי זיין אַ מצבה נאָך מיר—וועט דיין הויז,
ווי אַ טרער אין אַ בלינדן שוואַרצאַפּל – נאָך פינקלט
אַ פלאַנץ אין דעם שטויב – און לאָזט בלעטער אַרויס.
און נעם זיך אַ ווייב, וואָס זי זאָל נישט פאַרשעמען
דעם כבוד פון יענער, וואָס האָט דיך פאַרלאָזט.
ווי פאַרהאַנגען האָבן פאַרשטעלט אירע ברעמען
איר טריישאַפט, וואָס האָט איר דאָס לעבן געקאָסט.
זי האָט אָפּגעקערט זיך, זאָלסט קאָנען פאַרבייגיין – – –
אָ, ס'טרעפט מיין זכרון אַזוי ווי אַ וווּנד!
איך זע, ווי דו ציטערסט מיין קינד – וועל איך שווייגן,
נישט אויסרייסן וועל איך דיין האַרץ ביזן גרונט.
אויב ס'וואָלט די חרטה דיין האַרץ נישט צעריסן
באַהאַלטן אין אָפּגרונט וואָלט איך זיך פאַר שאַנד

דיין צער אָבער לאָזט נישט מיין גרוב זיך פאַרשליסן,
און איך שטרעק דיך אויס, ווי אַ בלינדן די האַנט.
איך ברענג דיך אַ גרוס פון איר לייב דאָס געטרייע,
אויף טויזנטער וויאָרסטן זי ליגט אָפגעשיידט. —
וווּ ליגט זי — דאָס ווייס נאָר דער שם פון הוויר,
איר שיין אָבער ברענג איך צו דיר ווי איר קלייד.
אַלץ טיפער פאַרזינקט זי אין שווייגן, אַלץ טיפער,
וואָס מער איר געשטאַלט פון דיין האַרצן רינט אויס,
און ווי עס דערווייטערט פון ברעג זיך דער שיפער,
ביסטו שוין אַליין אויף די כוואַליעס אַרויס.
דו וואָלסט נישט געקאָנט אַזאַ אומגליק באַהויבן,
ווען דיר נאָר אַליין וואָלט געטראָפן דער בראָך,
נאָר דער וואָס מיליאָנען אַבלים גיט גלויבן —
אויך דיר גיט אַ טרייסט און אַ האָפענונג נאָך.

## ד

כ'זינג אַ ליד דיר, אייניקל, מיין נישט געבוירענער,
ווען דו וועסט מיט מזל־גליק געבוירן ווערן,
וועט דיין טאַטן, אין זיין טרויער אַ פאַרלוירענער,
און אין קבר, מיר דיין באָבען — גרינגער ווערן,

זע, דיין טאַטע ליגט פון ווייטיק אַ באַנומענער,
וויל זיין פנים צו פרימאַרגן מער נישט ווענדן,
וועק־זשע אים, מיין אייניקל. נאָך נישט געקומענער,
ביז ער וועט דערפילן דיך אין זיינע לענדן.

אין מיין בלוט, דורך הענט דורך רוצחישע פאַרגאָסענע,
האָב איך אים, מיין קינד, דערזען ווי אין אַ שפיגל, —
פון דעם זאַמד זיך אויסגעגראָבן אַ דערשאָסענע,
און צונויפגעלייגט די אָרעמס ווי אַ וויגל.

ווי מען רופט אַ פייגעלע, האָב איך, מיין אייניקל,
דיך גערופן, קומען זאָלסטו לייבט צו שוועבען, —
איך האָב דיך גערופן מיט אַזאַ געוויין אין קול,
ביז דו האָסט אויף מיינע הענט גענומען לעבן.

זע, ער ליגט אין גליווערניש אַן אָבגעזונדערטער,
און ער וויל נישט עפענען די מידע אויגן,
זאָל ער הערן דיין געלעכטער אַ פאַרוואונדערטער,
נעם אַרום אים ליבטיק ווי אַ רעגנבויגן.

קלינג אין אויער אים, און רייס אים מיט די הענטעלעך,
זאָל ער זייער זיסקייט אין זיין מויל דערפילן;
קינדער זיינען דאָך ווי ספר־תורה־מענטעלעך,
נאַקעטקייט פון טאַטע־מאַמע צו פאַרהילן.

פון קבר, פון קבר איך פיר מיטן שונא אַ קריג,
מיין שטאָם צו פאַרשניידן האָט ער זיך פאַרשוואָרן,
נאָר איך האָב מיין האָפענונג ליגן אין קינדערשן וויג —
און זיין וועט דאָס קינד די ירושה פון צאָרן
פון זיידעס, וואָס האָבן די שוואַרצע שלוחים פון טויט
דערשראָקן — מיט זייער פאַרביסענעם ביטול,
ווי ס'וואָלט זייער לעבן געווען אין יום כפור — אַ קנויט,
וואָס שמעלצט אויס צו נעילה זיין שיין אויפן קיטל;
זיי האָבן זיך אין די יסורים פאַרהילט מיט געזאַנג,
ווי אין זילבער־עטרות ביז איבער די אויגן, —
און ס'האָט איבער זיי זיך די ערד נאָך אַרומגעוויגט לאַנג,
ווי דאָרט וואָלט זיך נאָך דער יום כיפור געצויגן.

פון קבר, פון קבר איך פיר מיטן שונא אַ קריג,
פאַרשוואָרן דאָט ער זיך מיין שטאָם צו פאַרשניידן,
נאָר איך האָב מיין האָפענונג ליגן אין קינדערשן וויג —
אַ ערב פאַר אים איז מיר גאָט, מיינע ליידן!
און טראָגן וועט ער מיינע אויגן אין מארך איינגעוועבט,
דערזען וועט ער זיי אין אַ טאָג פון נסיון, —
דאן טיעלן זיי אַנזויגן אים מיט עקשנות וואָס לעבט
אין אונז אַזוי לאַנג ווי די הימלען נאָך בלויען;
די אויגן, וואָס איך האָב צו אים פון דער ווייטן געווענדט,
ווען איבער מיר האָבן געדעגנט שוין קוילן, —
געפאַלן בין איך — און צו אים אויסגעצויגן די הענט,
און שטאַרבנדיק — האָב איך אים לעבן באַפוילן.

מאָסקווע, סעפטעמבער, 1944

---

## לעא פינקלשטיין

# איבער די גאַסן פון מיינץ און וואַרשע

1.

איז אייך אמאָל נישט אויסגעקומען אין די יינגל־יאָרן האלטן אין האַנט דער מאַמעס ימים נוראימ־דיקן מחזור. איר געדענקט אים מסתמא, אַן אלטע דייטשע אויסגאבע, א בייכיקער, געבונדן אין גרויער לעדער, באַשלאָגן מיט מעטאַלענע לוחותלעך, אויף וועלכע עס זיינען געווען אויסגעקריצט צען רוימישע ציפערן, וואָס זאָלן באַצייכענען די עשרת הדברות. דער מחזור האט זיך פארמאכט מיט אן אויטאמא־טיש קלאַפשלעסל. איר עפנט די געלייטשטע טעוועלעך, אויפן שער־בלעטל זאָגט זיך, אז די תפילות זיינען געשטעלט מיט ליכטיקע אותיות, די עברי־טייטש־איבערזעצונג איז געמאַכט מיט גרויס פלייס קלאָר און דייטלעך, כדי „עס זאָלן פארשטיין גרויס און קליין". איר בלעטערט ווייטער, דאָס אויג פארהאלט זיך אויף די ערשטע צוויי זייטלעך. א לאַנג געגראמט ליד געזעצט מיט גאָטישער שריפט; אין עפּיש־לירישע שורות דערציילט דאָס דאָזיקע ליד אויף דייטשיש־לשון וועגן די אויפטרייסלענדיקע איבערלעבונגען פון לויטערן קדוש ר' אמנון פון מיינץ, דעם מחבר פון „ונתנה תוקף". נישט קאָנענ־דיק אנטציפערן דאָס ליד איז מען דאך נישט אוועק פון אים אינגאנצן ליידיק, ווייל די צוויי פרעמד־קלינגענדיקע ווערטער „אמנון" און „מיינץ" נאָבן באוויזן געשווינד זיך איינדרוקן אין זכרון און אויפ־וועקן די יינגלשע פאַנטאזיע.

די געדאנקען הייבן אָן בלאָנדזשען אין נעפּל. הייסט עס, אז דער ווייס־קיטלדיקער יום־טוב ראש־השנה איז נישט אנטשטאַנען אין אונזער פוילישע שטעטל און איז נישט באַשטימט בלויז פאַר אונזע־רע יידן. די הארציקע תפילה „ונתנה תוקף", וואָס איז ווי צוגעפאסט צו אונזער צעבראָכן געמיט, איז גאָרנישט געבוירן געוואָרן אין אונזער סביבה און איז נישט באַשטימט רק פאַר אונזער חזן, וועלכער האט מיט זיין מסיקותדיק געציקלט געזאנג ארויס־געפרעסט ימים טרערן אין דער וויבערשער שול.

ניין, ר' אמנון איז נישט קיין היימיש־פוילישער ייד, ער האָט געלעבט אזש מיט טויזנט יאר צוריק אין א לאנד, וואָס געפינט זיך העט־ווייט פון אונזער שטאָט־שול, ערגעץ אין גרויסן העסער־דארמשטאטער הערצאָגטום. די אלמנה פון קדוש האט בשעתה שוין אוודאי קיינמאָל מער נישט חתונה געהאט, ווייל דאָס געדעכעניש פון איר מאן האָט דאָך ווייטער געלעבט אין פארשידענע פנקסאות, דערהויפט אין אלט־מיינצער „מימורבוך", אין וועלכן ס'ווערן אויסגערעכנט די מארטירער: „און זאָל דער באַשע־פער דערמאנען די נשמות פון אלע קהלות־מיטגלי־דער, וועלכע זיינען געוואָרן דערהרגעט, פארשטיי־נערט, פארברענט, געשאָכטן, דערטרונקען, ראָדגע־בראָכן, געהאָנגען, לעבעדיקערהייט באגראבן אין דער ערד, דערפאַר ווייל זיי האבן נישט געוואָלט אָפּטרעטן פון זייער גלויבן".

* *
*

זייט יענע יינגל־טעג זיינען שוין אָפּגעלאָפן אסך וואַסערן, די פארביק־מארטירערישע „פּאַסיאָנאַל־לע־גענדע" האט זיך וואָס אמאָל מער אָפּגערוקט אין הינטערגרונט. אויף איר ארט האבן זיך ארויסגע־רוקט גאנץ אנדערע וועלט־שפּירונגען און לעבנס־באַשטרעבונגען. די ווייטערדיקע טעג זיינען געווען שטורמישע, אָנגעפילט מיט הארטן קאַמף פאַר א נייעם וועלטבאַנעם. די נייע שטייגער־און־משטערן זיינען געווען אנגעגלאָדן מיט שאַרפע געזעלשאַפט־לעכע קאָנפליקטן, וואָס האָבן אונז געהאלטן אין איין דערווייטערן פון דער אמאָליקער ונתנה תוקף־אַטמאָס־פער. אין לויף פון די געשעעענישן זיינען די אמנון־מיינץ־געפילן כסדר אראָפּגערוקט געוואָרן טיפער אין אונזער אונטערבאַוווסטזיין און דערביי האבן מיר גאָרנישט פארשטאנען, אז זיי זיינען אין אונז נישט אונטערגעגאנגען אויף שטענדיק. זיי האבן לכתחילה א בליץ געטאָן, כדי זיך שפּעטער שוין קיינמאל מער נישט צו לעשן, ווייל זייער תוך איז לאַנגער היסטארישער אָטעם, וואָס וויקלט זיך

צווישן צוויי פלאמען: קידוש השם און דער־לייזונג. זיי האָבן אין אונזער גייסטיקן אינגע־ווייד פּאָטענציעל געדויערט עקשנותדיק ביז זייער נייער אויפלעזונג, ד. ה. ביז עס איז געקומען דער שעת הכושר און זיי זיינען ביי אנטשפּרעכנדיקע געשיכטלעכע באדינגונגען ווידער אין א נייעם גל־גול אויפגעשוועמען אויף דער פלאך פון אונזער רייפן באוווסטזיין.

אוודאי האבן אין אונזערע צייטן די יידישע מאסן געגעבן הערןאישע געשטאלטן, דערלייזונגס־מארטירער. די ווילנער גאסן — הירש לעקערט, די ווארשעווער — ברוך שולמאן און לעמבערגער — נפתלי באָטווין. זייער מארטירערישקייט איז פון גאר הויכן עטישן ווערט, ווייל זי איז קודם כל אן אקטיוו. זיי האָבן געהאנדלט אין נאמען פון אן עפנטלעך אָנגעקינדיקטן גרויסן דערלייזונגס־אידעאל, וועלכנס אָנהענגער זיינען געווען אין אָרגאניזירטן פּאָליטישן אָנגריף.

די לעצטע זעקס יאר אבער האבן אונז גע־שטעלט פאר אן אויסטערלישן מאסן־נסיון, פון וועלכן ס'איז נישט געווען קיין שום אויסוועג, אפילו ווען עמיץ וואלט געשטרויכלט געווארן מיטן געפיל פון נאציאנאלן פאראט. דאס איז על פּי רוב געווען א דעטערמינירטער און באגלייך פּאסיווער הערא־יזם, וואס האט פּאָרדאקומענטירט די רישעותדיקייט פון דער היינטיקער וועלט, סיי פון אומקיטלבארע מערדער און סיי פון די, וואס האבן זיך גלייכגילטיק צוגעקוקט צום שוידערלעכן ספּעקטאקל. נישט מינער איז דערמיט פּארפּיקסירט געוואָרן די אימאַ־נענטע טראגישקייט, וואס איז פארוועבט אין עצם־פאקט פון אונזער ביאלאגישער און מיִלא אויך נאציאנאל - באוווסטזיניקער אָנגעהעריקייט צום יידישן פאלק. דאס אליין האט שוין פאר אונז גע־טראגן דעם אומאפּרופלעכן נאציסטישן גזר דין פון טויט. די דאזיקע זעקסיעריקע דייטש־בארבארישע־בלוט־אָרגיע מיט אירע אלגעמיין פּסיכאלאגישע אומשטענדן ווי אויך מיט דעם באזונדערן ארט רעאגירן מצד די פאַרפייניקטע טרייסלט אויף אונ־זער היסטארישע באוווסטזיין, וואס זוכט אויף דעם שטח פון אונזער פארגאנגנהייט אן אנקניפונגס־פּונקט. און ס'איז נישט צו פארלייקענען, אז אין דאזיקן מאמענט ציט זיך עפּעס ווי פון זיך אליין אן אומזעבארער פאָדעם צו יענעם פּונקט, ווו ס'איז איבערגעריסן געווארן אונזער נעפלדיק אמונן־מייניק־געפיל. מיר שפּירן בחוש, אז דא קרייצן זיך צוויי באזונדערע פארמען פון איין און דערזעלביקער גורל־געמיינשאפט.

* *
*

פאר אונזערע אויגן דערשיינט פּלוצים די וואונ־דערלעכע שטאט מיינץ אדער ווי זי ווערט גערופן אין די יידישע ספרים מגנצא, די שטאט פון וועלכער עס טראגט זיך דער אראמאט פון אלט־יידישן שטייגער אין אייראפּע, איינע פון די סאמע עלטסטע און מיוחסדיקסטע קהלות אין אשכנזים־לאנד. אין דער דאזיקער שטאט האָבן דאך יידן שוין געוווינט אין די צייטן פון דער רוימישער הער־שאפט און דערפירט זי צו מאכט און פּראכט; פונ־דאנען האבן יידן געפירט סחורות איבערן מיין און ריין.

במשך פון צענדליקע דורות, האט דאס יידי־שע מיינץ געבליט און אנטוויקלט געוואקסן אין שטייגער־ארגאניזאציע, זיך געצייטיקט אין גדולה און געאיידלט אין תורה, דא האט געווירקט דער גרויסער תלמודישער אויטאריטעט ר' גרשום, וועל־כער ווערט באצייכנט ווי א „מאור הגולה". דא זיי־נען געווען טעטיק גרויסע ישיבות אונטער דער אָנ־פירערשאפט פון יהודה הכהן, אליעזר בן יצחק הג־דול, יעקב יקיר א. אנד. דא האבן געלעבט ליטור־גישע דיכטער דערהויפט פון דער באגאבטער משפ־חה קלונמס, וועלכע האבן געשאפן טיף־דירנ־דיקע סליחות, קינות און ליריש פּיוטים.

די דאזיקע עיר ואם בישראל האט געהאט איר באזונדערן פּאליטישן גורל. ביי דער גאנצער איינ־געזעסנקייט האט די דארטיקע יידישע באפעלקע־רונג אדורכגעלעבט א קייט רדיפות און נגישות. פון איין זייט האט זי באוויזן צו ארגאניזירן דאס יידיש־געזעלשאפטלעכע לעבן דורך קהלות און סי־נאָדן, וואס האָט אירע איינוווינער שטארק צוגע־בונדן צו זייער היימשטאט, מיינצער יידן פלעגן זיך גרויסן, אז זייער שטאט איז, „די עלטסטע, פיינס־טע, און בעסטע צווישן אלע קהלות אין לאנד". פון דער אנדערער זייט האבן זיי אויף דער אייגענער הויט אדורכגעלעבט די שווערקייטן פון אלע קרייץ־צוגן, וואס זיינען קודם כל געווען פארבונדן מיט שווערע גזירות, פּאגראמען, שרפות און גירושים.

אפילו דער פרום־גלויביקער „מאור הגולה" איז ארויס פון זעלישן גלייכגעוויכט און אדרעסירט צום באשעפער א פאר פרייע קלאג־ווערטער. אין זיי־נע „סליחות" קלאגט ער זיך:

„מיר ווערן פארפאלגט פון שוידערלעכע בלבו־לים, מיט וואס האבן מיר זיך פארשולדיקט, אז אונזער האב און גוטס זאל איבערגעגעבן ווערן אין די הענט פון רויבער. עס ציט זיך א קייט פון צרות, דער קומענדיקער טאג איז טרויעריקער פון דעם פארגאנגענעם. דיינע אויסדערוויילטע, א גאט, ווערן באדרענגט דורך שונאים. בעת די רדיפות פארלאנגט דער שונא אויף אן אויסגעלאסענעם שטייגער, אז מיר זאלן אנטשטאט צו דיר גאר זיך בוקן צו אן אפּגאט. ביז ווי לאנג נאך זאל איך נאך פון מיין ענגעניש שיקן צו דיר תחנונים? דערהער מיך דאך אין דיי־נע הימל־הייכעניש, דו, וואס ביסט אלמעכטיק."

דערביי איז פאר יענער צייט אויפפאלנד, וואס גראד די מיינצער יידן האבן אלע צרות אויפגענו־מען אויף אן אייגענעם שטייגער. אפטמאל האבן זיי געשטעלט א דוויערהאפטיקן ווידערשטאנד דעם פיל שטארקערן שונא.

ווען די בלוט־הערצער — די „פרומע" גייסט־לעכע — האבן בעת דער שווארצער מגפה אין יאר 1349 אנגערייצט גרויסע מחנות כוליגאנעס שטראפלאז צו ווילדעווען איבער די יידישע גאסן, האבן די שוצלאזע מיינצער יידן ביי אויסזיכטלאזע באדינגונגען אָרגאניזירט א העראישע זעלבסט־

פארטיידיקונג. אין דאזיקן אומגלייכן קאמף האבן יידן ארויסגעוויזן א הייליקע פארביסנקייט, וועלכע האט געבראכט צוויי הונדערט טויטע מצד די אנפאלער. ווען דער העלדישער געראנגל איז שוין פאר יידישן צד געווארן אינגאנצן האפענונגסלאז, האבן זיי באשלאסן לעבעדיקערהייט זיך נישט איבערגעבן דעם שונא. זיי האבן זיך צוריקגעצויגן טיפער אין יידישן פערטל און אליין אונטערגעצונדן די הייזער. און ווי די אלטע פנקסאות גיבן איבער, זיינען דעמאלט זעקס טויזנט יידן אומגעקומען אין די אייגענע פלאמען.

פונדעסטוועגן זיינען אויך געווען אזעלכע, וואס האבן זיך איינגעבראכן. צווישן זיי אפילו רבנו גרשומס זון. בעתן פארטרייבן יידן פון מיינץ איז א טייל געווען געצוואונגען זיך צו שמדן. נאכן אפשטעלן די רדיפות האבן זיי זיך אומגעקערט צום יידנטום, אבער ר׳ גרשומס זון האט זיך שוין נישט געוואלט שיידן מיט זיין נייעם גלויבן, דער פאטער איז נאך אים געזעסן שבעה נישט זיבן נאר פערצן טעג, ווייל דער זון האט דאך פארלוירן ביידע וועלטן.

* * *

די לעצטע מיינצער פייער־צונגען האבן פארשלונגען א ריזיקן אפשניט פארשידנארטיק פולסירנדיקן יידישן לעבנס־שטייגער, וואס האט ארומגענומען איבער צוואנציק דורות, די פלאמען האבן אויף שטענדיק איינגעזאפט דעם סוד פון די מיינצער טאג־טעגלעכער יידישער ווירקלעכקייט און עד היום ווייסן מיר קנאפ וואס דערוועגן. איז עס דאך געווען א צאלרייכער קיבוץ, וואס האט זיך פילפארביק אויסגעלעבט. צי ווייסן מיר עפעס וועגן ליד, מיט וועלכן דער דעמאלטיקער בעל־מלאכה האט באגלייט זיין ארבעט? צי איז אונז באקאנט דאס שפריכווארט, מיט וועלכן דער מיינצער ייד האט אפגעשאצט זיין לעבנסגורל? איז צו אונז דערגאנגען דאס רעטעניש מיט וועלכן ס׳צעשפילט יידיש קינד האט באמיט פאר זיך קלאר־מאכן די ערשטע לעבנס־שוועריקייטן? ווו זיינען די פערזן אין וועלכע א פארליבט יידיש מיידל האט אריינגעוויינט איר בענקשאפט? ווו זיינען די מגילות, וואס זאלן אונז דערציילן וועגן יוגנט־בונטארישקייט? וואס האט אייגנטלעך באגייסטערט די אויפשטענדלער קעגן די אנפאלער? ווער איז אין קאמף געבליבן פעלזנפעסט און ווער האט זיך איינגעבראכן? — דאס אלץ בלייבט פאר אונז א סוד.

ערשט אין אנהויב צוואנציקסטן יארהונדערט, בעת עס איז אין מיינץ אדורכגעפירט געווארן די שטאט־קאנאליזאציע, האט מען זיך אנגעשטויסן אויף מאכיקע שטיינער מיט טיפע איינשריפטן, וואס דערציילן, אז די מאסנהאפטיק ארויסגעריסענע יידישע מצבות זיינען פארנוצט געווארן ווי בוימאטעריאל פאר הייזער. אנדערע שטיינער־איינקריצונגען גיבן איבער, אז א געוויסער מיינצער פרנס — אויס מורא, אז די כוליגאנעם זאלן נישט מטמא זיין די שול — האט ער זי אייגנהענטיק אונטערגעצונדן און איז מיט זיין פאמיליע פארצערט געווארן דורך די פלאמען. וועגן נאך ענלעכע פאקטן דערציילן אונז די „ריידעוודיקע“ שטיינער. אבער דאס עיקרדיקע בלייבט פאר אונז ווייטער פארהוילן.

היינט טראגן מיר זיך במחשבה איבערן מיינצער יידישן קווארטאל, טרעטן איבער משות וואנדערן מיר איבער די אויסגעליידיקטע יידישע גאסן, זוכן שפורן אויף דער הויפט־שטראסע, שפאנען אויף דער בעטצעלגאסע און פארהאלטן זיך מיט נאגנדיקער בענקשאפט אויפן פלאקסמארק. דאס אויער ווערט אנגעשפיצט, כדי צו כאפן אין דער לופט דעם אפגעהילכטן „אמן“ פון לעצטן מיינצער „קדיש“. דא האט אמאל גערוישט א רייך־פונאנדערגעצווייגט יידישלעך לעבן, לגבי וועלכן אונזער היינטיקס איז דאך אן עוואלוציאנערער המשך. וואס זעען מיר? — אין בלאסן שיין פון דער אפערשוימענדיקער לבנה שטארצן ארויס שפיציקע מויערן, שטומע עדות פון אונזער אומאויפגעקלערטן שיקזאל, פון אונזער פערמאנענטער עקדה, ווייטער גארנישט, גארנישט...

עס קומט עפעס אויס ווי די קאלירפולע פארגאנגנהייט וואלט אין איר באגער זיך צונויפצושמעלצן מיט די קינפטיקע דורות — אפגעשיילט פון זיך אלע דרויסנדיקע לבושים און זיך רק קאנדענסירט אין א צענטראל־פונקט, וואס ווערט סימבאליזירט דורך ר׳ אמנון, וועמענס וויזיע איז אין חלום איבערגעגעבן געווארן דעם מיינצער מרא דאתרא — קלונמס בן משולם.

איבער אלע אונזערע צולאזונגען און השערות ביים ארויסבאקומען שפליטערן פון היסטארישן אמת שוועבט אויף די פארפייניקטע ר׳אמנון־פיגור, דאס געשטאלט פון „יודעוס איממארטאליס“. מיר זעען אים א געלייטערטן מיט מילדע בליקן, וואס זאגן אן דער רשעותדיקער וועלט דורותדיקע „אהאספער“־עקשנות און ווייטערדיקן גלויבן אין אייגענעם קיום. להכעיס די פארפאלגער פריידיקט ער אומגעבראכענעם גלויבן אין מארגנדיקן טאג. מיט פארקוילטע ליפן פליסטערט ער די ווערטער: „און מיר וועלן דערציילן דעם הייליקייטס־כוח פון טאג...“

ר׳ אמנון איז מיט העראישער בראוור בייגעשטאנען דעם פיינפולן נסיון, פאר וועלכן ס׳האט אים געשטעלט דער ערצבישאף. א שווערגעפרוווטער איז ער ארויס גליקלעך.

2.

מיר באווייזן קוים איבערצוכאפן דעם אטעם ווי עס שפארן אונז שוין געדאנקלעך די וו א ר ש ע־ וו ע ר ג א ס ן. ס׳איז קלאר, אז דער יידישער קיבוץ אין פוילן איז אויסגעוואקסן אין א סלאווישער אטמאספער, וואס אונטערשיידט זיך גרינטלעך פון דער דייטשיש־שטייפער געארדנטקייט און גערמאנישער ברוטאלקייט הן לויטן זאנפטן געמיט, הן לויטן אימפולסיוון באנעם. להיפוך דער דייטשישער סיסטעמאטישער רובריצירטקייט שווימט דער סלאווישער באנעם אריבער די פלאנמעסיק־איינגעשטעלטע געקעסטלטקייט. ס׳איז נישטא יענע פריי־

סיש קאַלט־געסדרטע אויסגערעכנטקייט. דער סלאַווישער אנגריף איז דורכאויס וווייטיקלעך, אבער נישט דוויערוהאַפטיק. ער איז גיכער העפטיקער ספּאזם. ער פלאקערט אויף ווי אן אונטערגעצונדן בינט שטרוי און לעשט זיך געשווינד אויס. די פּויליש־פארחלומטע ראָמאנטישקייט האט בלי ספק אויף איר שטייגער געווירקט אויף די אייגנארטיקע געמיט־פאָרמירונג פון פּוילישן ייד, וועלכער איז מיט אן ערך טויזנט יאר יינגער פון מיינצער ייד. אוודאי האט נישט די רחבותדיקע ווארשע די מיינצע־זקנה־קנייטשן. זי איז נישט קיין גאר אלטע קהלה אין מערב־אייראפּעישן פארנעם. עס זיינען אין פּוילן געווען אסך עלטערע קהלות, וואָס האבן א פיל גרעסערע שייכות צו אלט־פּוילישער יידישקייט־פונדעסטוועגן איז אין לעצטן יארהונדערט ווארשע געווארן דער פולבלוטיקסטער אויסדרוק פון פּוילישן יידנטום.

ווארשע איז קודם כל געווען א גרויסע ווירטשאפטלעכער צענטער; אלע פּראווינץ־קאנאלן האבן געפירט צו איר, אייך די יידישע קולטור־שטראמען פון גאנצן לאנד האבן זיך געקרייצט אין ווארשע, וועלכע איז מיט דער צייט געקרוינט געווארן ווי א פולסירנדיקער מיטלפּונקט פון יידיש געזעלשאפטלעכן לעבן.

ווארשע האָט אויף איר רוקן נישט געטראגן קיין אלט־דורותדיקע ירושה, איר לעגיטימאציע איז נישט זכות אבות, נאר י ח ו ס ע צ מ ה. ארום איר האט זיך געזאמלט אלץ, וואס איז אויפגייענדיק אין שעפעריש, אין דער דאזיקער שטאָט האבן געלעבט און געווירקט דער אלטער בערגסאָן און די מיוחסת ט ע מ ע ר ל (די באָבע פון פילאָזאָף אנרי בערגסאָן). בערעק יאסעלעוויטש, דער חידושי הרי״ם, בעריש מייזעלס, לודוויק נאטאנזאָן, י. ל. פּרץ, נחום סאָקאָלאָוו, בראָניסלאַוו גראָסער, ברוך שולמאן און בייניש מיכאלעוויטש.

ווארשע האט געהאט איר אייגנארטיקן קאלאריט, באַהנטע יינגקייט און פרישקייט, זי איז נישט געווען משעובד צו קיין פארגליווערטע טראדיציעס, נאר אליין כסדר געשאפן נייע טראדיציעס פאר די קינפטיקע דורות. אלץ, וואָס זי האט געטאן האט זיך באזירט אויף מאסנהאפטיקער מיטווירקונג; אומעטום איז געקומען צום אויסדרוק דער קול המון. אין דער פּרץ־לויה האט זיך באטייליקט א הונדערט טויזנט קעפּיקער עולם. ש. אנ־סקים „דיבוק“, י. ל. פּרצעס „ביינאכט אויפן אלטן מארק“ און שלום אַשס „קידוש השם“ זיינען אין די ווארשעווער יידישע טעאטערן געגאנגען ביי פולגעפאקטע הייזער אָן איבעריים צו עטלעכע הונדערט מאל. די ערשטע מאַצוגן פון די יידישע סאָציאליסטישע פארטייען האבן תמיד צוגעצויגן ריזיקע ארבעטער־מאסן און ראדיקאלע אינטעליגענץ. יעדע פּאליטישע אקציע, סיי ווי א פּראטעסט קעגן באגרעניצונגען, סיי ווי א מאַניפעסטאציע פאר א פּאזיטיווער דערשיינונג האט זיך שטענדיק באגעגנט מיט א הארציקן מיטגעפיל מצד דער גאנצער יידישער באפעלקערונג.

אוודאי איז ווארשע נישט געווען פריי פון דלות און נויט. פונדעסטוועגן איז געווען רירנדיק דער פאקט, וואָס אין סאמע געדריכטן הו־הא האט זיך פּלוצים אָפּגעשטעלט א פארשמייעטער קרעמער, אדער איילנדיקער בעל־מלאכה געפאנגען; דורך דעם צעזונגענעם אויסרוף: „האט׳ס רחמנות, יידישע קינדער!“

* * *

פאר אונזערע אויגן דערשיינען איצט די קיבע ווארשעווער גאסן אין זייער אַמאָליקער אטמאָספער בעת זיי האבן נאך געאטעמט מיט לעבנספולקייט און לגמרי נישט פאָרויסגעפילט זייער נאענטן ביטערן סוף.

אָט שפּאנען מיר אויף דער טווארדע גאס איבער די האלב־צעשפּאלטענע טראָטוארן; אומעטום „אפּגעשינדענע“ הייזער באהויכט מיט אלט נגידישן שימער, ברייט־בערדיקע יידן אין אָפּגעטראגענע קאַפּאטעס און אויסגעריבענע קאשקעטן, אָפּגעקומענע סוחרים יורדים, וואס קאָנען שוין נישט מיטהאלטן די ראשע טריט פון דער צייט. זיי האלטן אין איין דערמאנען „יענע“ גוטע צייטן, ווארפן קרומע בליקן אויף די ארומיקע, אויפגעקומענע און בלאזן זיך אין אומגעשטילטער גאוה.

די באוועגונג אויף טווארדע איז ס׳רוב א געדעמפטע, פאמעלעכדיקע, דער האנדל איז דא א שטילער, בנעימותדיקער אָן באזונדערן איינרייסערישן געפילדער; אָט אזוי זיך „אבי צו לעבן“. כמעט אין יעדן הויף — א שול, בית־המדרש, און א חסידים־שטיבל. אין די פרימארגן־שעהן באגעגנט מען כסדר יידן מיט טלית־ און תפילין־זעקלעך אונטערן ארעם, פון די אָפענע פענצטער טראָגן זיך גמרא־נגונים פון ווילקענעודיקע קעסט־איידעמס, וואָס „פארקלינגען“ די גאס מיט תירה, פון שבנותדיקן הויז ענטפערט א כאָראלער קינדער־געזאנג פון דער יידיש־וועלטלעכער פאָלקס־שול:

א יומטוב מאכט אויף אלע מערק
און פייערן צינדט אָן אויף בערג
און דרייסט און זיכער יעדער טראָט
מיר קומען אָן פון דארף און שטאָט
מיר קומען אָן!
מיר קומען אָן!
מיר קומען אָן!

די דאזיקע צוויי קאָנטראסטירטע „נגונים“ פלעכטן זיך שווערלעך, עפּעס ווי א גראנגל צווישן אן אונטערגייענדיקער און אויפגייענדיקער וועלט. זיי בלאנדזשען אָפּגעריסן איבער דער טווארדע־לופט און קאנען זיך נישט צונויפגיסן הארמאניש. אין אלגעמיינעם געמיט־אויסדריק פון דער דאזיקער גאס איז דער „מיר קומען אן!“ בלויז א פארביקער אנזאָג. אין תוך אבער איז די זעלביקע גאס טיף איינגעווארצלט אין יידישלעכער אלטגעזעסנקייט און איז דערוויל נישט מסוגל צו גרויסער איבערקערערישקייט.

קיין שום גאס איז נישט אזוי „באזעצט“ מיט אָרימעלייט ווי די טווארדע; עס ציט זיך א ריי בעטלער, וואָס קומען אין די מאָגער־געפולטע קראָמען נאך „זייער“ רעגולערן נדבה־גראָשן. בכלל איז טווארדע א גאס, וואָס זאָרגט שטארק פאר עולם הבא. דאָ וווינען אסך נשים צדקניות, וואָס פארזארגן אָרימע

כלות מיט נדן, יתומים מיט א העמה, ארעסטאנטן מיט כשר עסן, קינדערלאזע מענטשן מיט גערונגענע קדיש־זאגערס א. ד. גל.

ציקאַפּנס פון דער „איידע'ער" טווארדע שניידט זיך אריין דער „פּראָסטער" ג ז ש י ב א ו. א גרויסער פּלאץ ארום א נעבעכדיק סקווערל אנגעפילט מיט שווער געלאָדענע פורגאָנעס אייזן. א מענגע אויכגעהאָרעוועטע טרעגערס און בעלי עגלות אין צעצויטענע וואטענע שפּענצערס מיט פּארקאטשעטע ארבל איילן פארשוויצט אהין און צוריק, שלעפּנדיק מיט בולט־באַדערטע. הענט גרויסע משאות. זיי שרייען זיך איבער מיט רוי־געשפּאָלטענע קולות הלמאי מ'פערטיקט זיך נישט אפ גיכער, ווייל ווער ווייסט צי זיי וועלן „זראנזשען" א היים. אינעווייניג אין רוישיקן סקלאד דינגט זיך דערווייל דער פּראָווינצער קונה מיטן וואַרשעווער מוכר, וועגן טערמין פון די וועקסלען.

אין א ווייַלע ארום געפינען מיר זיך שוין אויף טלאָמאצקע און לעש. די דאזיקע גאסן זיינען כמעט אויסגעטאָן פון מסחר־גרויקייט. זיי זיינען עפּעס פארמשכנט צום איינציקן שבתדיקן טאָג. אין וואָכעדיקע טעג זיינען זיי „ארבעטסלאז" און באקומען זייער תיקון ערשט אין א יום־טוב, אָדער יומא דפגרא. טלאָמאצקע איז געניגט צו „מאָדערנקייט". דא געפינט זיך די גרויסע יודאיסטישע ביבליאָטעק, יודאיסטישער אינסטיטוט און די טלאָמאצקע סינאַגאָגע, וועלכע איז אין די ימים נוראים איבערפולט מיט באצילינדערטע „מאזאישע" יידן, וואָס קומען אהער פון „יענע" רייכע גאסן. די דאזיקע דריי אינסטיטוציעס דערגאנצן זיך געמיינזאם.

הארט ביי דער „אויפגעפרישטער" טראדיציאָנעלער יידישקייט הויזט אָן א וועלכער ס'איז בולטער גרעניץ — די נייע יידיש־וועלטלעכע קולטור, וואָס שטאמט נישט פון „אויבערשטער" שטייפער ממלכת כהנים, נאר פון דער „אונטערשטער" היימישער פאלקס־שטוב. ס'איז דעריבער נישט צו פארדאמען וואס גראד לעם דער סינאגאגע געפינט זיך דער יידישער ליטעראטן־פאריין, דער יורש פון אמאָליקן „הזמיר", וואָס איז אָנגעפירט געוואָרן דורך פּרצן און דינעזאן. דאס איז די היים פון יידישן שרייבער, וואָס איז באגלייך די גייסטיקע היים פון יידישן פאלקס־אינטעליענט. במשך פון צענדליקע יארן זיינען די גרוימיקע זאלן פון ליטעראטן־פאריין געווען פאר די ברייטע שיכטן יידישע לייענער, דאס באליבט אָרט פון גייסטיקן גענוס. פון דער ליטעראטן־טריבונע, זיינען געהאלטן געווארן פארלעזונגען וועגן אלע וויכטיקע געשעענישן אין יידישן קולטור־לעבן. דאָ האט מען זיך פארזעגלעך געטראפן מיט יידישע שרייבער, קינסטלער שוישפּילער, וויסנשאפטלער, פּאליטיקער און קולטור־טוער פון אלע יידישע קיבוצים אויף דער גאַנצער וועלט. דאָ האט א פּאַהלומטער בחור פון דער פּראווינץ געבראכט אויף מבינות זיינע ערשטע דיכטערישע פּרוון.

א פּאר שפּאן און מיר שטויסן זיך אן אויפן בנין פון „צענטראל"־טעאטער. אויף דער דאזיקער סצענע האט מען במשך פון לאנגע יארן ביי פולגעפּאקטע זאלן אויפגעפירט די בעסטע זאכן פון יידיש־דראמאטישן רעפּערטואר. דאָ האט מען געשליפן דעם קלאנג פון יידיש־קינסטלערישן וואָרט.

אקעגנאיבער זעט זיך דער יידישער ארטיסטןפאריין, וואָס איז באקאנט מיט זיינע טומלדיקע צוזאמענפאָרן. יעדער צוזאמענפאָר איז געווען א פארשיידנפארביקער קיבוץ גליות פון שוישפּילער, וועלכע שטאמען פון פּוילן, רומעניע, ווייסרוסלאנד, צפון־אמעריקע און ארגענטינע, זיי אלע פאראייניקט די אומבאהערשטע ליבע צו דער אויף מאמע־לשון ארויסגעהויבענער סצענישער קרעאציע.

צו מייען עטלעכע הייזער און מיר האבן פאר זיך די פּאָפּולערע „גראָסער־ביבליאָטעק", אין וועלכער ס'שלענגלט זיך שטענדיק א לאנגע ריי יוגנטלעכע ארבעטער, וואָס זיינען געקומען נאָך א „פריש" יידיש בוך. בשכנות — א גרויסער לייעןזאל געפּאקט מיט ארבעטער־לייענער. אקעגנאיבער — דער לאָקאל פון דער צענטראלער יידישע שולארגאניזאציע, וועלכע פירט אָן מיט דער ארבעט פון די יידיש־וועלטלעכע שולן אין פּוילן. דארט באגעגנט מען פּראווינצער שול־טוער, וואָס זיינען געקומען אין דער רעזידענץ דערליידיקן דרינגלעכע שול־ענינים.

ארויפצוציען — דער פארלאג „קולטור־ליגע", וואָס האָט זיך רייך פארשריבן אין דער געשיכטע פון מאדערן יידיש פארלאג־וועזן.

רעכטס — דער זייער פּאָפּולערע „פאָלקס־אוניווערסיטעט" ביי דער זעלביקער „קולטור־ליגע", וועלכער האט אין לויף פון צענדליקער יארן געפירט א סיסטעמאטיש־פּעדאגאָגישע ארבעט. טויזנטער אומגעבילדעטע ארבעטער זיינען פון דאָרט ארויס באוואפנט מיט וויסן. באזונדער האבן זיך קונה שם געווען די מאסנהאפטיק־באזוכטע פרייטיקצונאכטיקע „אָפענע פאָרומס", וועלכע האבן אין א פּאָפּולערער פאָרם באהאנדלט די וויכטיקסטע אקטועלע געשעענישן.

פּאראלעל צו לעש ליגן די געדיכט־באפעלקערטע גאסן נאוואליפיע, נאוואליפקי און דזשעלנע, דערהויפּט באוווינט דורך יידישע בעלי מלאכות און ארבעטער. די דאזיקע לאנגע גאסן בילדן צוזאמען אן אומענדלעכן וואַרשטאט, אויסנווייניק פירן זיי א צעגעניצטן שטייגער, ווען מען קומט דאָ אבער אריין אין א וועלכן ס'איז הויף, ווערט מען באלד „מיטגעריסן" מיט דער אייגנארטיק „קאמבינירטער" מוזיק, אין וועלכער ס'הערט זיך האמער־קלאפּ, מאשינען־געוויי, העבעל־געוויין, זעג־געשריי, רעגולערער גרילץ פון א שטריק־מאשין א. ד. גל. די דאזיקע שוויץ־וואַרשטאטן באזארגן ס'גאנצע לאנד מיט מעבל, מלבושים, וועש, שיך, לעדער־גאלאנטעריע, טריקאָ־אויסארבעטונגען, שטיקערייען, גארדינען א. ד. גל. דאָ איז געשטאנען ס'וויגעלע פון דער יידיש־רעוואלוציאָנערער באוועגונג. מיט זיי זיינען גייסטיק פארבונדן דאס פייכט־גרויע סטאווקי־געסל און קרוע־בלועדיקע ניזקע, דער צענטער פון דער יידיש־בונטארישער ארימקייט.

וויפל הארציק געלעכטער האט צווישן יידישן עולם אריינגעבראכט דאס פאלקסטעאטער „סקאלא" אויף עק דזשעלנע און דזשיקע. פון דארט זיינען אי־

בער דער פאוויע, סמאטשע, דזשיקע און אנדערע גאסן הילכיק צעזונגען געווארן לייכטע קופלעטן, „איך האב זיך ארייגעדרייט, ווי דרייט מען זיך ארויס". זיי האבן אויף א ווײלע „פארזיסט" ס׳ביטערע לעבן פון גרויען פאלקסמענטש.

פון ארבעטער־קווארטאל טראגן מיר זיך פאמעלעך איבער אין האנדל־צענטער — די נאלעווקעס. דער מאשינען־גערויש ווערט גלייך פארביטן אויף „איינרייסערישן" מסחר־געפילדער. דער דאזיקער רשות הרבים־דיקער זאמלפונקט פון יידישער רירעוודיקייט און המצאה איז טעריטאריעל איינגעפרעסט צווישן צוויי סקווערן — דער ערשטער ביי די "קראמי נאלעווקאווסקע" דער צווייטער אויף מוראנאוו. צווישן זיי ציען זיך צוויי שורות בייביע הייזער געדיכט באהאנגען מיט פארשידנפארביקע שרייערישע שילדן. אומעטום גרויסע ענגגעפאקטע סקלאדעס, וואס זיינען מיט גארנישט ענלעך צו די ליידיקע פאליצעס פון דער אפגעקומענער טווארדע, נאר יוירען ממש פון שפע.

די נאלעווקעס זיינען יוסט אין זייער אנגעלאדנקייט, זיי נארן נישט אפ דעם דורכגייער וק מיט אן „עפעקטפולן" פראנט. זיי האבן זיך אויך נישט צו פארשעמען מיט זייער „הינטערלאנד" ד. ה. מיט די הייף. יעדער הויף אויף די נאלעווקעס איז א מלוכהלע פאר זיך מיט אן אייגענעם קלימאט. ר׳האט זיין איינגעפירטע בראנזשע, שטענדיקע קונים און דערהויפט אן אייגענעם פארהאנדלונגס־גערויש, וואס אונטערשיידט זיך גרינטלעך פונם געטומל אין שכניתדיקן הויף.

דא איז דער הופט־שפייכלער פונוואנען מ׳פירט פונאנדער סחורות איבערן גאנצן לאנד. דא ארבעטן אוים חריפותדיקע קעפ כל ערליי קאמבינירטע טראנזאקציעס, וואס פארבליבן נישט איינמאל מיט זייער שארפער אויפטועריש־קייט.

ברדך כלל לײדן די נאלעווקעס אויף מאנגל פון שטח, מ׳איז שטארק צונויפגעקוועטשט. די טראטוארן זיינען געדיכט „באשפאנט" מיט קויפער און פארקויפער, צומערסט פראווינצער יידן, וואס ריידן אויף אלערליי יידישע דיאלעקטן. מחמת ענגשאפט גייט מען נישט, נאר מ׳שטופט זיך, מ׳ריקט זיך ווי פיגורן אויפן שאכברעט.

ס׳ליגט אין דעם אפשר יידיש־היסטארישער גורל, וואס די אויבנאויפיק דורכאויס מאטעריאליזירטע נאלעווקעס לעבן זיך גאר בעצם אוים אין א איראציאנאלן ריטם. מ׳אפערירט מיט הוילע אבסטראקציעם נישט האבנדיק קיין אינערלעכע באציונג צום מסחר־קעגנשטאנד גופא. „יאך דארף נייטיק האבן שטרויזפעדערן? יאך דארף האבן פינאַסע": אן עולם־הדמיונדיק געפלעכט צווישן „זיין" און „שיין". צווישן די פיגורן אויף דעם נאלעווקער שאכברעט איז פאראן אן עודף פון לויפערס, ווענעמס טבע איז דאס איבערהיפערן. די האריזאנטאלע ליניע איז באשרענקט, וואקסט מען דעריבער שפילעוודיק אוים ווערטיקאל.

אויף א גראטעסק־שטייגער באוועגן זיך די מעקלערלעך־איבערשפרינגער, וואס נישטערן כסדר א פארדינסטל, צי מ׳קאן זיך יא, צי מ׳קאן זיך נישט, פארטשעפעט מען אין גאנג יעדן צופעליק אנגעטראפענעם דורכגייער. אזוי מיר־נישט דיר־נישט ווארפט מען זיך איבער מיט קארגע ווערטער אין טעלעגראפן־נוסח:

— פעטער, איר זייט א בעלן?

— ווי טייער?

— נישט מינער ווי מיט אכציק.

— ס׳מסחר איז נישט פאר מיר.

מ׳צעגייט זיך מיט גארנישט.

דער אפגאט פון די נאלעווקעס איז כ׳וועקסל. ראכט זיך, אז איבער קיין שום דאקומענט אויף דער וועלט האבן נאלעווקער סוחרים נישט אזוי פיל זיך געוויצלט ווי איבערן וועקסל, וואס מאכט דורך א ריי גלגולים ביז „ס׳דערפארט" צום אימפארויסגעזעענעם סוף. פונדעסטוועגן זעט מען דא כסדר פארשמייעטע יידן, וואס האלטן אין איין זוכן א גמילת חסד אויף צו צאלן ס׳וועקסל, אדער לויפן אין באנק און פרעגן צאפלדיק, צי דער קונה האט עס „שוין" אויסגעקויפט. ס׳איז טשעקאווע צו וויסן צי דער קונה בלייבט ווייטער קונה אדער ער איז שוין אן אפגעשלאגענע הושענה.

ס׳איז ממש צו שטוינען ווי די זעלביקע „איינרייסער" און דורכגעטריבענע סוחרים טרעפן זיך אינאווענט אין דער ליטווישער חברה ש"ס, נאלעווקי 39. צוהערנדיק זיך צו די „באטעמטע" רייד פון מגיד „משה ידבר", ווערן די נאלעווקער „פוקסן" פארוואנדלט אין קינדער, וועלכע גלויבן בתמימות אין די „תכליתדיקע" רייד, וואס ער טראגט זיי פאר. אוודאי איז דא געמיינט אן אנדערער „תכלית" א העכערער... דא רעדט נישט גלאט א פוילישער דרשן, עפעס א קליינשטעטלדיקער צלאפ, נאר א געבראטענער ליטוואק, א צלם־קאפ, וואס „זאגט" מיט א דורכדרינגלעכן ניגון און שארפן „סין" אויף „פאליטישע" טעמעס:

— מורי ורבותי — קנעלט דער מגיד מיטן עולם — די גרויסקייט פון אונזער תורה איז גארניסט אויסצודערציילן, דאס איז א זאמיעצאטעלנע אמוניציע, מיט וועלכער מיר נעמען איין די וועלט. צו־וואס דארפן מיר באמבעס, צו־וואס גראנאטן, אז צום ערסטן פייער־פראנט האט אונז דער רבש"ע געגעבן דריי גרויסע סראפנעלן: „בבא קמא", „בבא מציעא" און בבא בתרא", וועלכע זיינען מסוגל צו ספאסאיען די וועלט פון אונטערגאנג.

טראכט זיך נאר, רבותי, גוט אריין אין ענין און עס וועט אייך ווערן יאסנע. די וועלט לעבט אין איין טויט־סרעק, באסער מ׳האט כסדר מורא פאר א מלחמה. וואס איז אזוינס מלחמה? מלחמה זנאציט, אז צוויי מלכים האבן זיך אנגעבלאזן און איינגעשפארט. איינער טענהט, אז די גאנצע לאנד געהער אים, און דער אנדערער טענהט, אז זי געהער גאר אים. קאן מען צווישן זיך ניט אדורכקומען און מ׳פארגיסט בלוט. קומט צו גיין „בבא מציעא" און זאגט: „סנים אוחזין בטלית" ווען צוויי אמפערן זיך איבער א לאנד, יעדער טענהט כולה סלי! אז די גאנצע לאנד געהער נאר אים, און ניט דעם צווייטן, מוז מען געפינען א ווייכאד, אז ביידע צדדים זאלן זיין צופרידן ד. ה. ויחלוקו —

דיר ביז אהער — מיר ביז אהין. און ס'וועט זיין סלום אויף דער וועלט. און אויב ס'איז פאראן גאָר א גרויסער ספאָר המוטל בספק גדול, וואָס לאָזט זיך ניט רעסען אויפן ארט, איז אויך ניט קיין אומגליק. צו וואָס זיך איילן און דערפירן ח"ו צו ספיכת דמים. זאָל מען עס בעסער אָפּלייגן אויף ספעטער, יהא מונח עד סיבא אליהו.

ווייטער ווייסן מיר, אז ווען צוויי מלכים פאַרנעמען א פרעמדע לאַנד און ווילן דאָרט אויפבויען אייגענע אוצרעזשריענים, ברעכט ס'רוב אויס א מחלוקה. אי די מלכים אמפּערן זיך אי דער באַזיגטער נאַראָד בונטעוועט זיך, ווייל דאָס איז פרעמד די אָרטיקע פאָלקס־מנהגים. קומט צו גיין די „בבא בתרא" און זאָגט, אז ווען „הסותפין לעשות מחיצה בהצר א. א. וו. דאַרף מען זיך דורכאויס רעכענען מיטן ווילן פון נאַראָד און גאַרניט טאָן כנגד זיין רצון, ווייל „הכל כמנהג המדינה"... אזויארום וועלן די מלכים זיך אומזיסט ניט אָפּעסן די האָרין און דער נאַראָד וועט זיך ניט בונטעווען...

לסוף רעדט דער מגיד נאָך מיט גרוים פייער וועגן אנטשעדיקונג ד. ה. וועגן קאָנטריבוציע, שטיצט זיינע „פרידלעכע" אויספירונגען אויף „בבא קמא". ער אילוסטרירט עס מיט „ארבעה אבות נזיקין" און פאַרענדיקט מיט „דחב המזיק לשלם תשלומי נזק במיטב הארץ".

אלץ ווערט באַלד „קלאָר" און „פאַרשטענדלעך". דער עולם, וואָס האָט במשך פון טאָג געקערט א וועלט, איז איצט אינגאַנצן „אנטוואָפנט", מ'שאָקלט מיט די קעפּ און מ'באָמקעט־צו דעם מגיד: „ס'איז דאָך טאקע אזוי", „ער טענהט נעבעך ערלעך" א. ד. גל.

אין שכנותדיקן הויז קומט גלייכצייטיק פאָר א פארזאמלונג פון דער יוגנטלעכער סאָציאַליסטישער „ארקאדי־גרופּע", וואָס באַשטייט פון געוועזענע ישיבה־בחורים, וועלכע האָבן די ישיבה פאַרביטן אויף א וואַרשטאַט. זיי האָבן פאַרלאָזט די „בבא קמא" און זיך גענומען צו מאַרקס „קאַפּיטאַל". אויף דער טריבונע שטייט דער אויסגעווייקטער הבר אריה, א געוועזענער בית המדרשניק, און רעדט מיטן זעלביקן מגידישן פייער, אבער שוין נישט וועגן „השור והבור והמבעה", נאָר וועגן דיאַלעקטישן מאַטעריאַליזם, היסטאָרישער נויטווענדיקייט, סאָציאַליזם ווי א גרויסן דערלייזונגס־אידעאַל א. ד. גל. ער וויל נישט „ספּאַסאָיען" די וועלט מיט „פרידלעכע" מיטלען, נאָר רופט צו דויערהאַפטיקן געראַנגל מיט דער פינצטערניש און האַרטנעקיקן קאַמף פאַר א נייער גערעכטער וועלט. די יוגנטלעכע צוהערער ווערן נישט איינגעשלעפּט מיט קיין „זיסע רייד" באַמקען נישט צו די „ערלעכע טענות". זיי ווערן נישט אנטוואָפנט, שאָקלען נישט תמימותדיק מיט די קעפּ; זיי ווערן אָנגעצונדן און בייזן פויסטן.

* *
*

דאָס יידישע וואַרשע האָט אירע פּילצאַליקע בתי־תפילה, קאָר־שולן, חסידים־שטיבלעך ישיבות, יידיש־וועלטלעכע שולן, מיטלשולן, אוונטקורסן, פאָלקס־אוניווערסיטעטן, ביבליאָטעקן, תרבות־שולן, חלוצים־פאַריינען, ספּאָרט־אָרגאַניזאַציעס א. ד. גל. אין וועלכע מ'דערציט — יעדער אויף זיין שטייגער — דעם אונטערוואַקסנדיקן דור. חוץ דעם זיינען פאַראַן פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען, ווירטשאַפטלעכע אָרגאַניזאַציעס, געזעלשאַפטלעכע קלובן, ארבעטער־היימען כאַריטאַטיווע אינסטיטוציעס, איבער די וואַרשעווער יידישע גאַסן זיינען צעשטעלט הונדערטע צייטונגס־שענקלעך, באַהאַנגענע מיט א בונטן וואַכליער פון צען וואַרשעווער יידישע טאָגבלעטער און זעקס ליטעראַרישע וואָכנבלעטער פון אַלע ריכטונגען ד. ה. פון דער „אגודה" ביז „בונד" און קאָמוניסטן.

אָט דער שלל פון דרייסיק דורותדיק איינגעפונדעוועט יידיש לעבן אין פּוילן, באַזירט זיך אויף אייגענעם מאַטעריעלן און גייסטיקן כוח. דורך די אויסגערעכנטע אנשטאַלטן קומט צום אויסדרוק דאָס אייגנאַרטיקע פּרצוף־פּנים פון דינאַמישסטן יידישן קיבוץ אויף דער גאַרער וועלט.

* *
*

איז אבער געשען א בייז ווונדער פון שקיעת החמה כהרף עין; איבער דעם צעבליטן יידישן לעבן אין פּוילן איז די זון פלוצים אונטערגעגאַנגען. פון מערב־זייט האָט זיך אריינגעריסן די ציוויליזירטע היה און אָנגעהויבן נישטערן און פאַרצוקן. הערט און שטוינט נישט! ביים צוקיקן זיך פון דער גאַנצער וועלט איז אן אַלט פאָלק געגאַנגען געאָרעמט אין די קאַלכאויוונס.

איז די „וויא דאָלאָראָזא" פון וואַרשעווער ייד ניט קיין גראַדוויריקע; לויטן שטח איז דער וועג בין די נאַלעווקעס קיין טרעבלינקע א קורצער, אבער לויט די חבלי מיתה, א לאַנג־לאַנגער און זיג־זאַגיקער. לרתחילה האָט מען גענומען דעם יידן „אַנטמענטשן", צונעמען ביי אים די צורת אדם, מ'האָט איינגעבראַלט די טירן פון אַלע זיינע טעמפּלען אין די הייליקייטן ארויסגעוואָרפן אויפן מיסט. מיט א באַזונדערער פערפידיע האָט מען אין אים געלעסטערט דאָס פּינטעלע מענטש, מ'האָט אים געשענדעט און באַשפּיגן, ער האָט נאָר הילפלאָז גענטפערט מיט א קללה, א צעדרויבטער און צעשמעטערטער האָט ער געווענדעט זיין בליק צום היכל און ווייטיקלעך געשעפּטשעט „שפוך המתך!"

שיינט דאָך פאַר אונז אויף ס'געשטאַלט פון הרב צבי יחזקאל מיכעלזאָן, וועלכער איז אויף דעם אליאַרם־רוף נישט אַראָפּ אויף דער גאַס, בכדי צוזאַמען מיט אַלע גיין צו דער שחיטה, נאָר איז איינער אליין געבליבן ביי זיך אין הויז אויף פּאַנסקע, אָנגעטון א קיטל, טלית און תפילין און אנגעהויבן הויך זאָגן וידוי ביז א דייטשער שאָס האָט אים אומגעוואָרפן. פּונקט ווי ר'עקיבא האָט ער בעתן אויסהויכן די נשמה געאייניקט גאָטס נאָמען.

הער איך זיך צו צו דעם, וואָס מען דערציילט וועגן זקן הסופרים ר' הלל צייטלין. בעת דער אקציע איז דער דאָזיקער מקובל מוטיק געגאַנגען צווישן עולם, מיט זיין הויכן וווּקס, פּאַטרי־

ארכאלן אויסזען און שטאָלץ געהויבענעם קאָפּ, האט ער ביי די ארומיקע געוועקט אכטונג צו זיך. ער האט זיינע מיטגייער כסדר געמונטערט „יידן, מ'דאַרף זיין ראוי אומצוקומען על קידוש השם“.

איז מיר צום הארצן די לעגענדע וועגן גלוביקן דיכטער ישראל שטערן, וואָס האָט נישט געקאָנט באַנעמען כביכולס גלייכגילטיק צוקוקן זיך צו דער שענדונג פון זיין פאָלק. ער איז געלעגן אויסגעצויגן אויף א שמוציקן ווארשעווער געטאָ־הויף און האט במשך פון א וואָך צייט נישט געוואָלט נעמען קיין ביסן ברויט אין מויל אריין. אזויארום איז ער אין א לאַנגן פּראָטעסט־תענית פאַר אַלעמען אין די אויגן אויסגעגאַנגען.

אבער נישט בלויז מיט פּאַסיון העראיזם האט זיך באגנוגנט די עיר ואם בישראל — וואַרשע. ס'האבן זיך אויך געפונען גרופּן, וואָס האבן דעם מעכטיקן שונא געוויזן א פויסט און אזויארום געלאָזט טריומפירן דעם אקטיוון ווילן. דאס פּרעכטיקע קאַפּיטל „אויפשטאַנד אין ווארשעווער געטאָ“ וועט קיינמאָל נישט אויפהערן צו צויבערן, ס'שוועבט פאַר אונז אויף ס'פייערבילד פונם אויסטערלישן געטאָ־לעגיאָן, א מחנה באַלײדיקטע און דערנידעריקטע, באַשפּיגענע און געטרעטענע, געהונגערטע און געפּייניקטע, עלנטע און פאַרלאָזענע מיט דער טויט־וויזיע פאַר די אויגן. זיי זיינען גרייט אַלץ אָפּגעבן, אָבער נישט דעם כבוד; אויב טויט זאָל עס זיין א טויט פון קעמפער און נישט קיין מיתה משונה אין טרעבלינקע.

אונזערע לייבלעכע ברידער און שוועסטער מרדכי אַנועלעוויטש, אריה ווילנער, מיכאל קלעפּפיש, ניוטא טייטעלבוים, אבראשאַ בלום, יורעק בלאָנעס, טאבטשע יאקובאָוויטש, אנדזשעי שמידט, מלך פּערעלמאַן און הירש בערלינסקי. מיט זייער ביישפּיללאָזער שטאַנדהאַפטיקייט זיינען זיי די גייסטיקע יורשים פון די עשרה הרוגי מלכות, וועלכע האָבן אפילו ביים בלוט־שונא אדריאַן אַרויסגערופן שטוינונגס־ווערטער: „גרויס איז דאס שעפעלע, וואָס שטייט צווישן זיבעציק וועלף.“

וועגן דעם ווארשעווער אויפשטענדלער מיכאל קלעפּפיש שרייבט אַן עד ראיה מאַרעק עדעלמאַן: אַז בעת די געטאָ־קאַמפן האבן די דייטשן אַרומגערינגלט א הויז פון וועלכן עס האבן געשאָסן יידישע אויפשטענדלער. צווישן זיי איז אויך געווען מיכאל קלעפּפיש. עדעלמאַן שרייבט: „א פּאָר שעה נאָכדעם ווי די דייטשן זיינען אָפּגעשטויסן געוואָרן, געפינען מיר קלעפּפישס קערפּער, וואָס איז ווי א זיפּ אַדורכגעלעכערט מיט צוויי אויטאָמאַטן־סעריעס“.

צי דערמאַנט אונז דאס נישט דעם אומדערשראָקענעם אויפשטענדלער פון בר כוכבאס צייטן יהודה בן בבא, וועגן וועלכן די כראָניקער דערציילן: „די רוימישע זעלנער האבן אים געטויט און דערביי מיט זייערע שפּיזן אזוי צעשטאָכן זיין לייב, אַז עס האט אויסגעזען ווי פון א זיפּ“.

דער ביז די ציין באַוואָפנטער שונא, די מעכאַניזירטע נאַציסטישע בעסטיע, האט זיי, א הייפל אָפּפערוויליקע מיט גייסט און שטאָלץ באַוואָפנטע, נישט געקאָנט בייקומען און געלאָזט זיך פאַרשלונגען דורך פייער־צונגען. פון די דאַזיקע אומקום־פּלאַמען האט זיך שוין ביי אונזער פאָלק אויסגעבילדעט אַן עמוד האש, וואָס באַלייכט און וועט עד סוף כל דורותנו באַלייכטן אונזערע פינצטערע טעג.

3.

א צופעליק ניצול געוואָרענער פון מאַסן־אומקום, שפּאַן איך איצט איבער די חורבות פון די ווארשעווער יידישע גאַסן. דאס זיינען נישט בלויז חורבות, נאָר צומערסט קופּעס שטיינער און ציגל־שטיק צוגעדעקט מיט אַן אַנגעברוגזטן טונקל־גרויען הימל. איך ווייס נישט פאַרוואָס און אויף וועמען עס צאַרנט דער פאַרוואָלקנטער הימל. אפשר, דערפאַר, וואָס ער האט אין זיך איינגעאָטעמט געשטיקטע ווייַרופן פון מיליאָנען פאַרפּייניקטע יידן? אדער גאָר אויף מיר הלמאי איך רודער אויף די תשעה באָב־שטילקייט, וואָס שפּרייט זיך אַרום און אַרום. אפשר איז עס טאַקע פון מיין זייט נישט גלייך, וואָס איך באַטרעט דעמדאָזיקן שטח מיט שיך. איז דאָך יעדער שפּאַן־ערד דאָ אַדורכגעזאַפּט מיט קדושים־בלוט. דוכט זיך א שטים רופט פון אַן אויסגעלאָשענעם סנה: „צי אַראָפּ די שיך פון דיינע פיס, ווייל ס'אָרט אויף וועלכן דו שטייסט, איז הייליקע ערד“...

א פאַרדמיונטער קלעטער איך איבער גרודעס שטיינער, איבער די געוועזענע יידישע גאַסן און קאָן נישט דערבליקן זייער אַמאָליק פּרצוף־פּנים. צוזאַמען מיט מיר בלאָנדזשען נישט־אויסגעלעבטע שאָטנס פון יונג פאַרשניטענע לעבנס. די האַלב צעקרישלטע הייזער מיט זייערע אויפגעריסענע פענצטער־עפענונגען יאָגן אַן א שרעק ווי אויגן־לעכער פון א טויטן־שערבל.

* * *

אָט שטיי איך פאַר די חורבות פון דער סינאַגאָגע. אַלץ איז איינגעבראָכן, די קאָלומנעס, וואָס האבן אַמאָל אונטערגעהאַלטן דעם טעמפּל־בנין, ליגן איצט אויסגעצויגן אויף דער ערד מיטן פּנים אַראָפּ. אַמאָל איז דער חזן בעת דער עבודה געפאַלן כורעים און די דערביי שטייענדיקע מתפללים האבן אים באַלד אויפגעהויבן. היינט זיינען די עמודים געפאַלן כורעים; זיי ליגן אונטערן הימל פאַרשעמטע, קיינער דערנענטערט זיך נישט צו זיי... קיינער פּרוווט זיי נישט אויפהייבן...

איך גיי ווייטער, אָבער נישט לויטן איגענעם ווילן נאָר עפּעס פירט מיך אויטאָמאַטיש. זיינען דאָ, רחמנא לצלן, גאַסן... פון ביידע זייטן הויפנס שטיינער און אינמיטן א שמאָלער פּאַס טראַמוויי־ליניעס, וואָס ציען זיך אין דער אומענדלעכקייט. איין „גאַס“ איז טראָפּן־ענלעך צו דער אַנדערער; אַלץ איז צונויפגעמישט אין א פאַרמלאָזער ציגל־מאַסע, וואָס האָט לגמרי אָפּגעווישט ס'איינגאַרטיקע פון איטלעכער גאַס באַזונדער.

דאס ציגל־זאַמד פונם נאַלעווקי־מדבר האט אין

זיך אינגאנצן איינגעזויגן דעם אמאָליקן גערויש, אַלץ איז אויסגעפּלומפּט פון וועלכן ס'איז לעבנס־שפור. קוים פארבלאנדזשעט דא א צופעליקער דורכגייער, ווערט ער באלד פאַרטריבן פון דער אומהיימלעכער פוסטקייט.

פון ביידע חורבן־זייטן ווייעט מיט פארוויסטונג,אומקום און טויט. ס'איז קלאר אלץ איז פארענדיקט, דער חשבון אונטערגעצויגן: געווען — נישטא. בלויז די פארזשאווערטע שינעס גיבן אנצוהערן, אז מיטן חורבן עקט זיך נאכנישט די וועלט, זיי ווייזן, אז עס איז פאראן א וועג, וואס דארף פירן צו אן אנדערער וועלט.

אט די גאסן האבן געצייכנט דעם לעצטן וועג פון אונזערע נאענטע, פון דאנען האט זיך אנגעהויבן דער גאָלגאָטא־שליאך, וואָס האָט זיך געצויגן ביז טרעמבלינקע. דאָ האָבן די פון ווארשע דעפּאָרטירטע יידן געוואָרפן דעם לעצטן בליק אויף זייער ליבער שטאָט און מיט א פּאָר צענדליק קילאָמעטער ווייטער זיך געשיידט מיטן לעבן. געבליבן זיינען נאָר שטומע עדות, וואָס פרייזן און מאנען.

אויך מיר, געפינענדיק זיך מיט פיל טויזנטער קילאמעטער פון דערווייטנס, האבן מיט אונזער בליק טריט נאך טריט באגלייט די קדושים אויף זייער וועג צו די קאלכאויוונס. אבער אונזערע אויגן זיינען געווען פארטרערט און ס'איז אוממעגלעך געווען צו דערזען דעם פנים־אויסדרוק פון די אין דין פארמשפטע. מאטערט אונז כסדר דער באגער אויף א וועלכן ס'איז שטייגער אויפצולעבן אין א נזער דמיון דעם פנים־אויסדרוק פון די פארפייניקטע. וואס האט זייער אויסזען אויסגעדריקט? ווי אזוי האבן זיי זיך פארהאלטן לגבי דעם שונא? צי מיט מורא און הכנעה, אדער זיי זיינען געגאנגען צום טויט מיט שטאָלץ און פאראכטונג? וואָס האָט זייער לעצטער בליק אונז געהאט איבערצוגעבן? יעדע בליק־צוואה פון די אומגעקומענע איז פאר אונז א הייליקייט.

ס'איז איצט, וואָס א ווארהייט, אויפגעקליבן געווארן א ריי ווארשעווער געטא־פאטאגראפיעס, וואס זיינען אויפגענומען געווארן דורך די דייטשע תלינים אליין. דאס האבן זיך די טעמפע רוצחים געגרויסט פאר זייערע קרובים אין דייטשלאנד מיט „העלדישקייט". די דאזיקע פאטאגראפיעס, וואס שוידערן אויף מיט זייער מאקאברישקייט, גיבן אָפּטיש איבער אויסטערלישע געפאלנקייט־פאזיציעס, אין וועלכע די געטאָ־יידן זיינען געשטעלט געווארן דורך די „בראווע" באצווינגער. ווי פּינקטלעך די פּאָטאָ־בילדער זאָלן נישט האָבן ארויסגעקומען, גיבן זיי שליסלעך איבער בלויז דאָס אויסנווייניקסטע.

מיר ווילן דאך וויסן ווי אזוי האבן די געטאייידן אינערלעך אדורכגעלעבט דעם ארומיקן גרויל. א קליין שפּעלטל פון געטאָ־פנימיות עפנט זיך אין די על פי צופאל געפונענע דינע צייכענונגען פון באקאנטן מאלער ראמאן קראמשטיק, וועלכער איז אומגעקומען אין ווארשעווער געטא, בעת דער ערשטער אקציע. די עטלעכע קראמשטיקס צייכענונגען, וואָס פאַרמאָגן א שטארקע עקספרעסיע, גיבן איבער מיט קינסטלערישער געצוימטקייט און באהערשטקייט דעם טיפן וויטיק פון מענטשן, וואס זיינען פארשטריקט געווארן אין א נעץ פון טייוולאנישער אויסגעלאסנקייט, אבער רעאגירן אויף אלעם מיט אינערלעכער ווירדע. איבער זיינע „קאפ פון א ייננגן ייד", „פרויען־קעפל", „א ייד מיט א קינד אויפן אקסל" און „אן אלטער ייד מיט קינדער" גייט פאר אונז וויזועל אויף א בלענדנדיקער דערנער־קראנץ. וואס זעען מיר דארט? — טיפן טרויער אין אויסבליק, אומאויפגעקלערטן שיקזאל, פ א ר וו א ס? און אן אויסוועג, ווילן צו באשיצן די שוואכערע דערהויפּט הילפלאזע קינדער, פאראכטונגס־בליק פון איידעלן קרבן צום בלוטבאזויפטן גזלן, מארטירערישע רעזיגנאציע און סטאָיש אויפנעמען דעם אומאָפּרופלעכן גזר־דין. ס'איז אבער אין קיין שום צייכענונג נישט צו מערקן קיין שאטן פון שרעק אדער הכנעה. אלץ איז איבערפולט מיט אינערלעך־געשלאסענע ליידן און ליידן...

אמאָל, אין רויקע צייטן, האט מען זיך ליידנשאפטלעך געאמפּערט וועגן דעם טיפן זינען, וואס שטעקט אינם פראצעס פון גייסטיקע יסורים, וועלכע זיינען אין תוך בארופן צו לייטערן דעם בר נש. ביי דאסטאיעווסקי זיינען די ליידן, וואס א מענטש לעבט טיף איבער, אפילו דערהויבן געווארן צו א מיטאס. דער הייליקער זאָסימא בוקט זיך פשוט פאר איוואן קאראמאזאוון שוין צוליב דעם פארגעפיל אליין, וואסערע גרויסע ווייען עס שטייען קאראמאזאוון פאר איבערצולעבן. היינט־צו־טאג וואלט זיך די גאנצע וועלט געדארפט בוקן פאר אונז, דעם איוב־פאלק, מחמת אונזער אומאויפהערלעך קאנוולסיוו צאפלען אויף דער אומזיניקער גיגאנטישער עקדה, אויף וועלכע אכזריותדיקע פעלקער האבן אונז ווילד אוועקגעשליידערט.

ווען מען טראכט וועגן שיקזאל פון ווארשעווער געטא קומט אויפן זכרון דער ענלעכער גורל פון מיינצער יידישן פערטל. עס קומט עפעס אויס ווי דעם גאנג פון דער יידישער געשיכטע וואלט געווען פרעמד די קאנטינויטעט לענג־אויס, גיכער קרייזט ער אין א באשטימטן ציקליזם אין דערבריט. פאר אונזער יעדער היסטארישער קאטאסטראפע זיינען כאראקטעריסטיש כמעט די זעלביקע באגלייט־דערשיינונגען.

דער צעווייטיקטער דיכטער ישראל שטעהן דערלאנגט אין ווארשע אין יאר 1943 די האנט דעם אויפגעטרייסלטן מיינצער „מאור הגולה" פון יאר 1020. דערשלאגן פון אייגענעם און פאלקס־פיין ווענדעט שטערן זיינע טענות צום קאלטן הימל: עד מתי? ער ביטעדט הלמאי דער טאטע האט פארלאזן זיינע אויסדערוויילטע קינדער אין אומגליק. אלי, אלי, למה עזבתנו.

ווען זיינע תחנונים־רופן האבן נישט קיין פעולה, דערקלערט ער דעם הימל א פאסיוון ווידערשטאנד נישט ווידערשפעניקנדיק דערביי מיט קיין איינציק לעסטער־ווארט. צי איז דאָס נישט קיין וואריאנט פון רבנו גרשומס סליחות, — וועלכע באשטרעבן צו שפאלטן די הימלען „דיינע אויסדער־



ר. קראַמשטיק

אַ ייד מיט זיין קינד

ווײלטע, א גאָט, ווערן באַדרענגט דורך די שונאים. ביז ווי לאַנג נאָך זאָל איך פון מײן ענגעניש שיקן צו דיר תחנונים? דערהער מיך דאָך אין דײנע הימלהײכענישן, דו וואָס ביזט אַלמעכטיק".

לאָמיר ווי א אילוסטראַציע צוגעבן די בײסיקע רייד פון פּרץ'ס לץ:

און ער וואָס האָט דערמיט געמײנט?
דער, וואָס האָט אײך אויסדערווײלט.
איז עס געווען זײן שטראָף?
האָבן אים ווונדער פאַרפעלט?
פאַרוואָס זאָגט ער נישט־האַלט?

אויף א מהלך פון טויזנט יאָר רופט זיך איבער דער מקובל ר' הלל צײטלין מיט זײן פאַרגײער ר' אמנון פון מײנץ. פּונקט ווי ר' אמנונען איז ר' הלל'ן קײן שום אויפטרײסלונג נישט בכוח ארויסצופירן פון זײן גלויבנספעסטקײט. אין די סאַמע פינצטערע טעג שטײט דער מחבר פון „יופי של מעלה" נישט אָפּ פונעם בעל „ונתנה תוקף" אין דער אמונה, אין דער הײליקײט פון קומענדיקן טאָג. זײן אויפמונטערן די מיטגײער, אַז מ'דאַרף זײן ראוי אומצוקומען על קידוש השם", דערמאָנט ר' אמנונס פעלזנפעסטן גלויבן אין „קדושת היום" און איבערמענטשלעכער עקשנות זיך נישט אונטערצוגעבן. בײדע האָבן תמיד געהאַט פאַר זיך די וויזיע פון מעטאַפיזיש־ענדגילטיקן „לעתיד לבוא".

א גײסטיקע קרובהשאַפט איז אויך פאַראַן צווישן דעם וואַרשעווער געטאָ־אויפשטענדלער און מײנצער העלדישן זעלבסטפאַרטײדיקער. די בונטאַרישקײט פונעם מײנצער קעמפער וואַקסט אויס דערעיקרשט צוליב דעם, וואָס ער האָט געלעבט אין מיטלאַלטער בעת אַלץ איז געווען פאַרוועבט אין הויכער רוחניות און תמיד פאַרקוקט אין הימל. אין יענער צײט האָט מען מער געגלויבט אין א סיעתא דשמיא און גרינגגעשעצט יעדן פיזישן ווידערשטאַנד. פונדעסטוועגן האָבן בײדע געפירט אַן אומגלײכן און אויסזיכטלאָזן קאַמף, בײדע האָבן ארויסגעוויזן הײליקע פאַרביסנקײט, בײדע האָבן נישט געוואָלט לעבעדיקערהײט זיך איבערגעבן דעם שונא און בײדע זײנען אומגעקומען אין שׂרפה־פלאַמען.

נישט אָפּגעריסן איז אויך דער אומשטאַנד, וואָס די נאַציסטן האָבן געלעסטערט אַלע אויסנווייניקסטע הײליקײטס־סימנים, צעאַקערט די בית־עלמנס, געברוקירט די גאַסן מיט יידישע מצבות. צי דערמאָנט דאָס נישט די געפונענע מײנצער שטײן־אײנשריפטן, וואָס לאָזן וויסן, אַז שוין די אור־זײדעס פון די־הײנטיקע נאַציסטן האָבן די ארויסגעריסענע מצבות פאַרנוצט ווי בוימאַטעריאַל פאַר הײזער.

איצט, נאָכן אָפּלויפן פון איבער א יאָר זינט די געדיכטע קאָשמאַרקײט איז שוין געוואָרן אַביסל שיטערער און די לעבנגעבליבענע רעשטלעך זײנען ארויס פון די בונקערס און הײלן, איז כדאי זיך אַרומצוקוקן ווער ס'גײט מיט אונז ווײטער טראָגן דעם כבל הירושה און ווער ס'איז פון אונז אַוועק אויף שטענדיק. ס'שטעלט זיך ארויס, אַז די מערהײט אָפּגעראַטעוועטע זאָגט זיך נישט אָפּ פון איר שטאַם, דאַקעגן א באַדײטנדער טײל יידן פון דער „אַרישער זײט" האָט זיך ענג צונויפגעלעבט מיט דער נײער אומגעבונג און וויל באַין אופן נישט אומקערן זיך אין דער אַלטער סביבה. דאָרט איז באַקוועמער, און דערהויפּט זיכערער. בײט זיך א ייד אין וואַרשע אויס זײן אַלט־יוחסדיקן נאָמען שניאור אויף שאַניאַוסקי און וויל זיך עד היום מימין לעצטן נישט שײדן. אויך דערדאָזיקער אומשטאַנד איז נישט קײן צופעליקער און האָט פּרעצעדענסן נישט נאָר אין מײנץ נאָר אפילו שפּעטער אין טאָלעדאָ און קאָרדאָווע.

מערקווירדיק, איבער די וואַרשעווער גאַסן זעט מען אָפט א יונגע פרוי געשלײערט אין טרויער; אויף איר ברוסט טראָגט זי א גרויסן צלם, זי קוקט זיך ארום מיט אומרויקע בליקן. ווער איז זי? — דאָס איז א יידיש קינד, א רבנישע אײניקל, דערצויגן אין א הויז פון א יידישן שרײבער, וואָס שטאַמט פון הויך־רבנישן יחוס. בעת דער היטלער־אָקופּאַציע איז זי אַוועק פון יידן און יידישקײט און איצט וויל זי גאָרנישט וויסן פון דער פאַרגאַנגנקײט. ווען דער פאָטער האָט איר מעבר לים צוגעשיקט זײנס א נײ בוך, האָט זי עס תיכף פאַרברענט, בכדי זיך פאַר די שכנים חלילה נישט „קאָמפּראָמיטירן" מיט יידישע אותיות.

איז אויך אָט דער פאַקט נישט קײן נײער. ס'איז גענוג צו דערמאָנען דעם פאַל מיטן רבינו גרשומס זון אין מײנץ, וועלכער האָט זיך לכתחילה געשמדט לפנים און שפּעטער שוין נישט געוואָלט צוריקגײן צו יידן. דער אומגליקלעכער פאָטער האָט גאָרנישט געקאָנט אויסווײטיקן די אבדה סײ פאַר דער און סײ פאַר יענער וועלט.

איצט, נאָכדעם ווי מיר האָבן שוין אַביסל איבערגעכאַפּט דעם אָטעם און ווילן פאַר די קומענדיקע דורות פאַרשרײבן אין פּנקס אַלץ, וואָס איז מיט אונז געשען און באַגלײך מזכיר זײן די קדושים, טראַכטן מיר אין וואָסערן נוסח דאָס זאָל געטאָן ווערן. אָבער אָנשטאָט צו טרוקענען דעם מוח דערוועגן, וואָלט אפשר געווען כדאי אויפצומישן אַלטע מײנצער „מימורבוך". אָט וואָס מיר לײענען דאָרט: „און זאָל דער באַשעפער דערמאָנען די נשמות פון די אַלע קהלות־מיטגלידער, וועלכע זײנען געוואָרן דערהרגעט, פאַרשטײנערט, פאַרברענט, געשאָכטן, דערטרונקען, ראַדגעבראָכן, לעבעדיקערהײט באַגראָבן אין דער ערד דערפאַר, ווײל זײ האָבן נישט געוואָלט אָפּטרעטן פון זײער גלויבן".

אדרבא, זאָל עמיץ אויפקלערן פאַרוואָס מיר זאָלן נישט לויטן זעלביקן נוסח פאַרצײכענען אין וואַרשעווער פּנקס אונזער איצטיקע קאַטאַסטראָפע, וואָס איז דאָ פאַראַן צוצוגעבן און וואָס איז דאָ נויטיק אַראָפּצונעמען? — דאָס אײנציקע וואָס לאָזט זיך ענדערן איז אויסמעקן דאָס וואָרט „געוואָלט" ד. ה. אָנשטאָט „נישט געוואָלט אָפּטרעטן פון זײער גלויבן" דאַרף זײן „נישט אָפּגעטראָטן פון זײער גלויבן". אין דעם אײגנטלעך ליגט דאָך דער אימאַנענט־דעטערמינירטער קידוש השם פון אונזער זײן אויף דער וועלט.

תמיד ווערן מיר געהילט אין זעלביקן פאַרפלאָנטערטן שלײער און תמיד באַמיט מען זיך אים אויפן זעלביקן שטײגער פונאַנדערצוקניפּן. אמת, במשך

פון דורות האָבן מיר אין זיך אײַנגעאָטעמט כּלערליי ווינטן פון פארשידענע זיך קרייצנדיקע קולטור־קלימאטן, וואָס האָבן געהאלטן אין איין אויספאָרמען אונזער גייסטיקע פיזאָנאָמיע. אָבער דערביי איז צו זען, אז בעת יעדער דעריטערונגס־עפּאָכע (נישט געקוקט דערויף אין וועלכן לאַנד מיר וווינען) שווימען ביי אונז אויף די זעלביקע שטייגער־דערשיינונגען, די זעלביקע פּסיכאָלאָגישע אומשטענדן, די זעלביקע הארבע פראגן, וועלכע מיר האָבן אמאָל באהאנדלט מיט גרויס גלויבן און איצטער זיינען מיר מוטל בספק.

מיטן אונטערשיד פון באזונדערע היסטאָרישע אקסעסוארן חזרן זיך יעדעס מאָל ציקלארטיק איבער די זעלביקע איבערברוך־פאזן. עס איז א פּערמאנענטע עקדה פון אן אומאויפגעקלערטן זינען. עס ליגט אין דעם גרויס פּאטוס, בכינדע באשטימטקייט פון שיקזאל, וואָס איז צילמעסיק אין זיין זינלאָזיקייט.

די קדושים פון מיינץ און ווארשע פלעכטן די ביינערדיקע הענט אין אן ארייגעצויגענעם מארטירער־טאנץ ארום א גרויס דערלייזונגס־ליכט, וואָס דארף פון דער וועלט פארטרייבן די נאכטשאָטנס. ס׳איז טראגישע געשפּאנטקייט פון א פאָלק, וואָס איז אליין איבערפולט מיט באגער פון וועלט־פאר־בעסערונג און ווערט באגלייך פון דער זעלביקער וועלט כּסדר געטרעטן. אָפּטימיסטן מײַנען, אז אָט דער אויסטערליש־געקייטלטער טאנץ גייט לויט א ספּיראלער ליניע, וואָס ווייזט נאָר אויגנשיינלעך אויסצודרייען זיך אויף איין־און־זעלביקן ארט. אין דער אמת׳ן זאָלן דאָ פונדעסטוועגן איינטרעטן געוויס׳ע שפּאנען פאָרויס. סקעפּטיקער ווידער זעען אין דעם בלויז א קרייזן ארום זיך גופא אָן א וועלכן ס׳איז פארויס־טריט. עס קומט גאר אויס, ווי אונזער לעבנסוועג וואָלט במשך פון זיין לאנג־לאנגען צייט־אומפאנג געוואקסן אין כּמות אָבער נישט געשטיגן אין איכות. א כּסדר זיך איבערחזרנדיקער טראגישע אויסגאנגסלאָזיקייט, וואָס געפינט נישט איר היסטאָרישן באשייד. ס׳דערמאָנען זיך די ווערטער פון וואנדערער אין י. ל. פּרצס „ביינאכט אויפן אלטן מאַרק״, וועלכער סימבאָליזירט די מיסטעריע פון נצח ישראל:

דער זעלבער הימל, די זעלבע שטערן
די זעלבע ערד...
און דאס אויער הערט.
און ווערט נישט פול פון הערן
דאָס אויג — פון זען נישט זאט
פונוואנען קומט דער וואנדערער און וואָס איז
דער תכלית פון זיין שפּאנען איבערן ערדקיילעך?
איך קום, פרעגט נישט פון וואנען...
און איידער דער שאָטן צערינט
גיי איך פונדאנען.
ווו אהין? נישט פרעג...
אפשר ווייסט ווער אין דער הייך...
איך פון מײַן לאנגן וועג
בין עלטער געוואָרן, נישט קלוגער.

אָט דער „לאנגער וועג״ איז דורך אונז געצייכנט געוואָרן מיט אייגן בלוט. אין פאָלקס־זכרון איז פארבליבן א קאָשמארע שורה פון געשפּענסטער: נבוכדנצר מלך בבל, אנטיכוס עפּיפאנעס, טיטוס הרשע, אדריאנוס דער אכזר, גאָטפריד פון בולאָן, לודוויק דער זיבעטער, קאָנראד דער דריטער, גרויסאינקוויזיטאָר טאָרקוועמאדאָ, צורר חמי״ל, פּאָגראָמשטשיק פּעטליורא און פארלענד־טרעגער הימלער. די דאָזיקע אויפטרייסלונגען האָבן אונז — יעדע בשעתה — געשטעלט פאר א גרויסן נאציאָנאלן נסיון, וועלכן מיר האָבן ביזאהער, צוליב דער גרויסער אמונה פון אונזערע אָבות, בייגעשטאנען דורך ארויסווייזן א גענוגנדיקן ווידערגעבורטס־כּוח. איצט איז פאר אונז אויפסניי געשטעלט געוואָרן מיט א באזונדערער שארפקייט די אָפּגרונט־פראגע: און וואָס ווייטער?...

*

זאָל טאקע די יידישע געשיכטע אויף אָן אמת זיין איינגעפּאסט אין אָ טויזנט־יעריק אויסטערליש מעשהלע וועגן א פּרינץ, וואָס וואגלט טאָג־איין און טאָג־אויס אין בעטלער־מלבושים איבער דער גאָרער וועלט. אָ מעשהלע, וואָס הייבט זיך ס׳רוב אָן פרייליך און ענדיקט זיך כמעט שטענדיק זייער טרויעריק, ווי זינגט אונז איציק מאנגער:

דער אלטער אליהו הנביא
גייט ווי א בעטלער פארשטעלט,
מיטן פידל אונטערן אָרעם
זייט יאָרן איבער דער וועלט.

אָ פאָלק, וואָס זיצט נישט נאָר גייט, שפּאנט כּסדר איבערן ערדקיילעך; עס גייט נישט פיליסטעריש־באלעבאטיש מיט געזעצטע השגות און פראקטישע אויסבליקן, נאָר ווי אָ צעפלאמטער נביא־באַהעמיען, וואָס וועקט די וועלט פון אידעען־איינגעשלאָפנקייט און געדאנקען־פארגליווערטקייט. און זיין לשון זיינען נישט קיין וואָכעדיקע רייד, נאָר אין יסורים געלייטערטע פידל־שפּראך. איז עס טאקע אָ בליטוקע חתונה׳קע, וואָס קיינער ווייסט נישט איר באשייד. נאָכן אויסהוליען, אויסטאנצן און אויסשוימען קומט דער מיד־שווערער אויסזיכטסלאָזער גרויער פרימארגן. די מחותנים זיינען אוועק, די געסט זיך צעפארן, חתן־כלה פארשווינדן. די אויפגייענדיקע זון האָט שוין נישט מער פאר וועמען צו שיינען. און דער באגלייט־שאָטן פארנעמט זיך ווייטער אין דעם אומבאקאנטן וועג.

אויף דער שוועל שטייט אליהו הנביא, ?
אָ קלעזמער פון נעכטיקע טעג,
ער נעמט די לבנה אין טאָרבע
און לאָזט זיך ווייטער אין וועג —

איך נעם זיך נישט אונטער עמיצן „לאָגיש״ אויפצוקלערן וווהין דער ווייטערדיקער וועג פירט, נאָר איך פיל בחוש, אז ער מוז פירן צו ווידערגעבורט. איך ווייס נישט פונוואנען מיר וועלן שעפּן אונזערע ווייטערדיקע לעבנסזאפטן, איך בין אָבער אינערלעך איבערגעזען אין וויטאלן כּוח פון אונזער שטאם. איך קאָן קיינעם נישט אָנווייזן די ישועות ונחמות, וואָס זאָלן אונז ווארטן אין די נאָענטע חדשים. איך בין אָבער פול מיט גלויבן אין ליכט פון קומענדיקן טאָג. דער דאָזיקער גלויבן האָט אונז קיינמאָל נישט פארלאזן, זאָל ער אונז אויך אין די היינטיקע שווערע טעג ווארעמען און קרעפּטיקן.

אַברהם זאַק

# צו וואַרשע

וואָס ווייטער כ'בין פון דיר, אַלץ ביסטו נענטער, ליבער,
אַלץ טייערער דיין יעדע גאַס, דיין יעדער סקווער.
איך קוק צו דיר דורך מיילן טויזנטער אַריבער
מיט בענקעניש פון קינד צו מאַמע. ס'בריט די טרער...

איך זע דיך דורכן שיין פון שׂרפֿות, אין רואינען,
איך זע דיין פרעך־פֿאַרשעמטן גלאַנץ, דיין רייץ, דיין שיין,
נאָר שטאָט, דו ליבע, כ'קאָן צו דיר קיין וועג געפינען,
ס'איז יעדער שפּאַן צו דיר דורך תּהומען און דורך פּיין...

... איך זע די ציגל־בערג אויף ניי־וועלט און בעלוועדער,
כ'זע אונזער נאַלעווקעס אין וואָלקנס רויך און בראַנד – –
און גרויס דער וויי, אבלות טראָגט אין האַרצן יעדער
פֿון דיינע זין און טעכטער אינם פרעמדן לאַנד...

... איך זע, איך זע די קברים אייליקע אויף סקווערן,
די טויטע אויפֿן ברוק צעזייטע דאָרט און דאָ:
דאָס זיינען דיינע טרייע זין אין קאַמף אין שווערן
געפֿאַלן ווי די העלדן אין דיין גורל־שעה...

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

איך ווייס נישט, ווען איך וועל אויף דיינע גאַסן שפּאַנען
און ווידער אויף דיין שיינקייט טאָן פֿאַרבענקט אַ בליק...
דובט, כ'קאָן גאָר פֿון אַ פרייד אַזאַ נישט טרוימען, אַנען,
ס'זאָל ווידער זיין פֿאַר מיר צו דיר אַ בריק! – – –

אַק־בולאַק (דרום־אוראַל) מערץ 1943.

# דער איינציקער קבר

טאַטע, טאַטע! ביסט דער איינציקער אין דער משפּחה,
וואָס כ'ווייס דיין אָרט, דיין אייביק בערגעלע, דיין שטיין...
וווּ אַלע מיינע קדושים? וווּ זשע זייער מאַסן־קבר?
וווּ זייער אַש צעוואָרפֿן? וווּ זייער געביין?...

וווּ האָט אויף זיי פֿאַרמאַסטן זיך די האַק פֿון ברוינעם תּליון?
וווּ האָט צעפֿפּערטלט זייער לייב רוצחס שווערד?
וווּ האָבן זיי געזען צום לעצטן מאָל דעם בלויען הימל?
וווּ האָט פֿאַרשלונגען זיי די גלייכגילטיקע ערד?...

כ'וויל גיין אַהין צו יענע קופּעס אַש דאָרט אין מיידאַנעק,
אַ הויפֿן אַש כ'וועל נעמען:—מאַמע, דאָס ביסטו!
דאָס ביסטו, פֿרוי! דאָס ביסטו, איינציק קינד! דאָס ביסטו, שוועסטערל! – –
און ברענגען וועל איך אָט דאָס אַש צו קבר־רו...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

טאַטע, טאַטע! ס'איז באַשערט געווען דיר שטאַרבן פֿריער,
נאָך איידער אָנגעקומען איז תּלינים־צייט...
דיין קבר איז דער איינציקער, וואָס איז מיר איצט געבליבן
ביים גרינעם בערג, וווּ ניעמאַן טראָגט די טרערן ווייט – – –

אַק־בולאַק, סעפּטעמבער, 1944.

# קינדער

נשמהלעך ריינע
פון קינדערלעך קליינע,
מיט אייגעלעך — הימעלעך בלוי,
מיט טראָפּעלעך טרערן,
וואָס לויטער ווי שטערן,
ווי הייסינקע פּערעלעך טוי...

פון וואַרעמע שטיבער
אין פינצטערע גריבער —
ס'האָט הימל און ערד עס געזען.
נשמהלעך ריינע
פון קינדערלעך קליינע —
זיי פרעגן: — פאַרוואָס און פאַרווען? — —

געשאָבטן צוזאַמען,
מיט טאַטן, מיט מאַמען,
געוואָרפן אין אויוונס, אין פלאַם...
פאַרשניטן פון לעבן,
זיי וואָגלען און שוועבן
דאָרט הויך אינם הימלישן ים.

נשמהלעך ריינע
פון קינדערלעך קליינע —
עס טראָגט זייער יאָמער דער ווינט...
האָט וועלט געטאָן שווערן
ביי הימל און שטערן:
נקמה פאַר איטלעכן קינד! — —

אַק-בולאַק, פעברואַר, 1945

# עס דוכט זיך אַמאָל...

עס דוכט זיך אַמאָל, אַז עס קאָן דאָך נישט זיין:—
פאַראַן איז נאָך היים און פאַראַן איז נאָך פריינט;
פאַראַן נאָך די אויגן, וואָס ברענגען אַ טרייסט;
פאַראַן נאָך אַ זון, וואָס עס וואַרעמט און שיינט.

פאַראַן איז נאָך לעבן, פאַראַן איז נאָך וועלט,
און ס'וואַרט נאָך אויף דיר די פאַרלאָזענע פרייד...
די קברים... די קדושים... די קופּעס פון אַש... —
דאָס דוכט זיך דיר אַלץ, זעסט עס שלאָפיקערהייט.

דו דאַרפסט נאָר דערוואַכן פון בייזן קאָשמאַר
און טאָן זיך אַ ריס צו דעם מאָרגן. ווײַס העלט...
עס דוכט זיך אַמאָל, אַז עס קאָן דאָך נישט זיין:
פאַראַן איז נאָך לעבן, פאַראַן איז נאָך וועלט...

אַק-בולאַק, נאָוועמבער, 1945.

# נע-ווגד

ס'וואַרט אומעטום אויף דיר אַ חורבה,
פאַר דיין צוקאָפּנס וואַרט אַ שטיין —
קיין נפקא מינה נישט צו וועמען,
צו וואָס, וווהין דו זאָלסט נישט גיין...

צי מזרח, מערב, צפון, דרום —
די וועלט איז גרויס און וויסט פאַר דיר.
וועסט ערגעץ נישט דיין היים געפינען,
קאָנסט קלאַפּן נאָר אין פרעמדער טיר...

געטריי דיין עלנט אָן די ווינטן,
וואָס בלאָנדזשען אום אין ברייטער וועלט.
דיין זיפץ פאַרשווינדן וועט אין חלל,
דיין טרער וועט פאַלן אויף אַ פעלד...

און וועסטו פאַלן אויף אַ וועג ווו
און עניריקן דיין לעצטן גראַם —
נישט זיין וועט װער ס'זאָל דיך באַוויינען,
גלייך ווי דעם לעצטן פון אַ שטאַם...

אַק-בולאַק, יולי, 1945.

# ביים „אוהל פּרץ"

(פון ציקל: „אין וואַרשעווער געטאָ")

מיר האָבן נישט קיין קברים,
קיין בערגל נישט, קיין שטיין...
צו וועמען זשע זאָל קומען
אַ ייד מיט זיין געוויין?...

צו דיר, אַ פאָטער פּרץ!
מיר קומען דאָ אַהער —
פון אַלע גלות-וועגן,
איעדער מיט זיין טרער.

נישטאָ דאָ פאָלק ישראל,
נישטאָ, אַ גרויסער מאַן!
פון אַלע דיינע יידן
יחידים בלויז פאַראַן.

נישטאָ די זין און טעכטער,
קיין יידיש גאַס און שטוב.
אפילו נישט געבליבן
קיין קבר נישט, קיין גרוב.

עס קלינגט נישט פון קיין פענצטער,
עס קלינגט נישט מער דיין ליד.
עס קומט נאָר אויף די חורבות
אַמאָל אַן אָבל — ייד...

ער בלאָנקעט צווישן ציגל,
ער בלאָנדזשעט אום אָן ציל.
די שאָטנס פון די קדושים
באַגלייטן אים יעדער שטיל...

— — — — — — — — — — — — — — — — —

צו דיר, אַ פאָטער פּרץ!
מיר קומען דאָ אַהער —
פון אַלע גלות-וועגן,
איעדער מיט זיין טרער...

לאָדזש, יוני 1946.



ביים אוהל פרץ. יידישע שרייבער לייגן אַ קראַנץ אויפֿן קבר פֿון י. ל. פרץ.
פֿון רעכטס אויף לינקס: נחום באָמזע, יוסף רובינשטיין, אברהם זאַק, ב. מאַרק און דער זשור־
נאַליסט י. באָרנשטיין

א. סוצקעווער

# געזעגענונג

## א

אָ, נישט באַוויינען וויל איך דיך, דו שטאָט פון מיין געזאַנג.
ווייל פּייבט איז נאָך דיין באַדן, באַטש דיין פנים איז פאַרשרפּעט,
איך וויל אין דיר אַריינגיין ווי אַ נאַכט צעגליט אין שטערן,
אַריינגלייבטן אין אַלע שויבן,
ברינימער,
מאַלינעס.
אַריינגלייבטן אין גאונס קלויז, אַוווּ פון דעם הגר״א
אַוועקגעריסן איז דער ה״ אָון ס׳איז געבליבן ג ר אָ, —
(ווּ איז דער אות,
צי וואָגלט ער אַצינד אין מיין נשמה?)
און אויך אין גרויסער שול, געבליבן איינציק אויפן שול־הויף
מיט פּעסטונג־ווענט, וואָס היטן די פאַרגאַנגענקייט, די שטומקייט.
און אויף סטראַשון־גאַס זעקס —
די סאַמע לעצטע באַריקאַדע,
און אויך אין די קאַנאַלן אונטער דרערד
ווו ס׳האָבן יידן
געהאָפּט אויף דער באַפרייונג און דעם ערשטן מאַי גערומטובט.

איך וויל אין דיר אַריינגיין ווי אַ נאַכט צעגליט אין שטערן,
אַריינגלייבטן אין יעדער הויז—געבליבן אָדער חרוב.
אין פנימער וואָס לעבן יאָ צי נישט—פאַר מיר זיי לעבן!
ווייל ווי עס פּילט אַ מענטש זיין אָקאַרשט אָפּגעהאַקטן אָרעם
און זעט דעם רינג דעם גילדענעם פון אָפּגעשיידטן פינגער. —
אַזוי־אָ פיל איך דעם פאַרבונד
מיט הייזער,
מיט חברים.

## ב

דו ביסט מיין ערשטע ליבע און אַזאַ וועסטו פאַרבלייבן.
איך טראָג דיין נאָמען דורך דער וועלט
ווי ס׳האָט מיין ווייטער זיידע
געטראָגן דורכן מדבר־פלאַם דעם מישכן אויף זיין אַקסל.
(אָ, זיידע מיינער, האָסט דאָך אויך געהאָפט צו זען אַ ברעג!)
און ווו איך זאָל נישט וואַנדערן —
עס וועלן אַלע שטעט
פאַרוואַנדלען זיך אין דיין געשטאַלט.
איך וועל זיך נישט פאַרוואָרצלען
אין קיין שום אַנדער ערד,
אַזוי ווי ס׳קאָן זיך נישט פאַרוואָרצלען
די וואַסער־בלום, אַראָפּגעריסן פון איר לאַנגן נאָפּל,
צוריק איז פּיצל באָדי אונטער דריקנדיקן וואַסער,—
און הוידעט זיך פאַרלוירן איבער אָפּגרונט פון די כוואַליעס,
און קיינער, קיינער זעט נישט אַז דער פאָדעם איז צעריסן — —

## ג

... און טייער ווי נאָך קיינמאָל נישט איז מיר דער יידיש דיינער—
דער צאַנקעדיקער קנויט
פון אַ פאַריתומטן נר־תמיד,
ווייל נאָר אויף מאַמע־לשון האָט אַ פּיצל קינד געשריען:
— פאָטער,
פון אַלע ווערטער אויף דער וועלט, עס פעלט מיר: מ אַ מ ע

## ד

איך בין דאָס קינד, וואָס טראָגט אַ גראָז
בשעת מע פירט אים קוילען.
איך בין די פרוי באַהאלטן אין קאַנאַליזאַציע־רערן

אַליין מיט ערשט־געבוירענעם, נישט אָפּגעשיידט פון בויך,
אין ווו דער עלנט איז אַזוי אומענדלעך, אַז עס דוכט
אויף מייז וואָס פּליושקען זיך אין שמוץ —
דאָס זינגען גאָר מלאכים!
איך בין דער זקן גראָ און קנייטשיק ווי אַ וועלשער נוס
וואָס דאַרף צום אָפּנאַרן דעם עלטער אויסזען אַ יאָר צוואַנציק,
און גלייכצייטיק בין איך דאָס יינגל „יינגער ווי מע דאַרף“
וואָס מוז צעקאָרבן ס׳פּנים און זיך הייבן אויף די פינגער.
איך בין דאָס לעצטע וואָרט פון אַ־געפּאַלענעם אין גראָבן,
איך בין די נישט־באַהאַלפנקייט פון אַ געליימט מענטש
וואָס קען די האַנט נישט שטרעקן צו דעם האַלדז —
זיך צו באַפרייען.
בין דער, וואָס קומט צוריק פון שטאָט מיט פּולווער אין די שטיוול
און שאַף דערפון אַ רעטער
ווי דער מהרל דעם גולם.
איך בין דער ייִלד־פאַרליבטער אויף דער סקריפּעדיקער תּליה,
(די אַפּלען זיינען איין פון ווייט אַ שמייכלענדיקע פרוי.)
איך בין שויז אַ פאַרברענטער.
אַ פאַרפרוירענער,
געקעפּטער,
נאָר מיטן שטראָם פון דער ווילע — שווימט צו דיר מיין ליד.

## ה

נישט די וואָס האָבן דיך געשענדט —
נישט זיי וועסטו געהערן.
זיי וועלן בלינדע פויזען אויף די קני צו דיינע טויערן
און דערנאָך וועלן זייער בלינדקייט נאָכאַמאָל צעשטעכן.
עס וועט זיך נישט מרחם זיין דער וואָלקן אויף פאַנאַר —
מיט זשאַווערדיקע בליצן וועט ער ענטפערן אויף תּפילות.
בית־עולם־שטיינער וועלן זיך אַליין פון דר ערד אַ ריס טאָן
און יעדער אות באַזונדער וועט זיי וואַרפן זיך אין פּנים.
און אויך דער אַנאַ־קלויסטער, וואָס איז רויט ווי אוניער בלוט,
וועט אַ דערבאַרעמונג פאַרריגלען זיינע שמאָלע טירן,
און ווי אַ קללה אויסגעשמידט פון קופּער־וועלן קלינגען
פאַר זיי די אַלטע גלעקער אין מיין דעמערדיקער שטאָט.

און אויב עס וועלן מער נישט בלייבן אין מיין שטאָט קיין ייִדן —
איז וועלן זייערע נשמות וווינען אין די געסלעך.
און ווער ס׳וועט מיינען אַז אַ הויז איז פּ ו ס ט
און וועט אַריינגיין,
און אויפשטעלן אַ געץ, אַ טיש, און גרייטן אַ געלעגער,
און אָנטאָן אַ געפינען העמד,
אַ קלייד
צי אַ פּאַטשיילע, —
וועט ער ביינאַכט דערהערן אַ געוויין פון קליינע קינדער
און ס׳העמד וועט ווי אַ ריבאייזן צעראַצן אים דאָס לייב.
ביז לויפן וועט ער דול אַרויס דער שטוב
ווי זיין געוויסן
פאַרוואַנדלט אין אַ ראָב
וואָלט קריך אַריין אין די געהירן.
און לויפן וועט ער — אַז דער שאָטן וועט אים נישט דעריאָגן.

## ו

פון גאָרער וועלט עס וועלן קומען באָרוועסע מרגלים
מיט גרינע ווערבע־צווייגלעך אין דיין גאָלד־געריבטן היכל.
און איטלעכער וועט שעפּן פון דיין האַרץ
אַ הויפן אַש
און מיטנעמען אַהיים
דעם לאַנגן דרימל צו באַלייכטן.
נאָר איך, וואָס בין געוואַקסן אינעם שאָטן פון דיין פּראַכט,
נעם מיט זיך דיך אינגאַנצן — ווי אַ בלוטיקע מגילה.
1944 1943

ש. בערלינסקי

# די יעלינס

(דערציילונג)

מיט א באַזונדערער פֿרייד האָבן זיך די מענטשן געלאַשטשעט צו די ערשטע זון־שטראַלן. ווי ציטריקע עופֿלעך אונטער די פֿליגל פֿון דער מאַמען, אזוי האָט מען זיך געטוליעט צו דער וואַרעמקייט, צו דער קויטערקייט, צו דער מילדער אויפֿגעבונדענער וועלט.

נאָך חדשים זיין פֿאַרקאָוועט אונטער אַן אייזפּראָסטיקער קלעם, האָט דער ווינטער זיך נישט געוואָלט שיידן. צען מאָל אין טאָג האָט מען געמיינט: אָט גייט ער אויס, דער ווינטער, און ער האָט זיך אָנגענומען מיט נייע כוחות און ווייטער אויסגעשפּרייט זיינע פּראָסטיק־ווייסע פֿליגל, ווייטער ארומגעפּאָכעט מיט זיין בייז־ווינטיקן אָטעם. אָט איז א שניי, אייגנטלעך איז עס שוין נישט קיין שניי, עפּעס א שיטערע שוים, ווי ביי א גוסס אויף די ליפּן. א פּאָר מינוט, מען מיינט: שוין, אַן עק, פּטור, ברוך שפּטרני, און — ווייטער דאָס אייגענע.

דעריבער איז אזוי אָנגעלייגט געווען די זון — דאָס גאָלדענע זון־רייפֿל, וואָס האָט אזוי ניי געבלאַנקט פֿאַר יעדן, ווי דאָס ערשטע מאל אַ קרוין אויפֿן קאָפּ פֿון א יונגער קעניגין, וועלכעס איז געשוועבט איבערן קלאָרן הימל: גיי, גיי, האָט יעדער אין דער שטיל געווונטשן, דער וועג איז איצט פֿאַר דיר א בקויער, א קויטערער, ווי דו האָסט ליב. נישטאָ קיין וואָלקנס, וואָס זאָלן אים פֿאַרשטעלן, נישטאָ קיין ווינטן וואָס זאָלן זיי אָניאָגן, גיי, גיי, און שפּרייט ליכט און וואַרעמקייט פֿאַר אַלץ, וואָס קאָן וואַקסן און פּיקן.

די פֿרייד האָט נאָך מער געשפּראָצט ביי יעדן, ווייל מען האָט געהאָפֿט, אז דער זומער דאַרף ברענגען אַן אויפֿלייזונג, אז דער מלחמה־קאָשמאַר וועט סוף־כל־סוף אויסגערויכערט ווערן, אז נאָענט איז דער טאָג, ווען דאָס שלעכטס וועט פּלאַצן, ווי א בלאָטער וואָס שטייט אויס.

דאָס איז געווען דער אָנהייב פֿון זומער 1945.

באַזונדערס טייער איז געוואָרן פֿאַרן מענטש די ערד. מען האָט זי אָנגעהויבן צירן און פּוצן. קיינמאָל נאָך האָט מען אזוי פֿיל ביימלעך פֿאַרפּלאַנצט ווי אין אָנהייב פֿון דעם זומער. איבער די סקווערן, אין די פּאַרקן, אין די גערטנדלעך, פֿאַר די פֿענצטער, אויף די הייף, וווּ עס איז נאָר א פּיצל ערד געווען.

ערשט נאָר וואָס איז די ערד געווען א פּלאַץ פֿאַר אונטערגראָבונגען, פֿאַר ראָוון, פֿאַר מינעס. אירע וועגן האָבן געדינט פֿאַר האַרמאַטן, פֿאַר טאַנקען, פֿאַר פֿוס־גייער און רייטער־פּאָלקן. איצט איז זי פֿריי, פֿריי פֿאַר זייען, פֿאַר אַקערן, פֿאַר פּלאַנצן. און מ'האָט טאַקע געפּלאַנצט. יעדער כמעט האָט געפֿילט א באַדערפֿעניש צו געבן דער ערד איר תיקון און האָט אהיימגעטראָגן א ביימל אָדער עפּעס א זריעה צום פֿאַרזעצן.

און אפֿשר איז שטילערהייט געווען נאָך א כוונה ביים פּלאַנצן, אפֿשר הגם דאָס ביימל געדאַרפֿט פֿאַרטוישן א זון, א מאַן, א געליבטן, און אפֿשר אַן אייגענעם פֿוס אָדער א האַנט?

און האָט מען דערזען די ערשטע גרינע בלעטלעך, די ערשטע בליטן, האָט מען געהאַט דאָס געפֿיל, עס שפּראָצט, עס גייט אויף א נייע וועלט, א נייע וועלט.

אין די דאָזיקע טעג האָט מרדכי יעלין זיך ארומגעדרייט איבער די שמאָל געשניטענע, ליימיק־געקלעבטע געסלעך פֿון דער אַלטשטאָט אין טאַשקענט און א ווייַ, א ווערגנדיקער וויי, וואָס האָט נישט געהאַט קיין אויסגאַנג און קיין טרייסט, האָט אים געשטיקט. פּונקט עפּעס ווי א דונער, וועלכער רייבט זיך צווישן די הימלישע רעדער און קאָן נישט אויפֿרייסן.

ער האָט נאָר וואָס דערהאַלטן א ידיעה פֿון זיין פּויליש שטעטל, אז די געשטאַפּאָוועס האָבן ארויסגעפֿירט די גאַנצע יידישע באַפֿעלקערונג הינטער דער שטאָט, ביי די באַן־וואַלן און פֿון דאָרט האָט זיך מער קיינער נישט אומגעקערט. צווישן די אַלע האָבן זיך אויך געפֿונען זיינע עלטערן.

דווקא די אומבאַשטימטקייט פֿון זייער אומקום האָט אים נאָך מער אויפֿגעגרויזלט און געגעבן אים פּלאַץ פֿאַר די שווידערלעכסטע פֿאָרשטעלונגען.

ער האָט דערזען אזוי בולט ווי זיין פֿאָטער מיט דער ברייטער ברוינער באָרד שטייט אין פֿעלד, אויפֿן ווינט, מיט א שפּאַדעל אין האַנט, און גראָבט, גראָבט די האַרטע ערד. ער שטייט און די אויגן זיינע זיינען באַהאַפֿטן מיטן גרוב נאָר צוזאַמענצוואַקסן דערמיט.

דאָס דאַרף זיין זיין קבר.

יעדעס מאָל טוישט ער דעם שפּאַדעל אין דער לינקער האַנט און מיט דער רעכטער קלאַפּט ער אין הארצן: „אשמנו, בגדנו“, און שאָקלט זיך מיטן גאַנצן קערפּער.

דער דייטש מיט דער ביקס, דערלאַנגט אים מיט דער קאָלבע: „שנעלער, דו פֿרעכער יודע“, און ער, אויסגעטאָן שוין פֿון דער וועלט, גיט א הויב אויף דעם שפּאַדעל איבער דעם דייטשס קאָפּ מקים צו זיין דעם: „הבא להרגך“, ווער עס קומט דיך הרגענען, פֿריער דו זאָלסט אים הרגענען.

אויף דער צווייטער זייט זעט ער שטיין די מוטער מיט א קרענצל ווייבער. זי שטרעקט אויס די הענט און שרייט אריבער: „שמואל, וווּ לאָזטו מיך? א גאַנץ לעבן אינאיינעם אָפּגעלעבט.“

— האָב אמונה, שרה, מען וועט זיך בקרוב זען.

און אפֿשר גאָר איז דער פֿאָטער געשטאַנען ביי א גאַז־אויוון, א שפּיי געטאָן אויפֿן האַקן־קרייץ: „שקץ תשקצנו“, און אויסגעשריען: „שמע ישראל“, ווי אונזערע אבות אין שפּאַניע און איז געשפּרונגען אין פֿייער?

נאָר אמשרעקלעכסטן ווייזט זיך אים א בילד פון זיין ייִנגערער שוועסטער באשע.

קיין שטויבעלע פון א פרעמד אויג האָט דאָך די מוטער נישט געלאזט פאלן אויף איר. פלעגט נאר אריינקומען א פרעמדער מאנספארשוין, פלעגט די מאמע גלייך זאָגן: „באשעלע, גיי נאָר אריין אין דער צווייטער שטוב". און צו די ווייבער ארום פלעגט זי זאגן: „דאָס קינד איז נעבעך גאָרנישט שולדיק; זי רייסט דאָך די אויגן אויף". און באמת, אזא בלאָנד צעשפּראָצטער קאָפּ, מיט אזא געוועלבט פנים, ווי פון זייד געשפינט. אפשר, די דאָזיקע בעסטיעס אין די אויגן פון טאטע־מאמע זי געשענדט?

ער פילט ווי דער מת רירט זיך אים ביי דעם געדאנק. די וועלט ווערט אים ענג, ער האט נישט די אויגן וווּ אהינצוטאָן פאר שאנד.

און די אלע ענוים ווערן באגלייט פון אזעלכע מגושמדיקע פרעכע געלעכטערס פון שמאלציקע פנימער — פון דייטשן, וואָס דערגרייכן צו זיינע אויערן און צערייסן אים די יסודות פון דער וועלט אויף וועלכע זי האָט זיך ביי אים אָנגעלענט.

איז מעגלעך, אז מענטשן זאלן לאכן, חוזק איבערן קאָרטשען זיך אין ווייען פון א מאמען, ביי וועלכער מען רייסט איר קינד אוועק צום אומברענגען? ווי אזוי זאָל ער איצט באטראכטן די וועלט? און וואס הייסט דאס אזוינס א מענטש?

וואָס מער ער דערפילט די רויע רציחה, די עזותדיקע שאנד פון די דייטשן, אלץ מער פארטראגט עס אים צו זיין שטיבל.

א ווייסעס איז עס געשטאנען, דאָס הייזל, זייערס, אין דעם שטיקן געסל, הינטער דער שול. די פאָרהענגלעך — אויך ווייסע, וואָס האבן פארשטעלט פאר דער גאס דאס לעבן פון שטוב, פונקט ווי די אראָפּגעלאזטע אויגן־לעפלעך ביי אן אומשולדיק מיידל פארשטעקן אירע יונגע באגערן.

הגם דאָס פאָדערהייזל איז געווען א טונקלס, א קילבלעכס — אָן א פענצטער, מיט אן ערדענע דיל, נאר האט מען אין עס געטאָן די טיר, האָט א בלאנק געטאן די שטוב. דער פאָל — ווייס געשארט, די רייפן אויפן וואסער־פעסל — זילבער בלאנקנדיקע, און אלץ ארום: דער הענגלייכטער, דער סאמאָוואר, די קופערנע פאָן אויף פיש, האָט איינס צו ס'אנדערע געפינקלט, ווי זיי וואָלטן זיך איבערגעווארפן: הא, ווער איז שענער? ווער ציכטיקער?

אלץ וואָס קען ארויסרופן עפעס א נישט ניחאדיק געפיל: א קעמל צום קאפ, א בערשטל צו רייניקן, וואָס ליגט מיט די חזיר־האר קאפויער גרייט צו פוצן שטיוול, איז געהאָנגען אין אן אויסגענייט בייטעלע און דווקא מיט א צושריפט: ריינקייט איז א ברכה, ווי עפעס א פארענטפערונג פאר דער זאך. גאָר עפעס אנדערש איז געווען די צווייטע שטוב, דעם טאטנס שטוב, ווי מ'האט זי גערופן. דארט האט נישט אזוי געבלאנקט, געריסן דאָס אויג, מער פארבאהאלטן געווען. דאָס שויבן־שענקל מיט ספרים, ווו עס איז אויך געווען אויסגעשטעלט א בשמים־ביקסל, א חנוכה־מנורה, א ניקלנע פושקע אויף אן אתרוג, איז געווען פארהאנגען מיט א גרין פארהענגל, ווי ביי אן ארון־קודש. די צוויי בעטן, וואָס זיינען געשטאנען קעגנאיבער, אָפּגעשיידט יעדעס ביי א וואנט, זיינען געווען איינגעהילט אין ווייסן. און פון אונטן ערשט ארומגענומען מיט אויסגעשטריקטע בעט־קאפעס, פונקט ווי ביי א צניעותדיקער פרוי אין א קלייד ביז די קנעכל, כדי מען זאל איר די פיס נישט ארויסזען, כדי עס זאל נישט דערמאנען אָן עפעס, כדי עס זאל נישט ארויסרופן א שלעכטע מחשבה.

מער פון אלץ איז אָפּגעהיטן געוואָרן דער טיש, ווו דער טאטע איז געזעסן און געלערנט. קיינמאל איז ער נישט געווען נאקעט־אָפּגעדעקט, שטענדיק פארהילט. און דער איינהיל — דאָס טישטעך האָט שוין אָנגעזאָגט אין שטוב וואָס פארא טאָג עס איז: שבת אָדער א יום־טוב, אָדער סתם א שמחה.. קיין וואָכעדיקע מלאכה איז אויף דעם טיש נישט געטאָן געוואָרן, נישט געקנאָטן, נישט געשאבן. ווי א מזבח איז ער געשטאנען. און האָט מען זיך נאָר דערנענטערט צום טיש, האָט אן ערנפורכט ארומגענומען. „דרך־ארץ פארן טיש!" — פלעגט דער טאטע זאָגן, ווען א קינד האָט זיך נישט ווי געהעריק אויפגעפירט. דאָ, ארום דעם טיש איז באשטימט געוואָרן ווער עלטער איז, ווער חשובער — גייט די יאָרן און פארדינסטן איז מען דא ארומגעזעצט געוואָרן.

און ער שטעלט זיך אזוי פאָר די מאמע, א בלייכע, אין א העלן שייטל, דרייט זיך אין דער ערשטער שטוב. ס'איז פרייטיק. די שוועסטער זיצט אויף א נידעריק בענקעלע און שאָבט מערן, בורעקלעך צום כריין. און די מאמע דרייט זיך און קען זיך עפעס קיין ארט נישט געפינען. אויפן טיש, אויף א פיש־ברעטל ליגט א לעבעדיק קארפל און ווארפט זיך, עפנט, מאכט צו דאָס פיסקל, ווי עס וואָלט עס אָטעם פארפעלט; שטעלט יעדעס מאל אויף די פלוס־פעדערן און לאזט זיי אראָפּ. די מאמע קוקט דערויף די גאנצע צייט און ענדלעך גיט זי א זאג צו דער שוועסטער: „באשעלע, ס'איז דאך לכבוד שבת און איך קען נישט מאכן דאס פישל, כ'קען נישט צוזען, בלוט, ס'קעפל ווארפט זיך. גיי מיר אריין נאך דער שכנטע און זאג איר, אז כ'האב זי געלאָזט בעטן"...

א צווייט מאל זעט ער די מאמע ווי זי ליגט שוין אין בעט. ס'איז חנוכה. מען האָט גראָד הײנט אויף דער נאכט אויסגעלאזט יום־טובדיק שמאלץ. אין שטוב איז א ווארעמקייט פון דער אויסגעגליטער פליטע צוליבן יום־טובדיקן געפעס. ריחות פון פסחדיק שמאלץ פארשמעקן די שטוב, פארטראגן דיך, זאָגן דיר אָן: נאענט שוין איז דער יום־טוב, אז זומער וועט בקרוב זיין. מיט א זעטיקייט, אן אָנגעגעסענער, פון געענדזענע גריוון איז יעדער איבערגעפולט. און אינדרויסן — א קרירה, א פראָסט, אז די שינדל אויפן דאך קנאקן.

מיטאמאל הערט זיך פון הינטערן פענצטער א מיאוקען פון א קאץ. די מאמע גיט זיך א זעץ אויף אין בעט און זאגט צו אונז: „קינדער, כ'וועל נישט קענען שלאָפן, א רחמנות אויף א לעבעדיק באשעפעניש, ס'קען נאך חלילה פארפרוירן ווערן,

רופט אריין די קאַץ." אז מען האָט אריינגעלאָזט די קאַץ איז די מאַמע אראָפּ פון בעט און זאָגט צו אונז: „א באשערטע זאַך, מען האָט פּונקט אויס־געלאָזט פּעטס, וועל איך איר שוין געבן א פּאָר גריוון אויך."

נאָך צומאָרגנס איז דער מאַמען באשערט גע־ווען א תענית. זי האָט געעפנט די טיר און האָט אין פעדערהייזל געטראָפן ליגן א פארפרוירן פייגע־לע. וויפל מען האָט איר נישט געזאָגט, וויפל מאָל זי האָט זיך נישט געזאָלט צורירן צום עסן, האָט זי אַלץ געזאָגט: „כ'קען נישט, כ'קען נישט. אפשר איז עס א מאַמע פון עופעלך, דאָס קליינוואַרג קוקט זי דאָרט אויס." און האָט ערשט אָנגעביסן ביי די שטערן.

דער טאַטע איז געגאַנגען מיט אנדערע דרכים. ער פלעגט שוין נישט ריידן נישט נאָר מיטן הארץ, נאָר מיטן געדאַנק אויך. מען פלעגט אָפּט צו אים אריינקומען, ווי צו א מרא דאתרא, שואל עצה זיין זיך, אויסגלייכן א סכסוך, און קוים איז צווישן די צדדים אויסגעבראָכן געשרייען פלעגט ער מיט די הענט פארהאַלטן די אויערן: „א קול איז דאָך בא־שאַפן געוואָרן צום רעדן, נישט צום שרייען." ער שטייט אמאָל ביים פענצטער, ס'איז זומער, ער האָט ליב געהאַט נאָך שעהן זיצן איבער דער גמרא, אוועקשארן דאָס פארהענגל און ארויסקוקן אויף גאָטס וועלט. אין געסעלע איז שטיל. פּלוצלונג טראָגט זיך אָן א ייד ווי א וויכער און לויפט אין גרעסטן אימפּעט. דער טאַטע שרייט אים נאָך: „ר' ייד, זייטזשע מוחל." דער ייד כאַפּט א בליק אויפן טאַטן און גייט צו. „איר ווייסט ר' ייד, זאָגט צו אים דער טאַטע, — גאָט האָט אָנגעמאָסטן דעם מענטש זיין שפּרייז, ווילט איר אים אריבערשפּרינ־גען?" דער ייד האָט אראָפּגעלאָזן די אויגן און האָט אָנגעהויבן גיין ווי יעדער מענטש. און ער דער־מאָנט זיך ווי ער גייט מיטן טאַטן אין בית־מד־רש אריין. מען גייט אדורך דעם מארק. אויף דער פּאַטשעגע, ווו די שפּייז־געוועלבער געפינען זיך, שטייט א טרעגער און ברעכט שטיקער פון א ברויט. דער טאַטע ווענדעט זיך צו אים: „און, אז דאָס ברויט קאָן נישט שרייען, ר' ייד, דארף מען רייסן דערפון?"

נאָך נאָך שרעקלעכער ווערט מרדכי יעלינען ווען ער דערמאָנט זיך דאָס ארט, וווהין די דייטשע טמבלים האָבן ארויסגעפירט די גאַנצע עדה יידן פון זיין שטעטל, וואָס אלע זיינע אייגענע: עלטערן, קרובים, זיינען געוועזן צוזאַמענגעוואַקסן, ווי צווייגן מיט א בוים.

דאָס אָרט — די באַן־וואַלן, גאָט מיין איינ־ציקער, טראַכט ער, מיט וויפל קנופּן איז ער פאר־בונדן מיט דעם אָרט.

ווער האָט געקענט טראַכטן, ווענמען האָט גע־קאָנט איינפאַלן, אז דווקא אויף זיין באַליבסטן פּלאַץ וועט אומגעבראַכט ווערן די שטאָט.

א גרויסער פרייער פלאַן, וואָס ביי זיין ענדע בייגט זיך ארויף, ווי א פיין געשניצטער האַלדז, א הויכער וואַל. זומער איז דער וואַל באוואַקסן מיט גראָז, באשפּרענקלט מיט געלע זון־בלימלעך. און די אלע געוויקסלעך האַלטן זיך אזוי משופּע, קוקן ארויף, אראָפּ און אסור, זעט מען, צי עס ארט זיי עפּעס וואָס זיי וואַקסן אזוי אין דער שיף.

קעגן איבער — אויך א וואַל אָבער אינדערמיט ציען זיך באַן־רעלסן, ווי גאַרטלען צוגעפּאַסעוועט צו דער ערד אויף וועלכע באַנען לויפן דא פארביי הין און צוריק, ווו ווייט.

אהער פלעגט מרדכי יעלין קומען אין זיינע פריסטע יאָרן. פרייטיק נאָך האַלבן טאָג, ווען מען איז פריי פון חדר, פטור פון לערנען, פלעגט ער דאָ אהער קומען, אנידערזעצן זיך אויפן וואַל און וואַרטן: באַלד וועט פארביי א צוג. פון די וואַגאָנעס וועט ער זען אזעלכע נייע מענטשן: פרויען מיט מאָדנע היט אויפן קאָפּ, איינגעהילט אין סאַמעט, אין זייד. מענער אזעלכע דיקע, וואָס גייען עפּעס אָנגעטאָן אויך האַלב ווי ווייבער: אין שטרויענע היט, אין קאָלירטע פּאַנטאָפל, אין פארשידענפאר־ביקע שלייפן מיט שפּילקעס פארשטעקט, אויף די הענט טראָגן זיי אויך רינגלעך. דאָס אלעס זאָגט אים עפּעס אָן פון אזא גרויסער וועלט, פון אזוי־פיל פארשידענע מענטשן. ער האָט זיך דא אויך באַקענט מיט שטעט, מיט לענדער, פון די אויפ־שריפטן אויף די וואַגאָנעס: וואַרשע, ווין, בריסל. די דאָזיקע שטעט האָבן געוועקט זיין פאַנטאַזיע און ער האָט אָנגעהויבן בענקען נאָך זיי, נאָך איי־דער ער האָט זיי געזען. און איינמאָל איז גראָד פארביי א פּראַכט־צוג — נישט אינטערעסאַנט, אָנגעלאָדנט מיט סחורה. נאָר איין וואַגאָן איז גע־ווען ארומגענומען מיט א פלאַנדעק אויף וועלכן עס איז געווען אַן אויפשריפט: אַנטווערפּן. ער האָט זיך לאַנג נאָכגעפרעגט אויף דער שטאָט, און איז גע־וואָר געוואָרן, אז דאָרט איז א ים, א פּאָרט, שיפן. ער פלעגט נאָכדעם לאַנג ליגן אויפן געלעגער און טראַכטן: וויאזוי זעט דאָס אַלץ אויס.

איצט, ביינאַכט, ארום איז טונקל און דאָ קומט אָן צולויפן א לאָקאָמאָטיוו מיט א פּאָר פייַ־ערדיקע צעשפּיזטע אויגן, סאַפּעט און מיט גרימ־צאָרן שפּייט ער וואָלקנס רויך, געמישט מיט פונקען. און פון אונטן גליטשט זיך נאָך, אזוי סאָליד א צוג מיט פייערלעך, וואָס דורך די גלאַזיקע שייבלעך זעט ער אויס, ווי א שווימענדיקער פארכשופטער פּאַלאַץ. דאָ, ווו דער צוג קומט צו, צעשארט ער ארום זיך די פינצטערניש. און יעלינען ווייזט אויס, אז ער פירט די מענטשן אין אזא ליכטיקער וועלט אריין, ווו עס איז קיינמאָל נישטאָ קיין נאַכט, קיין פינצטערניש, קיין שרעק. און טאַקע צוליב די וואַלן דאָ, האָט ער אָנגעהויבן לייענען ביכלעך, געוואָלט זיך באַקענען מיט דער וועלט, מיטן לעבן פון מענטשן. און דאָ פלעגט ער טאַקע זיצן אין די פארנאַכטן, נאָך דער ארבעט, מיט א בוך.

אפילו, ווען ער האָט שוין אנגעהויבן גיין מיט מיידלעך, פלעגט ער זיך שטימען מיט זיי אויף דעם ארט. דאָ איז ער עפּעס באַרערעוודיקער געווען, מער פאַנטאַזיע געהאַט. דאָ האָט ער געקענט שמו־עסן וועגן דער וועלט, וועגן געשעענישן, וועגן שטעט און לענדער.

און איצט? ער האָט זיך געפילט ווי פאר־שניטן, אונטערגעהאַקט פון אלעם, ווי ער זאָל פון קיינעם נישט שטאַמען, ווי קיינער זאָל אים

נישט האבן געבוירן, ווי ער זאל קומען פון ערגעץ א וויסטעניש, ווו עס איז נישטאָ קיין איינגאנג און קיין אויסגאנג. א יתומדיקייט האָט אים ארומגענומען, וואָס האָט נישט זיינס גלייכן ביז איצט, א יתומדיקייט, וואס איז נישט געבליבן מיט וועמען אויסצוטראגן דעם משפחה־צער, דעם גרויסן טרויער פון דער אבדה. ער קען זיך בשום אופן נישט פאָרשטעלן וויאזוי זיין שטעטל זעט אויס איצט. ער האָט נישט לאנג צוריק געזען אין א זשורנאל א בילד פון א שטאָט וויאזוי די דייטשן האָבן זי פארלאזט. דאס איז געווען איין שטיק קויל, שוואַרץ, פארשרפעט. פון דעמלט אָן גייט אים נאָך דאס בילד, נישט זיך צו באפרייען דערפון. אנשטאט די געסלעך פון זיין שטעטל, וואָס איינס אין ס'אנדערע האט דיך אזוי ליכטיק געפירט, אויסגעלייגט זיך אין אזא העלן וועג, מיט באקאנטע מענטשן, אנשטאט דעם זעט ער האָלאָוועשקעס, קופעס אש, פארפאליעטע בעלקעס, אָנגעוואָרפענע איינס אויף ס'אנדערע אָדער הענגענדיקע, וואָס סטארטשען ארוים אזוי דראענדיק, ווי זיי וואלטן געשריען צו דער וועלט: זעט, זעט, וואָס עס איז געוואָרן פון א שטאָט.

און נישטא איז קיין איין און קיין אויס, אלע וועגן זיינען צעמישט, מען ווייסט נישט ווו מען געפינט זיך, ווער דער פלאץ איז — תוהו ובוהו. און אין דעם חושך האָפּסן ארום שווארצע קראָען ווי אין זייער לאנד, אין זייער מדינה און זוכן און נישטערן שיריים פון פארפאליעטע מענטשן און קראקען, קראקען פאר גרויס ווײלטאָג.

אזוי האָט ער איצט געזען זיין היים.

צייטנווייז פלעגט ער זיך פארגעסן, לעבן ווי אין שכרות. דאָס איז געווען אויפן מיליטערישן זאַוואד אין טאשקענט, ווו ער מיט נאך א גרופע פוילישע יידן האָבן געארבעט. ער שטייט אין צעך ביים ווערקשטאָט. און דער האסטיקער ריטם פון דער ארבעט צינדט אים דאָס בלוט, צעשרויפט אים ווי אין א קאראהאָד־טאנץ. ער געדענקט דעמלט גאָרנישט. ער איז פון איין זאך באהערשט: וואָס מער געווער.

דער געברום פון די לויפנדיקע טראנסמיסיעס, דאָס גרילצן פון די וואלצן קלאפט אויס צו זיין אויער אזוי דייטלעך: א טויט, א טויט, א טויט! ווי עס וואָלט עס ווער אויסגעשריען. און ער שמייכלט אליין צו זיך און צעלאזט די הענט אין גרעסטן אימפעט.

אז עס קומט איבער אוים איבערצוטראגן טילן פון געווער פון צעך אין דער עקספעדיציע, גייט ער מיט א ציטריקער אויפרעגונג, אויסגעטאָן פון אלעם, וואָס שנעלער עס זאָל אָנקומען אויפן ארט. זיין גאנג דערמאנט אים דעמאלט אָן זיין פאָטער, ערב יום־כפור פארנאכט, ווען ער איז געגאנגען צו כל־נדרי אין דער בליק איז געווען פארטראָגן אין די הויכע מקומות. ער האט געגלויבט, דער פאָטער, אז פון דעם גאנג איז אָפּהענגיק דאָס לעבן אָדער דער טויט. און ער, מרדכי יעלין, פילט אויך איצט דאָס אייגענע.

פארענדיקט די ארבעט און א צווייטע וואכטע שטעלט זיך אויף זיין ארט, פארהאלט ער זיך נאָך לאנג, קוקט צו די הויכע פאבריקס־קוימענס, פון וואנען עס זעצט א רויך. דער רויך צימט זיך, שלענגלט זיך, בעט זיך אוים א שווארץ שטעגל אונטערן פרייען הימל. און מרדכי יעלין זעט אין דעם שווארצן וועג אויף וועלכן די שונאים וועלן דערגיין צום סוף, צום סוף.

פארלאזנדיק די פאבריק נעמט אים ווייטער ארום אזא עלנטקייט. וועמענס איז ער אין ווער איז זיינס? ווי א שטיין וואָס וואקסט אויס אין א פעלד איינער אליין. אומגעברענגט זיין דור. איבערגעריסן דער פאָדעם פון די יעלינס, נישטאָ קיינער אויסער אים.

נאר איינמאל, גייענדיק איבער די שמאלע אלטשטעטישע געסלעך און א געדאנק האט אים באהערשט, א געדאנק וואָס האָט אים באלויכטן זיין גאנץ לעבן. פונקט ווי א רעפלעקטאר ווארפט א שיין אויף א פינצטערן וועג.

ס'האט זיך דאָך אייגנטלעך דעם שונא נישט איינגעגעבן, דעם וואָרצל האָט ער נישט אויסגעריסן. לעבט ער דאך, מרדכי יעלין, דער לעצטער פון די יעלינס, וואָס זענען אומגעקומען פון א פארניכטנדער האנט. און פארוואָס זאָל ער נישט זיין דער ערשטער פון א נייעם דור פון די יעלינס. ער וועט ווייטער איינפלאנצן די אלע מידות, וואָס האבן גענעסטעט אין זיין משפחה, ווייטער וועט ער איבערגיסן דאָס דאזיקע בלוט אין שפעטערדיקע דורות. און ער האָט זיך דערפילט שטאָלץ אויף זיך, זיין לעבן איז אים איצט געוואָרן דאָפּלט טייער, עפעס א מיסיע האָט ער אין זיין לעבן באקומען.

יונג איז ער נאָך. בסך הכל פיר און צוואנציק יאָר. און מיט נייע געדאנקען האָט ער זיך איצט ארומגעטראָגן, ווי אזוי זיך אויסצובויען א היים, א פאמיליע — צוריק אויפצושטעלן זייער גזע.

דאָס אייגענע איז דאך מיטן גאנצן פאָלק, האָט ער געטראכט, דער שורש פון פאָלק איז דאך נישט פארטיליקט. אָפּגעבראכן א פאָר צווייגן, אָבער דער שטאם שטעקט דאָך אין דער ערד. און ווידער וועט אויפשיינען די זון און ווידער וועט אראָפּנידערן טוי און צוריק וועט דאָס פאלק בליען און וואקסן.

טאשקענט, מאי 1945.

נחום באָמזע

## פרילינג

אין מיין שטעטל אויף די לאָנקעס
וואַקסן גראָזן און בונטע בלומען.
איך בין ווידער דאָ אַהער געקומען
און אויף די פעלדער אומגעבלאָנקעט.

דאָ איז געווען מיין חיים.
זי איז אוועק אין פייער-פלאַקער.
איצט, אין פרילינג דורך פעלדער צעאַקערט,
גיי איך איינער אַליין
צום ראַנד פונעם וואַלד.

ווי אַמאָל צוריק מיט יאָרן
פירט די סטעזשקע דורך פעלדער פון קאָרן.

דורך איוואַנס סעדער צעבליטע
האָט מען מיינע ברידער געפירט צו דער שחיטה.

די זון גייט אויף ביים גלחס וואַלד
פונקט ווי אַמאָל.
די זוי פאַרגייט ביים גלחס טייך
אין גרינעם טאָל.

די גראָזן זענען גרין און געל די בלומען.
שמעטערלינגען פלאַטערן, בינען זשומען
און פליען מיט דער זיסקייט איז בינען-שטאָקן.
נאָר איך בין אַלץ נאָך פאַרציטערט,
נאָר איך בין אַלץ נאָך דערשראָקן,
ווייל רויט זענען גראָזן,
ווייל דער האָניק איז ביטער
און ס'קען זיין, אַז דאָס ברויט, וואָס איך עס,
איז געוואַקסן אויף מיין ברודער — דעם מת...

פּאַריז, אַפּריל 1946

## חיים

אַן ערדענער דיל אין דער פרעמד,
אויף אַ שטריק אַן אויסגעוואַשן העמד,
אַ ציג, וואָס קייט דאָס שטרוי פון דאַך,
אַן אַלטע פרוי אין אַ טיכל פאַרנאַכט,
אַ ווערבע-בוים אויף אַ לאָנקע אין גראָז,
אַ קינד, וואָס וויינט איי אָוונט אַן אַ פאַרוואָס,
שוואַרצע קאַווע אין אַ טאָפּ פון געלן ליים —
בלאָז בענקשאַפט צו מיין חיים.

דאָס מעקען פון אַ קראַסער קי,
אַ זקן אויפן שוועל אין פאַרנאַכטיקער רו,
דאָס מיאַוקען פון אַ גראָער קאַץ,
אַ נישט אַרומגעגרויזעטער פרייער פּלאַץ,
מיט קימל אַן אויסגעבאַקן לעבל ברויט,
אַ קישן אין אַן אייַנשיט אויף אַ פּלויט.
אַ לוויה בייטאָג מיט אַ געוויין —
שוואַרצע בענקשאַפט צו מיין חיים.

1944

## אַזויפיל יאָרן

אַזויפיל יאָרן שוין אַיונק
זינט איך האָב דיך פאַרלאָזן.
איז ס'איז מיר פאַרבל בן:
דער גרינער ברעג,
די ווייסע בעריאָזע,
ביים טייך
און די געלע זון,
וואָס באַלייכט
דיין צוקנדע ליפּ
און די ליבשאַפט צווישן אונז —
אַ קניפּ.

## קידוש-לבנה

אַ לבנה-שטראַל האָט מיין אויג פאַרשטאָכן
אין אַ פשוטן מיטוואָך פונדערוואָכן.

אַ נעפּל-שטרייף האָט דעם האָריזאָנט פאַראַרטלט.
דער הימל איז אויסגעפוצט אין זילבער-קנעפּ.
די יידן אין לבנה-שטעטל וואַרטן
ביים בית-מדרש פאַר די טרעפּ.

די פויערים זענען בייז — זיי קוקן:
יידן שאָקלען זיך, יידן בוקן
זיך פאַר דער לבנה.

פויערים פירן פונעם וואַלד פורן שפּענער
אין לאַכן הויך, שטויגנען פאַרחידושט:
— ווען נישט זיי, די זשידעס,
וואָלט די לבנה קיינמאָל נישט געוואָרן קלענער...

פויערים פירן אין די שענקן בראָנפן-פעסער — —
די פערד דרימלען, פויערים — שיכור — דרימלען;
די יידן שעפּטשען פאַרבענקטע צו די הימלען
און איך זע: די לבנה ווערט אַלץ גרעסער, גרעסער...

1945

# קאַשמאַר־ליד

דעם אנדענק פון ח. ה.

איך געדענק דיך קוים, קוים, ווי דורך דער וואָר,
וואָס איז אין מיין לעבן לאַנג שוין צערינען.
דער ווינט האָט צעבלאָזן דיינע שוואַרצע האָר,
ווען מיר האָבן שפּאַצירט דורך גערטנער גרינע.

דו האָסט געפּלאַפּלט און געלאַכט
און געזאָגט: אַלץ, אַלץ איז דאָך אַ ליגן.
דערנאָך, ווען ס'איז צוגעפאַלן די נאַכט,
זענען מיר אויפן בערגל אַרויפגעשטיגן

און דו האָסט געוויזן מיט דיין האַנט אין טאָל
(איבער אונז האָט געגרוילט דער מולד):
— אָט דאָרט האָבן זיי, די שכנים, אַמאָל,
מיך געמאָרדעט און מיין קינד געקוילעט.

זי האָט געשווידערט: ס'איז באמת אַ וווּנדער,
ווי איך גיי מיט דיר אַצינד אויף דער ערד,
ווייל ס'האָט דער מערדער מיט זיין שווערט
צעטיילט מיין גוף באַזונדער און מיין קאָפּ באַזונדער.

און איצט איז ווינטער. אַזאַ וווּנדערלעכער שניי
איז אויסגעפאַלן אויף יענע ערטער.
און מאָרגן, וואָס איך, אַ טויטע, גיי
אַרום שפּאַצירן להכעיס מיינע מערדער...

איך געדענק דיך קוים, קוים, ווי דורך דער וואָר,
ס'איז געווען פרילינג, אַ וווּנדערלעך גרינער.
אַוועק אַ צייט, איך געדענק נישט וויפל יאָר,
און איצט, מיר האָבן ווידער זיך געפינען...

# באַלאַדע פון אַ ווינטער־נאַכט

איך ווייס נישט, וואָס ס'האָט מיך דערמאַנט
דער ווייסער שניי פון מיין וווּנדערלאַנד.

ס'קען זיין, און אפשר אין מעגלעך
דאָס ווייטע קלינגען פון אַ שליטנס גלעקלעך

האָט מיך דערמאַנט
אָן מיין וווּנדערלאַנד.

* * *

די שטוב, די קאַמער, דאָס מעבלווארג באַזונדער
איז אויסגעצירט אין ווייסע פליטערלעך פון וווּנדער.

די טיר איז צוגעשפּאַרט מיט האַטשיקעס פון אייזן,
און פאַר דער טיר אויף וואַך שטייט דאָס פּעדער־הייזל.

דער טאַטע האָט יעם קוימען שוין פון לאַנג פאַרשטעקט,
נאָר אינדרויסן וויינט און וויל אַריין די שרעק.

די שטוב — אַ שיפל — שווימט אום אין גראָער פאַרע,
דער ווינט איז מיד און וויל אַריין דורך קלענסטער שפּאַרע.

נאָר אַלע טירן שוין פאַרשלאָסן, די לאָדנס פאַרשפּאַרט.
איבן טיש, פאַרלאָזט טליעט נאָר יער סאַמאָוואַר

און ס'בליט דער פראָסט. אויפן הימל דער מולד,
ווי דאָס בלוט פון אָקס, וואָס בעריש שוחט האָט געקוילעט.

מיין טאַטע שווייגט ביים אויוון, די מאַמע רעדט פאַרזאָרגט:
— אויסגעשיקט די קינדער אין ווייטן לאַנד נעויאָרק.

דער אָוונט — אַ שליטן מיט זעקס פאָר פערד נאשפּיץ —
האָט ווידער אין מיין חלום דורכגעבליצט...

...געקומען איז מיין ברודער פון אַ ווייט שטח
און געבראַכט מיר אַ מתנה — אַ ווייסן צוקער־לעקעך.

געפאָרן פון נעויאָרק דורך לענדער און דורך ימען,
געקומען אינם שטעטל צו דער קראַנקער מאַמען.

דער אַלקער איז שוין פול מיט שכנטעס און שכנים,
זיי שטופּן זיך און רעשן זיך, זיי לאַכן און זיי וויינען:

— הענדע, ליבער אייער גאַסט פון דער ווייטער רייזע!
נאָר ס'קוקט מיין מאַמע מיט אויגן שוין פאַרגלייזטע.

דער דרייער־קאַנעץ, ווי דעם דאָקטאָרס לאָמפּ, צעברענט,
נאָר ס'קוקט מיין מאַמע—זי האָט אים גישט דערקענט.

— מאַמע, — בעט דער ברודער, און זיינע טרערן רינען, —
צו דיין בעט איך בין געקומען פון דער גרויס־מדינה.

אַ סך האָב איך געזען דאָרט דימענטן, בריליאַנטן,
גאָר ס'האָט געטריבן מיך אַהיים צום שטעטל דעם באַקאַנטן.

מיין מאַמע רעדט קיין וואָרט נישט, זי קוקט מיט אויגן בלינדע,
— אַ ווייטיק צו דער מאַמען, וואָס דערקענט נישט אירע קינדער...

ווער האָט מיך אויפגעוועקט? איך האָב ווייזט אויס געשריגן... —
דער חלום איז אַ ליגן — ער האָט געמאָלט אַ ליגן.

אין שטוב איז שטיל, פאַרלאָשן שוין דער סאַמאָוואַר,
מיין מאַמע אָטעמט מאָדנע, ווי מע רויכערט אַ ציגאַר.

דער טאַטע מיט כוונה ציט אַן דעם אַלטן זייגער
און פרוווט דעם שלאָס פון טיר פאַרן שלאָפן לייגן...

* * *

איך ווייס נישט, וואָס ס'האָט מיך דערמאָנט
דער ווייסער דויך פון מיין ווונדערלאַנד.

די לבנה אויפן הימל — אַ צעגריטע פּייערפּאַן —
האָט ווידער מיך איין שטילע קינדער־טרוים פאַרשפּאַנט.

פאַרשיט דער וועג און אָפּגעבריבענט דאָס שטיבל —
פון אַלע דאָרט בין איך איינער נאָר פאַרבליבן.

דער שניי בלענדט אויף די דערמאָנונג אין זכרון —
דער זעלבער שניי פון מיינע קינדער־יאָרן...

## בינעם העלער

# ישראל שטערן

ווען אויסגעגאַנגען איז ישראל שטערן
האָט צוגעשלאָסן זיך דער קוואַל פון טרערן.

ווען ס'האָט זיין גוף געטאָן דעם לעצטן צאַפּל —
די ערד האָט נאָכאַמאָל פאַרדינט אַ מבול.

נאָר דורך דעם בלוט, וואָס רינט אין יעדן אָדער —
ער ווערט אָן אויפהער ביי דער וועלט געפאָדערט!

זיין גוף אויף דער נקודה פונעם הונגער —
זאָל שעלטן דער, וואָס האָט אַמאָל געזונגען!

די שפּראַך, וואָס האָט אַמאָל געטויגט אויף גראַמען —
איז אין זיין פּיין געטונקען, ווי אין פלאַמען.

און אין מיין חלום־וואַנדער זע איך איינעם:
דעם דיכטערס שטערן אין אַ זעקל ביינער.

ער ליגט נאָך אַלץ אין געטאָ א פאַרשמאַכטער
און וועגן לעצטן גאָט־להכעיס טראַכט ער,

ווייל אויב ס'איז אמת, אַז לית דין ודין
דאַרף יעדער שלאָגן זיך מיט זיין בלייזן

און ער האָט מער נישט ווי די פלאַטפיס שווערע,
ווי ס'ביסל כתבים פון דעם דיכטער שטערן.

דאָס לעצטע ליד מיט בלוט באַדאַרף מען שרייבן,
נאָר אויב דאָס איז נישטאָ, — וועט ער דאָ בלייבן.

און לאָזן זיך פון הפקר־ווינטן שטענדן,
און וועט מיט זיך — די גאַנצע ערד פאַלענדן.

אַ יאָ! ער טיילט זיך אָפּ מיט לעצטן צאַפּל —
די ערד פאַרדינט איצט נאָכאַמאָל דעם מבול.

# צו פוילן

אַ פּוילישע ערד, שענק מיר אָרט אויף אַ קבר
און איבערן קאָפּ שטעל אַוועק מיר אַ בזשאָזע —
איך בעט זי ביי דיר ווי אַ ווייסע מצבה!
אינמיטן פון דיינע פאַרנאַכטן די ראָזן,
שיק צו אויף אַ ווייל צו איר לייכטן געבלעטער,
דעם ווינט פון די ווייטע פאַרגאַנגענע יאָרן.
איך וועל איך דערקענען פון אונטער די ברעטער,
איך וועל איך דערשפּירן אין פינצטערן אַרין.
וועסט זען אַז אין ווינט ווערט די בזשאָזע אַ רעדע־טאָן
די שפּראַך פונעם שיינעם און צאַרטן געשטאַמל,
אויף וועלכער איך האָב, ווי אַ קינד, זיך געבעטן,
און וועלכער עס האָט מיר געענטפערט די מאַמע.
און נעפּל פון דיינע פרימאָרגנס די קילע,
דו נידער אַראָפּ אויף מיין קבר די טויען. —
זיי מוזן אוודאי געדענקען די תפילה
די גרעסטע וואָס כ'פלעג זי נישט קיינעם געטרויען...
נאָר אָפטער פון אַלעם, וואָס אָפטער — איך בעט דיך —
דו שיק מיר די שוואַרצע, די פינצטערע כמאַרע,
וואָס פלעגט מיר פאַרדעקן דיין הימל און שטח
און גיין מיר געלערנט אויף דיר דורך געפאַרן.
מיט דונער און בליץ זאָל זי ווידער אַ גיי־טאָן
און וואַרפן די בזשאָזע אין רויש און אין קנוידער

דורך איר זאָל זיך ווידער צערשרייען דער ווייטיק,
דורך איר זאָל איך ווידער דערשפירן דעם שיידער
פאַר אַלע די נאָענטע וואָס זענען געשטאָרבן
און האָסט נישט אַפילו פאַרהיטן די ביינער
און האָסט נישט געלאָזן קיין סימן פון חורבן
ווייל — אויסער דער בזשאָזע — וויל קיינער נישט וויינען...

# אין דעם שיינעם וואַרשע

אין דעם שיינעם וואַרשע, אויף אַ באַרג מיט ציגל,
צווישן בלאָס און מושב וואַלגערט זיך מיין וויגל.

און די רעגנס גיסן, און די ווינטן יאָגן,
און פון ווייטע פעלדער—ערד ווערט אַנגעטראָגן.

אין דעם שיינעם וואַרשע, צווישן שטויב און שימל,
וואַקסט אַרויס אַ וווּנדער, בליט אַ ליבטיק בלימל.

קיינער וויל נישט קומען, קיינער וויל נישט וויסן,
קיינער וועט דאָס בלויע בלימל נישט באַגיסן.

אין דעם שיינעם וואַרשע, צווישן זאַמד און שטיינער,
הייבט זיך אויף מיין מאַמע פון די טויטע ביינער.

זע, די ביינער ווערן שנעל מיט הויט פאַרצויגן,
זע, אין טויט-שאַרבן שיינען העל די אויגן.

אין דעם שיינעם וואַרשע, אויף דער וויג אַריבער,
בייגט זיך אָן מיין מאַמע און זי שעפּטשעט: „ליבער".

און זי זינגט דאָס ליד, וואָס קיינער וועט נישט הערן,
און זי טרינקט דאָס בלימל אָן מיט אירע טרערן.

# נאָך אונז

נאָך אונז וועלן אייביק פאַרבלייבן אין פוילן,
זכרונות ווי וואָרצלען פון ביימער וואָס פוילן.

מיר וועלן אין קברים דאָרט לאָזן די זיידעס —
פון אייביקן אומגליק און אומרעכט די עדות.

נאָך מער וועט דער שניידער נישט לאַטען קיין קליידער,
זיין יינגל וועט מער שוין נישט זינגען אין חדר.

ס'וועט יאַנקלען דעם פאַכטער פאַרגעסן דער פויער,
פאַרלירן זיין חן וועט דער פוילישער טרויער.

פון שוואַרצע און זאַפטיקע פוילישע פלוימען,
וועט מער שוין נישט שמעקן מיט רות און מיט נעמין.

ס'וועט מער נישט באַגלייטן דעם פוילישן דעמער
דער יידישער אומעט, דער יידישער זמר.

אום האַרבסט וועלן מער שוין נישט רוישן די ביימער
מיט יידישן פחד און יידישער אימה.

נאָר איינמאָל, קאָן זיין, אין פאַרנאַכטיקן כשוף,
וועט אויפשטיין צום לעבן אַ יידישער ישוב.

אַ שאָטן פאַריס, מיט צעפלויגענע פאָלעס
וועט ווירער זיי פירן אין פוילישן גלות.

משה גראַסמאַן

# היימישע געשטאַלטן

דערינערונגען וועגן אומגעקומענע יידישע שרייבער

## שמעון האַראַנטשיק

פאַראַן שוין אַ גרייטע פאַרשטעלונג וועגן דעם אויסזען פון אַ שרייבער. מען גלייבט אין דער פּלאַנמעסיקייט פון דער נאַטור — באַשאַפט זי אַ מענטש וואָס וועט זיין אַ קצב — איז שוין זיין אויסזען אַנטשפּרעכיק געשטאַלטיקט. שוין אין די קינדעריאָרן קאָן מען, הייסט עס, פעסטשטעלן, מיט וואָס פאַרא בן־אדם מען האָט צו טון. דאָס זעלבע, לאָמיר זאָגן, ביי אַ פילאָזאָף — זיין פּנים איז פאַרגייסטיקט. מען זעט עס אין די אויגן, אין גאַנג, אין דער האַלטונג. אַזוי אויך, מסתמא, ביי שרייבער. אמת די נאַטור קאַפּריזעוועט זיך אַמאָל, לאָזט אַמאָל אַרויס אַ בלויזע דעקאָראַציע — איר זעט פאַר זיך אַ פּנים פון אַ פילאָזאָף — און ער איז גאָר דער סאַמער דורכשניטלעכסטער פיליסטער — אויב נישט נאָך נידעריקער.

צי איז עס אַזוי? צי איז אַזאַ אויסנאַם־דערשיינונג בלויז אַ דורכברוך פון אַ נאַטור־גזירה, אַן אָפּווייכונג פון אַ פּלאַנירטן באַשאַף־סיסטעם, צי אַנדערע סיבות הערשן און באַווירקן דאָ?

שמעון האַראַנטשיק האָט שטענדיק געליטן צוליב זיין אויסערלעכן מגושמדיקן אויסזען. העכער פון מיטלוווקס, אַ צעגאָסן, צערונען פּנים, דיספּראָפּאָרציאָנעל, מיט אַ ליידיקן נאָכהענגענדיקן גווידער, אַ ציגל־רויטע, אַפּאָפּלעקטישע פאַרב, קליינע, גראָע, אומרואיקע אויגן. דער קערפּער — ווי אַן אומגעלומפּערטער אָנגעפּאַקטער זאַק און דער גאַנג אַזוי אומגעלומפּערט. דער טריט אַ נישט־דעצידירטער, שטעלט אַ פוס און האָט חרטה, וויל אים צוריקציען — איבערגעשראָקן.

ער וועט אַראָפּוואַרפן דאָס צעקנייטשטע קאַשקעטל, וואָס פאַרשאַרפט נאָך מער דאָס אויסזען פון אַ משונהדיק איבערגעפּאַקטן פאַרשוין, גייט ער אַריין אין געשעפט אויף נאַוואַליפּקי 6 זיך קויפן אַ קאַפּעליוש. ער מעסט, קלויבט זיך צו, איז אַביסל פאַרלוירן. דער עקספּעדיענט ווערט אויפגערעגט:

—רב ייד, דער־אַ קאַפּעליוש דאַרף אייך קליידן, גראַנאַט איז נישט פאַר אייך, איר זענט דאָך אַ קצב, יאָ?

דאָס פּנים, דער קאַרק, דער קאָפּ — אַלץ האָט זיך אים פאַרגאָסן מיט בלוט, די אויגן אויך אין זייערע פייכטלעך. ער לאָזט ליגן די אַלע היט אויפן בופעט, כאַפּט דאָס קאַשקעטל זיינס און ליופט אַרויס פון געשעפט...

ער אָטעמט שווער.

איך טרייסט אים:

— האַראַנטשיק, קוקט זיך גוט איין אינם בילד פון באַלזאַקן, וועט איר זען, אַז איר זענט געראָטן מיטן אויסזען אין אים, שטאַרק געראָטן.

ער כאַפּט מיך ביים אָרעם, לענט זיך אויף מיר אָן, צוגעדריקט. איך זאָג אים שטיל און פייערלעך:

— און אויב איר ווילט וויסן — איז נישט נאָר אייער אויסזען, נאָר אייער שרייבן — איז אויך געראָטן אין באַלזאַקן.

נעמט ער אַפּויר זיין האַנט פון מיין אָרעם, בלייבט שטיין, קוקט מיך אָן. די אויגן האָבן זייער פאַרב געביטן, שוין נישט גראָ, נאָר בלאָ — דאָס איז אַוודאי צוליב די טרערן.

נאָך אין דעם טאָג האָט ער אָנגעשריבן 40 זייטלעך פון אַ ראָמאַן.

מיט עטלעכע יאָר פאַר דעם האָט מען אים אויך באַוואָלט — נישט קיין עקספּעדיענט אין אַ הוט־געשעפט, נאָר אַ ליטעראַטור־קריטיקער — אָנגעשריבן אַ שלעכטע רעצענזיע וועגן זיינס אַ בוך. איז ער געקומען דאַן אין רעדאַקציע „ליטעראַרישע בלעטער“, זיך אַוועקגעזעצט אויף אַ שטול, אַרויסגענומען אַ פלעשעלע יאָד און עס אויסגעטרונקען.

קאָן ער נישט זיין דאָס, וואָס ער האָט געמיינט, אַז ער איז — דאַרף מען נישט, וועט ער אַוועק אין דער וועלט — ווו ס'ליגט אַן אומגעקומענער ברודער זיינער — אַן אַנאַרכיסט.

אַ האַרציקער ברודער, אַ נשמה־מענטש, מיט קליינשטעטלדיקער, היימישער וואַרעמקייט — יענער וועט אים דערפילן — וועט ער אים אַרומנעמען און היימיש, משפּחהדיק זיך טוליען צו אים. ער איז דאָך אַזוי איינזאַם, פאַרלאָזן — מען פאַרשטייט אים נישט.

אויסגעטרונקען דאָס פלעשעלע יאָד און זיצט מיט דעם קאָפּ פאַרוואָרפן אויף דער שטול און קרעכצט. ער טראַכט נאָך יעצט, אָבסערווירט זיינע אייגענע איבערלעבענישן — אַזוי, הייסט עס, דאַרף מען שילדערן אַ זעלבסטמאָרד — אַזוי זעט עס אויס. ער געפינט אויס נייע דעטיילן, וועלכע ער האָט ביז איצט אין זיין קינסטלערישער אמת־פאַרשטעלונג נאָכנישט געהאַט געזען. אָבער פאַרפאַלן, דעם סוד, די נייע באַאָבאַכטונגען וועט ער שוין אַהינפירן דאַרטן, צום ברודער.

געקומען די „גיכע הילף“, מען וויל אים אַריינלאָזן אַ גומען־רערל דורכן מויל, אויספּאָמפּען דעם סם — נאָר ער לאָזט זיך נישט, האַלט פאַרהאַקט די ציין און וויל זיי באַין־אופן נישט עפענען. עס ליופט צו דער פאַרלעגער שקליאַר, וויל אים אויפרייסן דאָס מויל — האַראַנטשיק ווערט זיך, לאָזט זיך נישט און שקליאַר צעכעסט זיך:

— עפנט אויף דאָס מויל, אידיאָט!

יאָ, ער עפנט דאָס מויל, נאָר נישט פאַרן גומענעם רערל אויף אָפּצוראַטעווען אים דאָס לעבן, נאָר אויף אָפּצוענטפערן אויף דער לעצטער באַליידיקונג:

— רעכנט זיך מיט די רייד!



יוסף קירמאַן



בער האָראָוויץ



יעקב שודריך



ברוך אָליצקי

אין ליטעראטן־פאריין דערציילט מען זיך וועגן הארׇנטשיקס זעלבסטמארד — קוריאׇז־מעסיק, א טעמע פאר קביעץ און וויץ. נאׇר איינער רופט זיך אׇפּ אויף דעם אנדערש — ישראל שטערן. ער שרייבט אׇן א ליד:

„אין יענעם טאג איז א מענטש באגאנ־
גען זעלבסטמארד". געווידמעט ש. הא.

קומט ער פון וועלטס אומגעריכטקייט
וו דער מענטש האט דעם ווינט ערשט דערהערט,
גלייך נישט אלט איז די ערד
און דער בוים איז גאטס קינד ווי פארצייטן.
...אלא וואׇס, מען זעט נישט קיין צווייגן?
נישט פעלדער מיט גריקע פארזייטע?
נאׇר מענטשן ווי שטריק אויסגעשפרייטע,
הענגען זיך איינע די צווייטע?
...אלא וואׇס, מען זעט נישט קיין צווייגן?
האׇט ער הענט ווי געבעטן, וואׇס שווייגן,
...און א הארץ, וואׇס גלאנצט אויף געוויין,
ווי א בלימל, וואׇס דרימלט אויף ליים...
און אזוי וויל ער בליען און שווייגן.

— — — — — — — — — — — — — — —

און אויב וועלט האט שטאלענע קארבן
קלעמט דער צאן אין איר אייגענעם שארבן, —
וועט ער די ערד מיט זיין בלוט טיף באפארבן,
די זיסקייט זאׇל העכער אויפשטייגן...
ניין, ער וויל ה.איק נישט שטארבן".

ער איז אׇפּגעראטעוועט און לעבט ווייטער. שאפט נאׇך א צענדליק ראמאנען, יוסטע ווערק, פולע, זאפטיקע, מיט דעם ריח פון ערד און ליבע. דאׇס לעבן איז שיין, די ליבע שפּראׇצט און וואקסט אין מענטשלעכן גוף ווי גריקע אויף פעלדער, ווי רויזן און אויך ווי קרויט.

ציטערט ער דעריבער איבערן לעבן, איז א פּחדן. ווארים זעט נאׇר ווי לייכט עס איז דאׇס לעבן צו פארלירן — ביי אן אומפארזיכטיקן טריט, ביים אריבערגיין די גאס — גייט ער פּאמעלעך, שווער און פארזיכטיק; שרייבן זשורנאלן וועגן דער קראנקהייט ראק — עסט ער צוויי מאל אין טאג צו ציינדלעך קנאׇבל; גייט ער ארויף אין ליטע־ראטן־פאריין—אויף דריי שטאק שטיגן און וויל קיינמאל נישט איינשטייגן אין דער ווינדע — נאׇך וואׇס? טאׇמער? מיידט ער אויס צוזאמענלויפן, גייט ער קיינמאׇל נישט נאׇך קיין לוויות.

און ער איז אזוי נאיוו און אומבאהאׇלפן. שרייבט דיקע ראמאנען, נאר איז נישט אימשטאנד אׇנצושרייבן א קליינע נאטיץ. און ער איז א טעמע פאר קוריאזן. און אז ער קאׇן אׇבער פארט נישט טרעפן אין די קארבן פונם לעבן? איז די פרייד פון שאפן פארטרעט אים אלץ — פאמיליע־גליק, טאג־טעגלעכע פארגעניגנס — גייט זעלטן אין קינאׇ, אין טעאטער, קיינמאל נישט אין קיין רעסטאראן, ליעבט צוביסלעך ווי א פרוש און צוביסלעך — פויעריש. ער איז נאׇר א משרת ביים לעבן — זיין אויפגאבע איז באשרייבן, אויפכאפּן דאׇס, וואׇס נישט יעדער אויג זעט עס. איז דאס אייגענע לעבן גרא — נאר אין די שעהן פון שאפונג — דערהייבט מען זיך, ווערט מען געלייטערט און מען לעבט איבער דאׇס לעבן — פון זיינע באשאפענע העלדן. האט נישט ליב דאס לעבן, נאר קלאמערט זיך דערין, האלט עס קראמפיק מיט די פינגער — און אפשר נישט אזוי דאׇס לעבן, דאס זיין, ווי ער האט מורא פאר דעם נישט זיין, פאר דעם טויט. איז ער אייביק פול מיט פחד און צום זיכערסטן פילט ער זיך אין זיין קליינעם צימערל, ביים שרייב־טישל.

אין יאר 1939 איז שוין שווער צו אׇטעמען, שוין נישט מחמת שרעק פאר ארונטערפאלן אונטערן טראמוויי און פאר ראק — עס שטיקט די אימה פאר — היטלערן.

יעדן טאג קומט ער צו מיר צו דער ארבעט, זעצט זיך אוועק ביים טישל און וויל, אז איך זאׇל אים גרינטלעך אינפאׇרמירן ווי עס האלט, צי איז טאקע פאראן די סכנה פון מלחמה. ער לייענט אסך צייטונגען און זשורנאלן און אלע פּאׇליטישע נייעסן, נאר ער האט ליב דאס זעלבע צו הערן, ווען א צווייטער איז עס אים מסביר.

איך עצה אים אלץ צו ליקווידירן, וואׇס עס מיינט אייגנטלעך, איינפּאקן א קליין רענצל מיט זאכן און פארן קיין פאריז. ער איז פון דעם פאר־שלאג איבעראשט און — אנטציקט. מען קאׇן אוועקפארן, אויסמיידן דעם טויט, די מלחמה — נאר ער איז דאך אזוי שווער־לייביק, ווי אזוי רייסט מען דאס איבער מיט דעם אלעם און — קיין פאריז? אמת, ער איז שוין דארט אמאׇל געווען, זעט עס אים אויס לייכטער, אין א ניי ארט וואׇלט ער באין־אופן נישט געוואגט.

און אזוי גייען דורך עטלעכע טעג, עטלעכע וואׇכן, יעדן טאג קומט ער זיך עצהן און קרעפטיקן אין דער דעה און צוגרייטן זיך צו דער נסיעה. און עס איז געשען — ער איז אוועק קיין פאריז. צוויי חדשים אדורך — ער איז דאׇ צוריק. ער קומט צו מיר מיט טענות און תרעומות. דארט איז שווער צו לעבן פאר א יידישן שרייבער. נאׇך דעם יידישן פוילן, נאׇך דעם פילפארביקן יידישן ישוב — איז אוממעגלעך דארט צו זיין און צו שאפן. ניין, קיין מלחמה, זאׇגט מען, וועט נישט זיין, איך האב אים אומזיסט איבערגעשראקן, איך האב אים צעבראכן — זאׇל שוין זיין אפילו מלחמה — ער וויל בלייבן דאׇ — צוזאמען מיט אלע.

און עס איז געשען. מלחמה. דעם 6־טן סעפּ־טעמבער קומט ער צולויפן צו מיר מיט עפּעס א מיטליאריקער פרוי, א פריינדין זיינער, אן אקושע־רין. זי האלט אים אונטערן ארעם, ער איז אׇן לשון, טרייסלט זיך, ער שטאמלט קוים ארויס:

— גראסמאן, מיט אייך וועל איך לויפן. לאׇמיר שוין לויפן; גיך, איך האב אלץ געלאׇזן אינדערהיים, נאׇר עטלעכע מאנוסקריפּטן מיטגענומען.

עס שטייט דערביי אויך י. ראפּאפּארט, וועלכער איז אויך געקומען וועגן דעם זעלבן, מען זאׇל לויפן צוזאמען.

עס איז זעקס פארנאכט, איך האב זיך נאכנישט באשלאׇסן און לייג פאר צו ווארטן מיטן לויפן ביז צען ביינאכט.

הארׇנטשיק זעצט זיך שווער אוועק אויפן בענקל. ער וויל שוין לויפן, נאר צוזאמען מיט־אונז. ער וועט שוין דא צוזיצן ביז צען ביינאכט.

די פרוי זאׇגט אים עפּעס אויפן אויער, ער

שאָקלט מיטן קאָפּ אויף ניין. זי שטייט צו איִם ווייטער צו, רופט אים אוועק. אויף א זייט, סודעט זיך, נעמט אים אונטערן ארעם און גייט מיט אים אוועק. ער ציט זיך אויף כסדר צוריק, דרייט אויס דעם קאָפּ צו אונז, ער הענגט ביי אים אראָפּ ווי ביי א בעל־חי פאר דער שחיטה, די אויגן אויסגעשטאַרצט און פחד, דער גרויסער מאווימדיקער פּחד, וואָס פארענדערט דורך איין רגע די גאַנצע צורה — און ער איז שווער אוועק צו דעם ווייטן, אומבאַקאַנטן וועג. לויפן, ראַטעווען זיך, אַנטלויפן פונם טויט.

און אין עטלעכע טעג ארום, אין דעם קליינעם שטעטעלע קאַלושין, אין א שטאָל — ליגט האָראַנטשיק, קורטשעט זיך איין און טוליעט זיך אין שטרוי. די דייטשן זיינען שוין דאָ און טרייבן די יידן אין דער דאָרטיקער קירך אריין, שיסערייען פון אַלע זייטן.

אויף איין מינוט מוז מען זיך רואיק פאַרטראַכטן.

ער איז די טעג אלט געוואָרן 50 יאָר. א יובל, א יום־טוב. מיט 25 יאָר צוריק אין דער צייט, אין דער ערשטער וועלט־מלחמה, האָבן די דייטשן אין זיין געבורט־שטעטעלע וויעלון געשאָסן צו אים — און ער איז אנטרונען פון דער קויל, ניצול געוואָרן. ער איז דעמלט געווען א קליינשטעטלדיקער סוחר און געשריבן לידער. נאָכהער געוואָרן אַן ארבעטער, אָנגעהויבן שרייבן דערציילונגען. און נאָכהער שוין שרייבער. אָנגעזעענער ראָמאַניסט, פון די געלעזנסטע מחבּרים—מ'וואָלט אים אין די טעג אוודאי געפראַוועט א יובילֵיי — פון גאַס דערטראָגן זיך געשרייען, ס'פארשטאַרקט זיך די שיסעריי און א לויפעריי צו דער שטאָל, צו זיין באַהעלטעניש. און ער כאַפּט ארויס פון ערגעץ א קליין ראַזיר־מעסערל און שנעל, מיט דעם גאַנצן אימפּעט — שניידט ער זיך איין דעם האַלדז, גיך און פעסט — עס זאָל שוין מער קיין באַליידיקונג נישט זיין, עס זאָל שוין מער קיין פּחד נישט זיין!

און שמעון האָראַנטשיק האָט אויסגעהויכט זיין נשמה.

— און אויב וועלט האָט שטאָלענע קאָרבן,
וועט ער די ערד מיט זיין בלוט סוף באַפאַרבן...“

# יחיאל לערער

ראַבינדראַנאַט טאַגאָרע — אַזוי האָט ווייסנבערג באַצייכנט איינעם פון די טרייסטע תּלמידים זיינע — יחיאל לערער.

און עס האָט נישט געהאָלפן. צי דערפאַר, ווייל בלויז שוין די מאַרקע פון דער ווייסנבערג־שולע האָט גענוגנט צו צערייצן די אָפיציעלע ליטעראַטור־כהנים; צי דערפאַר, ווייל יעדער פון דער ליטעראַרישער ווייסנבערג־אירדערנטע, ווי ער איז נאָר געקומען אין ליטעראַרישן ווערסאַל, איז ער שוין פון פאָרויס געקומען א קריגער, אָפּאָזיציאָנער — קיינעם נישט אַנערקענט — און דערפאַר האָט מען אים אָפּגעדינט מיט דעם זעלביקן? עס האָט אַלנפאַלס לאַנג געדויערט, ביז צו דער אַזוי־גערופענער אַנערקענונג פון יחיאל לערערס ליטעראַרישע דערגרייכונגען.

איז ארויס זיין „שאול און דוד“ — א ביבלישע פּאָעמע; איז ארויס זיין „שטילקייט אין שטורם“ לידער און פּראָזע; איז ארויס זיין „ברונעמס אין פעלד“ — לידער און פּאָעמען — די אַלע דריי ביכלעך האָבן זיך דעראָבערט פּאָזיציעס — ביז עס איז געקומען דאָס פערטע, דאָס לעצטע בוך זיינס „מיין היים“ — און אָנגעהויבן איינגענעמען דעם אויבנאָן אין דער יידישער פּאָעזיע פאַר די לעצטע יאָרן פאַר דער מלחמה. די פּאָעמע „מיין היים“ איז געוואָרן איינס פון די באַדייטנדיקסטע ווערק אין דער יידישער ליטעראַטור.

עס איז דאָס געזאַנג פונם יידישן שטעטל אין פּוילן, וועגן אייגנענער טאַטע־מאַמע, וועגן רביים און חסידישער גאָלדענער קייט, ציוניזם און סאָציאַליזם, בית־המדרש און ביבליאָטעק, ספר און בוך, וועגן אמאָליקער יוסטער גבירישקייט — און פאַריינען און פאַרטייען.

אונזער דור איז נאָך געשטאַנען אויף די שיידוועגן — האָט נאָך געזען דאָס אַלטע; דעם מאָכיקן דאַך אויפן בית־המדרש, די לעגענדאַרע פּאַלקסגעשטאַלטן, פאַרדבקהטע ישיבה־בחורים — און די יונגע, פלאַמיקע רעוואָלוציאָנערן, וועלכע האָבן זיך פאַרמאָסטן אויף דער וועלט — געזען דאָס אַלץ אין געדרעמפּטן יידישן ליכט, אין דער וואַרעמער, היימישער אַטמאָספער.

דאָס איצטיקע דור וועט עס שוין נישט זען.

עס איז נישט איינגעפאַלן לערערן בשעתן שרייבן, שילדערן און באַזינגען דאָס יידישע לעבן, בשעתן שרייבן די שורות פון „מיין היים“ (אין יאָר 1937 - 1938), אַז דאָס זיינען שוין די לעצטע שורות אויף די מצבות פונם יידישן לעבן אין פּוילישן שטעטל. דאָס בוך הייבט זיך אָן מיט די ווערטער:

„מיינע עלטערן וווינען אין שטעטעלע דעם קליינעם,
זיי שעצן ביז היינט נאָך דעם יחוס דעם שיינעם,
און שבת פאַרנאַכט, אין זיידנס געהילט,
זיצט היינט נאָך די מאַמע קינדיש צעשפּילט
און דערציילט פאַר די שכנות די גרויסקייט פון זיידן
פון היילִיקן וואָרקער, דעם בעל־הבית פון גן־עדן.“

אין די לעצטע צייטן (פאַר דער מלחמה) האָט מען שטאַרק געמאָנט ביי דער יידישער ליטעראַטור נאָר גרויס־שטאָטישע מאָטיוון און. דאָס באַטעמטע, זאַפטיקע יידיש שטעטל איבערגעלאָזן פאַר די קורצע קאָרעספּאָנדענצן אין די טאָג־צייטונגען, אויף שטאָף פאַר די פעליעטאָניסטן, וואָס האָבן צובימלעך אונטערגעהוזקט „פון דער ליבער פּראָווינץ“. האָט די ליבע פּראָווינץ אָפּגעענטפערט מיט צוויי ביכער: „די מענטשן פון גאָדלבאָזשיץ“ פון לייב ראַשקין (זיין אמתער נאָמען איז פרידמאַן, ווו איז ער ערגעץ אוועקגעקומען?) און „מיין היים“ פון יחיאל לערער.

ער האָט זיך ארומגעשלענדערט איבער די גאַסן פון וואַרשע ווי א זייטיקער, מיט אומצוטרוי צו דעם ארומיק, געטראָגן מיט זיך דעם נאָכנישט־אויסגעוועבטן ריח און אַטעם פון פעלדער און לאַנ־

קעס, מיט דעם ריח פון א חסידישער שטוב, פון די פרייטיק־צונאכטמן און מלוה־מלכּהס, פון די שטילע טריט אין זאָקן — תשעה באב און יום־כּיפּור — און אויך פון דעם עקסטאַז פון דער יוגנט אין די קולטור־פאריינען. א באלאַדענער מיט דיכטערישער בענקשאפט און שאפונג־לאסט, וועלכע עסט זיך איין מיט רויב־נעגל אין איר קרבן־אביעקט, פארצערט, ציט ארויס די ראזע פארב פון פּנים, לייגט אפּ קנייטשן ארום די ווינקלען פון מויל און פארציט אומעט־הייטלעך אויף די אויגן.

ער האָט בלאָנדע האָר, וואָס דערמאנען אין קאָרן־זאנגען און ער טראגט זעלטן ווען א היטל אויפן קאָפּ, זיינע בלאָנדע קאָרן־האָר זיינען ווי א הערב און צייכן פון זיין בענקשאפט צו די פעלדער. די נאענטע פריינט און חברים זיינע האבן געוווסט, אז מיט יחיאל לערנערן איז שווערלעך צו גיין אויף דער גאס — ווייל שטענדיק האלט ער די האנט אויסגעבויגן, אָנגעלענט אויף דער זייט ווי א דרייעק — לאזט נישט צו צו־זיך נאָענט, ווי א יינגערע, מעוברתע פרוי, מען זאָל אים נישט באַרירן פון דער נאָענט.

„מיין היים"—א שטיל בענקשאפט־געזאנג אין א צארטן, געפערלטן פאָלקסטימלעכן יידיש. די געמאָלענע שטייגער־שילדערונגען דערמאָנען אין די אלטע חנוכּה־מנורות און בשמים־ביקסן. לויט דער פּאָעטישער קראפט שלאגט ער אָפּטמאל אָן אין מיצקעוויטשעס „פאַן טאדעוש".

די פּראָפעסיאנעלע מבינים און ליטעראטור־קריטיקער, וועלכע האבן ליב ווארטן אויף א מיינונג פון אויטאָריטעטן (זיי זאלן, חלילה, נישט „דורכפאלן" מיט איבעריקן לויבן) זיינען שנעל געווארן אסעקורירט — דורך שלום אשן, ווארום, מען האט שוין געוווסט, אז אש טראָגט זיך ארום מיט יחיאל לערערס ביכל, האלט עס ביי זיך אין טאש ווי א ווארעמען, היימישן בריוו פון נאָענטע — אָדער ווי א תהילימל, איז אנטציקט מיט דעם צארטן, עלעגישן געזאנג וועגן יידיש־פּוילישן שטעטל.

חוץ מיט דער דיכטערישער בענקשאפט, איז נאך לערער געווען באלאָדן מיט „פּראָזאאישע" טרוימען — קריגן אויף עטלעכע טעג אין וואך ארבעט ביי קאָרעקטור אין רעדאקציעס. דער צווייטער טרוים — א סערטיפיקאט.

ער האט געארבעט ביי בוכאלטעריע, אבער דאָס געהאלט האָט נישט געקלעקט אויף אויסצוהאלטן די אלטע מאמע, די פרוי מיט עטלעכע קינדער זיינע, וועלכע האבן נאָך אלץ געוווינט אין שטעטל. צוגעלאָזן וועָרן צו אזא גרויסן „דזשאב" ווי קארעקטור אין די רעדאקציעס האָט זיך געגליכן צו א קאמף פאר דערגאבערן א פעסטונג. די זשורנאליסטישע רעדוטע איז געווען ארומגעצוימט מיט דיקע פּראטעקציע־מויערן. א טייל זשורנאליסטן, וועלכע האבן ס'רוב אין זייער יוגנט געשריבן לידער — האבן צו קיינעם נישט געפילט אזא שנאה, ווי צו א דיכטער. און וואָס באגאבטער דער דיכטער — אלץ גרעסער די שנאה.

און אויף אלגעמיינע פארזאמלונגען אין ליטעראטן־פאריין איז יחיאל לערערן אויסגעקומען נאר צו רעדן, צו דערמאָנען און פאדערן די רעכט אויף ארבעט ביי קאָרעקטור.

און אויך מיט דעם צווייטן טרוים — דעם סערטיפיקאט, האָט זיך עס געשלעפּט יארן, שלאָבעריק, שטומפּיק, כּסדר געוואָרן אָפּגעלייגט, געצעגערט און אָפּגעשלעפּט — דערפאר, מסתמא, ווייל ער איז געווען נ אָ ר דיכטער און נישט קיין אקטיווער פארטיי־מענטש.

אין לאָדזש האָט זיך אָפּגעפונען נאָר איין עקזעמפּלאר פון „מיין היים" און עס האָט אויף זיך דעם אונטערשריפט פונם מחבר: „צום אנדענק דעם ליבן יעקב סיריקיסן, לאָדזש, פעברואר, 1939 — יחיאל לערער".

וועלכעס פעלד איז באמיסטיקט געוואָרן מיט זיין אש? אָדער אפשר טראָגט נאָך ערגעץ דער ווינט זיין אש איבער וועלדער און טייכן צוזאמען מיט דעם אש פון זיינע פארברענטע ביכער און די ווערטער פון „מיין היים" פלאטערן נאך אין חלל:

„און אמאָל נאך האָט א מענטש זיין לעבנס־וועג
איבער דערנער אָדער בלומען, ווי גאט האט
באשערט.
אדורכגיין געקאָנט רויק און שטיל — איז היינט
אויף דער ערד
דער פיבערדיקער, קראנקער — דער וועג אזוי שווער
פאר די אָרעמע קינדער אירע און זיבן מאָל מער
פאר די יידישע קינדער.

האָט מען נעצן דאָך צעשטעלט
אויף אונזערע לעבנס אין אלע עקן וועלט,
אונזערע היימישע נעסטן — פון שונא־געצונדן
און מיר וואנדערן היימלאָז און ציילן די וונדן
און פון פאָרנט — וואסער און פון הינטן — פלאם
און איבערן קאָפּ — די בייטש פון דעם כאם".

דאָס באזונגענע שטעטל צוזאמען מיט זיינע זינגער — איין חורבה, איין קבר, וואָס שרייבט מיט טויטע פינגער די וואָרנונג אויף די ווענט פון וועלטישן סעודה־זאל:

— מניה, ומניה תקל ופרסין.

ב. מאַרק

# איין יידישע ליטעראַטור

אין פארלויף פון דורות און אין צענדליקער לענדער, אונטער אָפטמאָל דיאמעטראל־פארשידענע קלימאטן, האָט זיך געשאפן און אנטוויקלט די העברעישע ליטעראטור. עס זיינען פארבייגעגאנגען תקופות, עס האָבן זיך געטוישט טעמעס און מאָטיוון, אידעען און סטילן, און דאָך האָט איין דאָמינאנטע געהערשט אין דער ליטעראטור, וואָס איז ביי יידן געשאפן געוואָרן אין דער אוראלטער שפּראך, — אלץ האָט אינערלעך געצייגן, גראוויטירט צום אוראלטן אייביקן בוך, צום תנ״ך. עס איז געווען אַ בבלישע עפּאָכע, עס האט אויפגעגלאַנצט א שפּאנישע תקופה, עס האָט זיך אנטוויקלט א גרויסע השכלה־ליטעראטור אין מזרח־אייראָפּע, עס זיינען דאָ ארויסגעוואקסן א ביאליק, א טשערניכאָווסקי, א בערדיטשעווסקי און א ברענער, א „הבימה“ — און דאָך האָט זיך געשפּירט אז נישט דאָ איז די היים פון העברעישן שריפטום, אז — הגם די טעמאטיק זיינע איז געוואָרן דורכגעזאפּט מיט „גלות“־מאָטיוון — איז זיין ברעג אן אנדערער, דער אוראלטער, מוז זיין המשך זיך ציען פון תנ״ך, פון אָט־דעם אייביקן קוואל פון אלע מאָטיוון פון גייסטיקן שאפן, אויב עס וויל נישט פארוועלקט ווערן און פארגיין.

ווי אנדערש און איינצייטיק, דאָך ווי ענלעך איז דער גורל־וועג פון דער יידישער ליטעראטור. אָן אן ערך שמעלער איז איר צייטלעכער פארנעם און אסך ענגער איז איר טעריטאָריעלע אויסשפּרייטונג אין משך פון דורות געווען. אָבער אויך זי — די מיט פאראכטונג „דינסטמויד“ נאָכגערופענע — איז נישט געווען קיין וואָגל־ליטעראטור, קיין נעוונדניצע, קיין שריפטום אָן א וואָרצל, אָן א היים, אָן א טאטע־מאַמעשן בענקשאפט־אָביעקט. אויך זי, די יידישע ליטעראטור — הגם זי האָט נישט פארמאָגט דעם גרויסן יחוס און דורותדיק־טיפן אָפּשטאם פון ראָמאנטישן אוראלט — האָט איר אינערלעכע דאָמינאנטע געהאט. אויב די העברעישע ליטעראטור האָט, טראָץ דער שאפוגנס־פונאנדערשפּרייטונג איבער לענדער און קאָנטינענטן, געהאט איין וויגעלע און איין אויסגוס־צענטער אין דעם לאנד, אויף וועלכן עס האָבן געשפּאנט די אומשטערבלעכע נביאים, האָט די יידישע ליטעראטור אויך פארמאָגט איין וויגעלע און אפילו איין אויסגוס־ און בענקשאפט־צענטער — מזרח־אייראָפּע. אוודאי זיינען די ערשטע פרימיטיוו־נאַיווע שפּראָצונגען פון יידישער ליטעראטור בעל פּה געווען אין טייל מערבדיקע לענדער, אָבער דאָס זיינען געווען בלויז דאָקומענטן פון בראשית פון אונזער שפּראך; און ערשט אין מזרח־אייראָפּע — אין פּוילן, ליטע, ווייסרוסלאנד, אוקראינע, בעסאראביע — איז אויפגעגאנגען די יידישע ליטעראטור. האָט זי זיך אנטוויקלט, פונדאנען האָט זי ארויסגעשטראלט ווייט אויף מערב און מעבר לים; און אזוי איז שוין די גאנצע יידישע ליטעראטור — אומעטום, ווו זי איז געשאפן געוואָרן, פון אָקסענפעלדן און עטינגערן ביז די יינגע פון אמעריקע, אויסטראליע, פאריז, לאָנדאָן — געבליבן גייסטיק, סטיליסטיש און אין גרעסטן טייל אפילו טעמאטיש — די מזרח־אייראָפּעישע יידישע ליטעראטור און בעיקר — די פּויליש־יידישע.

און דעריבער — ווען מען האָט תמיד ביי אונז גערעדט וועגן דריי העגעמאָנישע צענטרען פון יידישער ליטעראטור, וועגן ווארשע, ניו־יאָרק, מאָסקווע — איז דאָס אייגנטלעך, נוגע געווען מער דער טעריטאָריעלער אויפשפּרייטונג און גיכער דער אידעישער אָנלאָדונג, איידער אן אינערלעך־גייסטיקער און סטיליסטישער דיפערענציאציע. וואָרעם שוין־זשע זיינען טאקע שלום אש און יוסף אָפּאטאָשו אזוי אינערלעך ווייט געוואָרן פונעם גייסט פון פּוילישן יידנטום? זיינען זיי דען נישט געבליבן אין די סאמע טיפענישן פון זייער שאפונג טיילן פון דער יידיש־פּוילישער ליטעראטור? און שוין־זשע האָבן די וואָגלענישן איבער ווייטע לענדער און אָקעאנען אָפּגעריסן זלמן שניאורן פון זיין יידיש־ווייסרוסישן שורש? האָט זיך דען ראבאָי נישט געמוזט אומקערן מיטן פּנים צום יידישן לעבן פון בעסאראביע? איז נישט לייוויק געבליבן אין זיין טרוים און וויזיע דער רוסישער ייד פון די יאָרן פון נאָך 1905? אפשר האָט זיך אין דער דיכטונג גיכער איינגעקנעטן דער איינפלוס פון דעם נייעם, דעם אמעריקאנישן (ביי לעיעלעסן, שווארצן, ביי טייל יונגע), אָבער קיין אמעריקאניש־יידישע ליטעראטור אין סאמע פולסטן פּשט פון וואָרט איז דאָך נישט געשאפן געוואָרן (אפשר — איין ברוך גלאזמאן), וואָרעם איינצלנע טעמעס קאָנען דאָך נישט דינען ווי א יסוד פאר א גאנצער, נייער ליטעראטור.

די יידישע ליטעראטור, בעיקר די פּראָזע, וואָס איז אין פארלויף פון א האלבן יאָרהונדערט געשאפן געוואָרן אין פּוילן, רוסלאנד און אמעריקע און אויך אין אלע גייסטיקע „קאָלאָניעס“ פון פּוילישן יידנטום, איז כמעט אָן א יוצא מן הכלל געגאנגען אין דער טראדיציע פון די גרויסע קלאסיקער אונזערע, פון די גרונט־לייגער פון אונזער ליטעראטור און זעלטן ווען זיך אויסגעפורעמט אונטערן אבסאָליוטן איינפלוס פון דעם אָרטיק־אייראָפּעישן, צי אָרטיק־אמעריקאנישן שריפטום. אוודאי האָבן די מענדעלישע, שלום־עליכמישע און פּרצישע סטילן זיך אנטוויקלט און נייע געשטאלטן אָנגענומען אין די ווערק פון די ווייטערגייער, אָבער די אינערלעכע דאָמינאנטע איז אין דער יידישער ליטעראטור אין גאָר דער וועלט געבליבן די זעלביקע — די גארונג צו ריינקייט, לויטערקייט, פרישקייט, ערלעכקייט צו זיך אליין, און דאָס האָט זיך כמעט ביי אלעמען אויסגעדריקט אין גארונג צוריק צום

שורש, און דער שורש איז געווען איינער — דאָס גרויסע מזרח־אייראָפּעישע יידנטום, דאָס הייסט — דאָס ווירקלעכע יידנטום — אין די יאָרהונדערטער ניינצן און ערשטער העלפט פון צוואנציק.

דעריבער קאָן מען רעדן וועגן איין גרויסן און ברייטן שליאַך פון דער יידישער ליטעראטור — אומאָפּהענגיק פון לאנד און קאָנטינענט. עס איז נישטאָ אזא גרויסער מהלך צווישן דעם אלטן עטינגער און דעם נייעם האָראָנטשיק עליו השלום, ווי צווישן יהודה־לייב גאָרדאָן און דעם ארץ־ישראלדיקן בנימין טענענבוים; און עס איז פונקט נישטאָ אזא גרויסער מהלך צווישן דעם סאמע אמעריקאנישן גלאזמאן און די סאמע סאָוויעטישע מארקיש און דעם נייעם בערגעלסאָן, ווי צווישן ברענערן און בורלא. די אלטע היים, מזרח־אייראָפּע, צעמענטירט אינערלעך די יידישע וועלט־ליטעראטור; די אלטע היים אין דמיון, אין געדעכעניש — שוין נישט אין דער ווירקלעכקייט — שאפט דעם גייסטיקן באָדן פאר איין יידישער ליטעראטור אין גאָר דער וועלט. און דאָס איז און וועט נאָך אויף לאנג, לאנג בלייבן די געדעכעניש־ליטעראטור פון מזרח־אייראָפּעישן יידנטום — מעגן דעם שפּעטער זייט לאנגע יאָרן אָפּטיילן פון מזרח־אייראָפּע צענער טויזנטער קילאָמעטער, ימען און אָקעאנען, לגמרי אנדערע סביבות און גייסטיקע קלימאטן.

עס איז שווער פאָרויסצוזען די צוקונפט פון דער יידישער ליטעראטור. אָבער — ווי פאראדאָקסאל דאָס זאָל נישט קלינגען — איז נישט די יידישע ליטעראטור אינגאנצן אָפּהענגיק פון דער שטאַרקייט פון דער יידישער שפּראַך, אָדער פון דעם, צי די גרענעצן פון אונזער שפּראַך וועלן זיך איינשרומפּן, איינקאָרטשען. פאר א ביישפּיל קאָן אונז דינען סיי ראטנפארבאנד, סיי אמעריקע. עס איז נישט קיין סוד, אז אין אָט־די צוויי גרויסע צענטרען פון יידישן לעבן קאָרטשעט זיך איין די באזע פאר דער יידישער שפּראַך. אָבער — ווי מערקווירדיק דאָס זאָל נישט זיין, ווי אויסנאמלעך די דאָזיקע דערשיינונג זאָל נישט אויסזען אין די אויגן און אין די באדינגונגען פון די אומות העולם און אין דער געשיכטע פון פעלקער — גייט די אנטוויקלונג פון דער יידישער ליטעראטור אין די לענדער טיילווייז אין א פארקערטער ריכטונג צו דעם גורל פון דער יידישער שפּראַך. דאָס איז נישט סתם כוח פון אינערציע, דאָס איז נישט בלויז מחמת דעם, וואָס עס זיינען נישט פארשוואונדן די פריערדיקע טאלאנטן און וואָרט־מייסטער; קומט דאָך אויף סיי אין ראטנפארבאנד, סיי אין אמעריקע א יידיש־ליטערארישער נאָכוואוקס, נישט געקוקט דערויף, וואָס עס איז אין די ביידע לענדער פאראן א דראנג צו שאפן א נייע חכמת היהדות אין רוסיש און ענגליש. דאָס איז שוין דער גורל פון יידישן פאָלק, אז אין פארלויף פון דורות האָט ער פארמאָגט צוויי שפּראכן — אן אומגאנגס־שפּראַך און א לשון־קודש. און לשון קודש קאָן זיין נישט נאָר העברעיש. פארקערט: אין אונזערע טעג, ווען העברעיש גייט אראָפּ פון פּיעדעסטאל און ווערט אן אומגאנגס־שפּראַך ביי דעם פאלעסטינער יידישן ישוב, גייט אויף א ניי לשון־קודש; דאָס איז די שפּראַך, אויף וועלכער עס האָבן געליטן, געבענקט, געטרוימט וועגן דערלייזונג און זיינען אומגעקומען מיליאָנען יידן אין די געטאָס, לאגערן, טויט־פאבריקן און וועלדער. דאָס האָבן מיט יראת הכבוד בפומבי דערקלערט אפילו די פארברענטסטע העברעיסטן פון ארץ־ישראל, דורכן מויל פון בן־גוריון. און שוין־זשע איז מעגלעך איבערצוגעבן די דאָזיקע שוידערלעכע יסורים פון אונזער פאָלק אין דעם כליון־פּעריאָד פון 1939 — 1945 פיינלעך־טיפער, ערלעכער ווי אין דער יידישער שפּראַך? ווי פיין האָט אויסגעדריקט דעם דאָזיקן געדאנק דוד בערגעלסאָן אין איינער פון זיינע מלחמה־נאָוועלן! האָט דען געקאָנט אנדערש אויסגיסן זיינע צער און צאָרן־געפילן אין ווארשעווער געטאָ דער העברעער יצחק קאצנעלסאָן, ווי אין יידיש?

מיר שטייען איבערן ריזיקן קבר פון זעקס מיליאָן. פונקט ווי די חורבות פון ווארשעווער געטאָ אזוי חרובדיק איז די גרויסע קולטור פון פּויליש־יידנטום, וואָס איז ציגל נאָך ציגל געבויט געוואָרן אין משך פון דורות. אוודאי דערוואַרט נישט — אין רעזולטאט פון דעם דאָזיקן חורבן — די יידישע שפּראַך קיין נייער אויפבלי. אָבער עס קומט אויף אירס א נייע התגלות. נישטאָ קיין פארגלייכן פון יידיש מיט אראמעיש און לאדינאָ. יידיש ווערט א נייער לשון־קודש, און א לשון־קודש קאָן עקזיסטירן און שאפן ווערטן אָן א מאטעריעלישן באָדן. א לשון־קודש לעבט נישט אין די באדינגונגען פון מאטעריעלן יסוד, נאָר אינעם הארץ און — קודם־כל — אינעם געדעכעניש פון פאָלק, פון א טייל פון פאָלק. מיט־אָט־דעם כוח וועט די יידישע ליטעראטור ווייטער לעבן. דער דאָזיקער גורל פארבינדט די יידישע ליטעראטור אין אלע לענדער. דער דאָזיקער גורל און כוח שאפן ווידער איין יידישע וועלט־ליטעראטור, אין וועלכער א גאָר בכבודיק אָרט וועט פארנעמען די שארית הפליטה פון דער גרויסער פויליש־יידישער ליטעראטור — אלצאיינס ווו זי וועט זיין און ממשיך זיין איר שעפעריש לעבן. אין אָנגעזיכט פון די אויפגאבן, וואָס שטייען איצט פאר דער יידישער ליטעראטור, קאָנען און דארפן די יורשים פון דער פויליש־יידישער ליטעראטור, ווערן דער גייסטיקער אוואנגארד, ווי די, וואָס זיינען דירעקט, אָדער אומדירעקט געווען די עדות פון דעם אומקום פון א פאָלק.

## יוסף רובינשטיין

# נאַכט אויף נאַלעווקעס

## פּאָעמע

### ערשטער קאַפּיטל

נאַכט און נאַלעווקעס. נאַכט אויף דעכער.
טריט-געפּויק. אין גאַס-געוויש דעם ווילדן,
איז בלעכענעם גאַלאָפּ פון טאַנצנדיקע שילדן,
אריבער פענצטער-ווענט און בוידעמער אַלץ העכער —
איבער קוימענס, איבער גאַרנדיקע טרעפּ —
יי ד׳ ז..,
אויפגעפּאַכטע הענט און קעפּ.
שוואַרצער פלאַטער פון קאַפּאָטעס. רויטער גליען
פון פאותן און בערד. זיי גייען נישט — זיי פליען
זייריידן נישט — נאָר זינגען:
אַ פּלפּול-ליד פון — „יאַך״ — מיט — „כך וכך״, —
אַן אייביקער זיך דינגען
פון טאַג-זאָרגן, פּרנסה מיט מצוות און תנ״ך.

נאַכט און נאַלעווקעס. אַריבער ווענט באַלקאָנען
אין העלן פלייץ פון בלענדנדיקן ליכט —
צעשפּילטער שילדן-שיין. און פלוצלונג אומגעריכט,
דורך פאַרביקע ליאַנעס פון נעאָנען,
מיט געלבן אָפּגלאַנץ פון צעגלאָצטע יאָרצייט-ליכט,
מיט דאַיינענדיקע אָמנס, יהא-שמיה-רבאָס,
גייט אויף דער בלייכער שיין פון ווייטע עולם-הבאָס
מיט רויטן גלי פון ייי,
מיט פלעמלעך פון הבדלות;
און דורך דעם העלן שימערירנדיקן בלענד,
מיט אויפגעשאַרצטע, שוואַרצע פליענדיקע פּאָלעס —
משרתימלעך מיט בערדלעך גלאַט-פאַרקעמט
זיי שוועבן אום ווי שוואַלבן איבער שיועלן פלינק צעיאָגט:
אַ קרישקע דויבע קדושה און אַ יהא-שמיה-רבא-ברעקל,
אַ מעריבדיקן אָמן נאָר אַ פּיק ווו אויפן שפּרונג —
און ווידער שוין זיי האַלטן צו אַ יידן מיט אַ פּעקל,
זיי שרייען אויפן אויער אים און ריידן אויפן ווונק,
זיי רייסן פאַר די אַרבל אים און ציען פאַרן רעקל:
— רב ייד, אַ וועקסעלע, דיסקאָנטאָ דריי פּראָצענט! —
זיי שלעפּן אים דעם קונה איבער שטאָק, איבער גאָרנס,
ער ראַנגלט זיך פאַרעקשנט מיט די פיס און מיט די הענט,
זיי שלעפּן אים דורך טונקעלע צעדרייטע קאָרידאָרן,
מיט בוידעם-שטיבלעך קרומלעכע און אָפּגעקראַצטע ווענט
אַריבער שמאָלע טרעפּ און אויסגעדרייטע שטיגן,
וווּ ס׳פלעמלט אַ נר תמיד דורך אַ טיר מיט געלבן בלענד,
וווּ ס׳מישט זיך אויס דער אומעט פון אַ מעריבדיקן ניגן
מיט דעם טרויער פון אַ — „מילא, נו זאָל זיין שוין צוויי פּראָצענט!“,

און פלוצלונג דורך דער גאַס, דורך אויפגערוישטע ליאַרם,
דורך הילכיקן געשפּריין און רעדער-ראַל אויף שטיין,
ווי ס׳וואָלט אַ קרעכץ אַדורך אַ שלוכצנדיקער וויין,
וואָס כליפּעט ערגעץ אויף פאַרטייעט אין אַ שפּאַרע,
זאָל זיין, עס איז אַ קרעכץ פאַרבלאָנדזשעט פון אַ חצות?
זאָל זיין, עס איז אַ זיפץ פאַרלאָרן פון אַ תפילה?
וואָס האָט דורך נאַכט און רויש, נישט וויסנדיק פאַרוואָס,
זיך דורכגעריסן דאָ אַ מענטשלעכע און שטילע
און ס׳בלייבט די גאַס פאַרגליווערט פלוצלונג שטיין,
אַ ציטער לויפט אַדורך איר שטיינערנעם געביין,

און פאַרטאַטערט אַלץ אַרום, איז וויל אַלץ נישט פאַרגיין
און ווייל זיך מיט דעם יום־טובדיקן ליאַרם נישט פאַרשפּילן.
נאָר ערגעץ אויף אַ דאַך —
אַן אייפּגעשפּיצטער קוימען —
מיט קאָפּ פאַריסן הויך ער ציט זיך דורך דער נאַכט,
דורך בלויע שלייערן פון שאָטנדיקע טרוימען,
אַרויף, אַרויף,
מיט אויפגעשפּיצטן גוף
— ס'קען זיין, מחדש זיין גאָר אפשר די לבנה —
ער וויל זיך אויך דעם קרעכץ פון ערגעץ ווו דערמאָנען.
און אפשר קען גאָר זיין, פאַרשאַטנט אויפן דאַך,
אַריבער אויפגערוישטער גאַס,
אַריבער קרעמערישן יובל,
שטייט איינזאַם דאָרט פאַרטייעט אין דער נאַכט
אַ ייד פון צפת,
אַ ייד גאָר אַ מקובל,
וואָס שטייט צוויי טויזנט יאָר אַזוי שוין אויף דער וואַך
אַריבער נאַכט־צערוישטע, גרויסע וועלט־שטעט פּלעצער,
אַריבער יום־טובדיקע, העלע אָוונט־גאַסן
און וואַרט אַלץ אויף משיחן, דעם קץ פון אַלע קצן
און ס'מיניעט אויף זיין פּנים זיך דעם אויסגעפּאַסטן בלאַסן:
די פאַקל־נעכט פון רוים,
די שייטערן פון שפּאַניע,
די שרפהדיקע אַפּגלאַנצן פון מאַינצער געטאָ־נעכט.
ער שטייט דאָ אַלץ אַזוי דורך אַלע בין־הזמנים
פאַרגליווערט אין זיין טרוים,
פאַרקלערט,
אין זיך פאַרהערט
און פילט נישט ווי אין רויש פון לייזנדיקע קראָמען
געשטאָרבן ליגט צופוסנס אונטער גאָרנדיקע ווענט
דער לעצטער אויסגעוויינטער, אויסגעקלאָגטער אָמן
אין מערבדיקן ניגון פון — „נו, מילא צוויי פּראָצענט“. —

אַ טומל, אַ גרייך.
אַן אומרויקער צאַפּלען.
און ווער איז ד ע ר אָט אין דער מיט?
מיט שוועבנדיקע טריט
וואָס גייען נישט, נאָר שטאַפּלען.
אַן אויסגעבלייכטער, יונגער ייד
מיט אויגן אומעטיק צעגליט
פאַרטרוימטע אויף דער האַך, דערשטוינט און מאָדנע אָפן,
מיט שיין נישט־ערדישן פאַרלאָפן,
אַ הויכער יונגערמאַן מיט שוועבנדיקע טריט,
מיט קרייזלענדיקער פּאה
און צעשפּילטער קאַפּאָטע —
אַרום עלעקטרע־ליכט, רעקלאַמעס רויט צעגליט
און קראָמען רוישיקע, און רינשטאָקן, און בלאָטע,
און סוחרישער זיך דינגענדיקער שריי —
ע ר גייט פאַרביי
מיט אויגן הויך געווענדט
דורך אַלע הייזעריקע קרעמערשע געשרייען.
אים שטופּן הענט
און ווענט,
עס שפּרייזן איבער אים זיך איילנדיקע מענטשן
מיט שפּרינגענדיקע פיס און אויסגעשטרעקטע קעפּ, —
נאָר ער גייט זיי פאַרביי אַלץ העכער מיט די טרעפּ,
ווו שטויביק בלייבן שטיין ביי בוידעמער פאַרענטשן,
ווו ערגעץ אין דער הויך פאַרטוליעט צו דעם דאַך
מיט טונקעלע און אויסגעהאַקטע שויבן
צעעפנט שטייט אַ פענצטערל מיט שטערן אין דער נאַכט,

אַ פּענצטערל, וואָס סורעט זיך מיט קוימענס און מיט טויבן.
דאָ שטעלט זיך אָפּ זיין טראָט.
זיין בליק איז גאָר פאַרקוקט
נישט אויף אַהין אין דר'הויך, ווו פינקלענדיקע שטערן
צינגלטע גייען־אויף אויף דעכער פון דער שטאָט,
נאָר אונטן אויף אַראָפּ, יוו גרינע גאַז־לאַמטערנס
זיי ציען זיך אַרויף פון אָוונטיקן ברוק,
ווו ערגעץ אונטער קראָמען, אונטער אויפגערויטע שטיגן,
גייט אויס אויף קאַלטן ברוק צעטראָטן אויף אַ שטיין
דער גלות־קרעכץ פון מערבדיקן ניגון
און לעשט זיך אויס אינאיינעם מיט אַ קינדערשן געוויין.

— — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — —

און אונטן רוישט די גאַס. רעקלאַמע־שילדן גליען.
טראַמווייען איילן זיך מיט הילכיקן געקלאַנג.
די גאַס ליגט הייזעריק פון גאַנצן טאָג צעשריען,
זי כאָרכלט אין דער נאַכט מיט טעמפּע קולות קראַנק,
מיט טירן־סקריפּ און גרילץ פון זשאַלוזיען,
מיט טויער־גלעקלעך אויפגעציטערט באַנג —
און פּלוצלונג איז דער נאַכט אַן אָפּהילך פון געזאַנג.
די גאַס הייבט כלומרשט אָן נאָך אייליקער צו פליען,
נאָר פּלוצלונג בלייבט זי שטיין,
זי בלייבט פאַרגליווערט שטיין:
לאַמטערנס פלעמלען אויף מיט גרינע ציטער־אַפּלען
און שאָטנס פאַלן צו און הויבן אָן צו צאַפּלען,
אַ טויער שליסט זיך צו צעסקריפּעט מיט געוויין.
די שרעק גייט שנעל אַ שפּרייז אַריבער סקריפּעדיקע טרעפּ
מיט לויפנדיקן טריט־געפּויק, מיט שאָטן־טאַנץ פון קעפּ,
נאָר נענטער אַלץ און העכער הילכט צעפלאַטערט דאָס געזאַנג.
עס קאָרטשען טראָטואַרן זיך אָן אויכוועג אין געדראַנג
און אויגן גליען אויף מיט פּחד־שיין פון נעילה
מיט שרעק פון יום־הדין —
פון סמאַטשע־גאַס, פון מילע,
פון אַלע אומעט־געסעלעך, פון יעדן מידן ראַג,
ווו ס'מאַטערט זיך אַ מענטש נאָך אַלץ, נאָר גלויבט אין גרויסן טאָג —
זיי קומען אָן דורך נאַלעווקעס מיט אויפגעהילכטע טריט,
מיט פאָנען אויפגעוויקלטע און ראָטענדיקן ליד.
עס פלאַטערט נאָך די גאַס אַרום איר גליווערדיקן שטוינען
עס פיבערט נאָך צעטומלט אויף אַ זעקל ווו אַ קונה —
און פּלוצלונג אין דער נאַכט אַריבער שווינדל־טרעפּ,
אַריבער ווענט און פענצטער איבער אויפגעפּאַכטע קעפּ
מיט אויפגעשאַרצטע פליגל פון צעפלויגענע קאַפּאָטע —
א יונגערמאַן מיט אויגן־גלי, מיט הייסן אומרו־אָטעם —
ער פליט
אַריבער גאַס, אַריבער דעכער פון דער שטאָט,
אַראָפּ,
אַראָפּ,
מיט שווערבנדיקע טריט —
אָט נאָר אַ טראָט
אַדורכגעריסן איז דער קרייז,
אַדורכגעבראָכן איז דער צוים
פון וואָר און טרוים —
ער שפּרייט
מיט הויך פאַרריסענעם און אויפגעשיינטן קאָפּ
אינאיינעם מיט דעם דרייסטן אויפגעפלצטן שטראָם,
צוזאַמען מיט אַ הויכער פלאַטערדיקער פאָן.

און אָט אַזוי ער גייט:
אַרום אים רוישט אַן אויפגעהילכטע, אויפגעפלייצטער ברוי
און שווערע טריט,

אויף שטרענגע טענער פון אַ ניגון.
אַזוי איז היינט די נויט אין גאַס אַרויס,
מיט אירס אַ ליד,
מיט וועלט פון אומרעכט זיך צעקריגן.

און אַט אַזוי ער גייט.

אין זיינע בלוטן מ׳ניעט זיך אַ פרייד,
אַ ווייטע נאָך, אינגאַנצן אַ נישט היגע,
און ערשטע זיסקייט פון נאָך נישט=געהערטע רייד,
וואָס האָבן איצטער פון דער טיפעניש געשטיגן,
וואָס האָבן אויף זיין צונג געטוליעט זיך געשוויגן,
אין האַרץ ביי אים געצייטיקט זיך, געגרייט.
פאַרגנבעט זיך אין לערנענדיקן, בענקענדיקן ניגון
פון אָמר רבא,
און הייס און וואַרנענדיק געשטיגן
מיט שטרענגע ווערטער פון אַ שטראָפנדיקן נביא,
וואָס איז אַרויס זיך מיט דער גאַנצער וועלט צעקריגן,
די וועלט פון אומרעכט
פון האַרן און פון קנעכט.

אָ, יענע פרייד,
וואָס האָט דורך פיבערדיקע נעכט
אים וווּנדערלעך באַגלייט,
געפירט איבער איבער שטערן=סטיגן,
אַהיי, אַהין,
אויף יענעם זייט פון שוועל פון העכסטן סוד,
ווו אַלץ באַקומט אַ זין
גערעכטיקייט און גאָט —
ווו ס׳פאַלט דער ספק אָפּ און קלאָר ווערט יעדע קשיא
פון גוטס און שלעכטס אין אייביקן געפלעכט,
וואָס נישט פאַרענטפערן געקענט האָט תוספות אים און רש״י
אין פּלפּול=שפּיל פון קלוגע וואָרט=געפלעכט.

פון הינטער אים נאָך גליווערן די טרעפּ,
און שטיבל=יוגנט, מיט יאָרצייט=ליכט מיט געלבע.
און טאַטעס, זיידעס, מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ
אויף שוועלן שטיבלעך פון רוישיקע געוועלבער,
מיט לאַנגע דורות שרעק,
יאָרהונדערטער געוויין —,
נאָר ער איז היינט אַוועק,
נאָר ער אַליין,
מיט הויכע טריט
און קלאַנגען פון אַ ליד,
וואָס איז צו אים פון ווייטקייטן געלאָפן,
וואָס איז צו אים פון נאַכטיקייט אַרויס.
אים האַכט זיך אויס,
די פּאַני
זי קוקט אים אָן:
ווער, ביסטו ווער?
ווי קומסטו דאָ אַהער?
ווי האָט דיין טראָט דעם וועג אַהער געטראָפן? —
זי פלאַטערט הויך און קוקט אים אָן אַלץ שטרענג:
— געדענק,
איך בין דיין טרייסט,
איך בין פון איצט און דיין געוויסן,
און ביי דאָס וואָרט צו וועלכן דאַסט באַגערט,
איך ווייס,
אַז גרייט מוזטו איצט זיין נישט נאָר דיין בלוט פאַרגיסן,
נאָר הייליקן מיין נאָמען אויך מיט א ו י פ ג ע פ אָ כ ט ע ר שווערד!

ער גייט
אויף אַלעם גרייט.
די נאַכט ווערט פלוצלונג ליכטיקער און יעלער.
די גאַס ווערט ברייט,
זיין טראָט ווערט זיכערער און שנעלער,
ער גייט דורך נאַכט. דורך נאַלעווקעס און וואַרשע —
זיין פּנים בלייבט מיט פרייד
און מוט,
וואָס ס'האָט זיין בלוט
פון זיידעס נאָך געירשנט.

קען זיין אַזוי אין שטערנדיקע נעכט
מיט טיפער חכמה דורכגעטראַכטער, פּראָסטער
געגאַנגען איז אַמאָל אַנטשידן צום געפעכט
דורך געטאָ־געסעלעך פון אַמסטערדאַם — אַקאָסטע.

אַזוי געגאַנגען איז געפאַנגען פון זיין טרוים
מיט גליענדיקן האַס אַנטקעגן בייזן שונא,
אַמאָל, נאָך גאַר אַמאָל, אין שלאַכט אַנטקעגן רוים
אַן עלטער־זיידע זיינער — אַ פאַרעקשנטער בריונה.

ער צאַפּלט אויף. ווי שטומע שווייגנדיקע עדות
פאַרשאָטנטע זיי גליווערן די ווענט
מיט שילדן־רייד פאַרקלעמט,
מיט לויערנדיקע בליקן פון די זיידעס,
וואָס ציען זיך צו אים מיט וואַרענענדיקע הענט
דורך יאָמערדיקע קעלערן פון חצותן,
מיט שטומע פאַרוווּרפן און הילפלאָזע פאַרדראָסן,
מיט שטראָפנדיקע ווערטער פול מיט נאַגנדיקן וויי,
מיט אויגן־אומעט שטרענגן, צאַרנענדיק פאַרלאָפּן:
— ווי קומסטו דאָרט צו זיי?
ווי האָסטו זיך אָפּטריניקער צו זיי דעם וועג געטראָפן? —

עס רוישט די גאַס. די זיידעס שאָקלען מיט די בערד.
זיי קוקן אָן אים און פאַרגייען.
ער פילט צום ערשטן מאָל זיין פוס איז אויף דער ערד —
ער גייט אַליין געשלאָסן אין די רייען.
עס רוישט די גאַס. אין פלוצלונג אין דער נאַכט
מיט ערשטן צאַפּל פון פאַרלאָרענע געשרייען,
ווי האָסטיק וואָלט אַ טיר וועד הינטער זיך פאַרמאַכט
מיט צוגעהאַקטן שלאָס,
אַ שאָס!
אַ צווייטער און אַ דריטער!
די גאַס גיט אומגעריכט אַ ציטער
מיט קלונג פון אויפגעפלאַצטן גלאָז
און לויפט און שרייט
מיט אויפגעריסן מויל,
און שפּייט
מיט גרויל,
און טרייבט אויף הינטערוויל
דעם מענטשלעכן געקנויל
מיט קעפּ
צעשייבערטע,
צעשוייערטע,
און שלעפּט
צום ברוק אים, צו די ווענט,
מיט פיבערדיקע הענט
פאַרפלאָכטן אין געאייל,
פאַרפּלאָנטערט אין געפלעכט.

די שרעק גיט אומגעריכט אַ קלעטער,
אַ שפּרונג אויף אַ באַלקאָן
און בריעכט
אין שטעכט
פון שויבּענצטער דעם גלאָז —
און מיטאַמאָל אָט זעט ער –
די פּאַ־
זי קוקט אים ווידער אָן.
די גאַס אַרויס
ווערט ענגער אַלץ און ענגער,
די גאַס ווערט איינגעשר מפּן, שמאָל.
די פּאַן קוקט שטום,
קוקט שטרענגער אַלץ און שטרענגער,
אַט ווערט זי פּליצלונג לענגער,
לענגער,
און מיטאַמאָל
זי גיט אַ וואַקל זיך... זי פּאַלט...
אַט, אַט צו זיינע פיס...
נאָר באַלד
זיין האַנט גיט זיך אַ ריס
און דרייסט
מיט פלאַטערדיקער פּאַן ער שפּרייזט
אַריבער נאַכט און טעפּ,
אַריבער הויכע שווינדלענדיקע טרעפּ...

1944

---

ד. ספאַרד

# צום צוריקקער פון אונזערע שרייבער

אין מיטלאזיע, אויף סיביר און אוראל, אין מאָסקווע — אומעטום ווו דער וואנדער האט פארטראָגן דאָס רעשט ביסל יידישע שרייבער פון פוילן — האט יעדער פון אונז, אויפנעמענדיק דעם אייגנארטיקן ריטם פון סאָוויעטישן פאָלק, איינגעהאָרכט זיך גלייכצייטיק מיט אָנגעשטרענגטן ווייטיקלעכן ציטער אין „עוויין פון אונזער אייגן יידיש פאָלק. קיין שום מונטערע שטים האט נישט געקאָנט פארטויבן אין אונז דאָס דאָזיקע געוויין. פונקט ווי די טויזנטמייליקע שטחים האבן נישט געקענט פארשטעלן דאס בלוט פון אונזערע ברידער, וואָס האט געפלייצט פון אלע זייטן און פארגאָסן אלע אונזערע טעג און נעכט. דאָס האבן דאך אונזער אייגענעם געוויין אונז געבראכט יעדן טאו די שרפהדיקע ווייטן פון אונזער חרובער פארשעמטער היים. און טאקע דערפאר איז די גאנצע צייט געווען אזוי שארף ביי יעדן פון אונז דאָס געפיל, אז אונזער צופעליק פיזיש בלייבן איז נישט אומזיסט, אז מיר דארפן די פארשניטענע מיליאניקע לעבנס געבן א תיקון דורך פארמיליאָנפאכן אונזער אייגן לעבן און זיי לאָזן א רעד טאָן דורך אונז נישט ווי דורך „רעשטן“, נישט ווי דורך „נישט דערשניטענע“, נאָר ווי דורך א לעבעדיקן קוואל, וואָס קומט פון אלטע גרויסע רעזערוווארן.

איז ווען „עולם כמנהגו נוהג“, ווען מענטשן האבן ארומגעטראגן בענקשאפטן אין הארץ, געחלומט חלומות וועגן אלגעמיינעם גליק, געקעמפט פאר ריכטיקע, אָדער איינגערעדטע אידעאלן, ווען אפילו אין זיינע סאמע עגאָיסטישע אויסערונגען האט דער מענטש אָפּגעהיט א באשטימטע, זאָל זיין צביעותדיקע פאָרם, וועלכע מען איז געוווינט געווען צו באצייכענען אלס מענטשלעכע, דאן איז נאך שייך געווען צו רעדן וועגן אן ארעקוואטן אויסדרוק פאר מענטשלעכער איבערלעבונג. אבער איצט, ווען די דאזיקע איבערלעבונג איז ארויס פון יעדן גדר פון „מענטשלעכן“ באגריף, ווען אויף דער העכסטער שטופע פון קולטור־דערגרייכונג האָט א פאָלק געשענדעט אלץ, וואָס איז אָפּגעהיט געוואָרן אין משך פון יארטויזנטער, האט געשענדעט דעם באגריף גופא פון מענטש — צי איז גאָר מעגלעך צו געפינען א וועלכן ס'איז אויסדרוק פאר איבערלעבונגען פון אזא ארט? צי איז גאר שייך בכלל איצט צו רעדן וועגן קולטור און קונסט און ענלעכע אזעלכע אויסערלעכע אָנפליען אויף דער ווילדער מענטשלעכער נאטור?

מיר זענען געבליבן א קליין הייפל יידישע שרייבער פון פוילן און דאָס איז כמעט אלץ, וואָס איז פארבליבן פון דער יידישער ליטעראטור אין פוילן. אבער דאָס סאָוויעטישע לאנד האט געראטעוועט נישט נאר אונזערע גופים, נאר אויך אונ־

זערע נשמות, אונזער גלויבן אין מענטש, אין אונזער אייגענער צוקונפט און דער מעגלעכקייט ווידער צו לעבן און ווידער צו שאפן. נישט וויכטיק וואס די ערשטע שפראצן גייען אויף פון געמיטע־דורכגעאקערטע פון ווייטיק און פיין, וואס אין דער נייער באפרייטער וועלט איז זייער ערשטער אויסדרוק טיילווייז געשריי. און געשריי איז פראטעסט און מאנונג און גלויבן צו ווערן דערהערט, דער גלויבן אין דער מאראלישער קראפט פון מענטש.

יעדער איינער פון די אפגעראטעוועטע אין ראטנפארבאנד יידישע שרייבער, האט אפגעהיט זיין אייגנארט און סטיל פון פריער, אבער זיין שאפונג האט זיך אן אן ערך פארטיפט און בארייכערט מיט די גרויליקע דערפארונגען פון די מלחמה־יארן געכפלט אויף דעם אייגנארטיקן פילפארביקן סאוויעטישן לעבן, מיט וועלכן ס'איז אים אויסגעקומען אזוי נאענט זיך צו פארבונדן. די על־פי־נס איבערגעבליבענע באגאבטע יידיש־פוילישע שרייבער־גרופע איז בלתי־ספק אימשטאנד צו פארלייגן א שטארקן יסוד פאר דעם ווידערגעבורט פון דער יידישער ליטעראטור אין פוילן, אויב מען וועט נאר שאפן די געהעריקע באדינגונגען פאר איר.

כ'וועל מיר דערלויבן א פאר קורצע ביישפילן פון אייניקע שרייבער, וועמענס שאפונגען זענען מיר צומייסטן באקאנט. אין דער ערשטער ריי דיכטער.

א גאנצע ריי לידער און איין־אקטערס אויף אקטועלער טעמאטיק האט אנגעשריבן פאר דער לעצטער צייט משה בראדערזאן. אויב עס גייט אין פארם, איז משה בראדערזאן נאך אלץ געבליבן יונג. דאס זעלבע שפילעודיקע ווארט און דער זעלבער מייסטערישער פערז. א שפע פון ענערגיע שלאגט ארויס פון בראדערזאנס שאפן. בראדערזאן באמיט זיך ארומצונעמען אין זיינע שאפונגען אלע וויכטיקסטע געשעענישן פאר דער לעצטער צייט און זיי באזיניקן אין ליכט פון דער סאוויעטישער ווירקלעכקייט. דאס איז שוין מחייב צו אסך טיפערער אריינטראכטונג. די קאמפליצירטקייט פון אזא אינהאלט פאדערט אפטמאל אן אנדערע פארם, א פיל געדיכטערע בילדערייִשקייט און א מער טיפערע פאראלגעמיינערונג, אנשטאט בלויז דעם פיינעם שפיל פון ווארט און גוט געשליפענעם פערז. אפטמאל קומט בראדערזאן אין קאליזיע מיט זיך אליין. דער לייכטער מייסטערישער אימפעט טראגט אים אוועק פארויס, און די שווערע דורכגעטראכטע איבערלעבונג שלעפט זיך — קרעכצנדיק נאך פון הינטן — און ציט אים אויף צוריק.

חיים גראדע האט זיך שטענדיק אויסגעצייכנט מיט זיין וויזיאנערער פאטעטיק, מיט דער הויכער טעמפעראטור פון זיין ווארט און מיט זיין שארפן נאציאנאלן געפיל. אבער אין די אלע ערשטקלאסיקע אייגנשאפטן זיינע זענען געלעגן באהאלטן געוויסע געפארן. אפטמאל האט די פאטעטיק, פארלירנדיק דעם וויזיאנערן עלעמענט, איינגעקלאמערט זיך אין אבסטראקציעס, די הויכע טעמפעראטור פון ווארט האט צייטנווייז אויפגעריסן די קאמפאזיציאנעלע סטרוקטור פון ווערק, צעשמאלצן זיין קינסטלערישן צמצום, און דאס שארפע נאציאנאלע געפיל האט ווען־נישט־ווען פארשטעלט אנדערע ברייטערע האריזאנטן. אין זיינע נייע פאעמעס און לידער גיט גראדע נישט אויף קיין איינע פון די עיקרדיקע אייגנשאפטן זיינע, אבער די קאמפליצירטע דערפארונגען פון די לעצטע יארן פארהיטן זייער פיל און זייער אפט זיין שאפונג פון ענלעכע שטרויכלונגען. גראדעס שטארק פאטעטיש ווארט וואקסט אויס אין זיינע לעצטע שאפונגען צו א פראבלעם פון גרויסער נאציאנאלער באדייט, גראדע זוכט א פארענטפערונג און א תיקון פאר דער גרויסער יידישער טראגעדיע פון די לעצטע יארן און וואס מער ער לייטערט אין זיך יעדן אנוווקס פון זיין כוואליעדיקן געפיל, וואס קארגער ער איז אין ארויסזאגן אלץ, וואס טראגט מיט זיך דער אויפברויז פון זיין געדאנק, אלץ וואגיקער און פולער ווערט זיין ווארט.

אויך בינעם העלער האט איינגעהיטן די אוממיטלבארקייט און פרישקייט פון זיין ווארט און דעם אייגנארטיקן סטיל זיינעם פון „פארשטשעמעטע ציין“, אין וועלכן די קארגשאפט פון אויסדרוק און איינגעהאלטנקייט פון געפיל האבן שטענדיק אנגעפילט זיין שורה מיט טיפער עמאציאנעלער שפאנונג. נאר איצט, ווען העלער זוכט אויסצודריקן ווי צום פשוטסטן און ווי צום בולטסטן דעם אומבאשרייבלעכן ווייטיק פון זיין פאלק, האט דער דאזיקער העלערישער סטיל באקומען א ספעציעלן באדייט. נישט נאר ער מאכט פארשטענדלעכער און צוגענגלעכער אזא ארט אינהאלט פון צער און צארן, נאר עס דאכט זיך אפט אויס, אז ער ווערט דער אינהאלט אליין. פיל פון העלערס לעצטע לידער צווינגען אויף אונז ארויף דעם איינדרוק, אז נאר אזוי און נישט אנדערש קאן זיך דיכטעריש רעאליזירן ווייטיק פון אזא פארנעם. די דאזיקע לידער וועלן זיכער פארבלייבן אין אונזער ליטעראטור צווישן די שטארקסטע אויסדרוקן פון די גרויליקע קאשמארן, וועלכע מיר האבן איבערגעלעבט. אויך די בילדערישקייט ביי העלערן איז געווארן פיל אנגעזעטיקטער מיט געפיל און במילא פיל אויסדריקלעכער און טרעפלעכער. פאראן ביי העלערן אין די לעצטע שאפונגען אזעלכע ערטער, ווו איין בילד סינטעטיזירט אין זיך א גאנצע גאמע פון איבערלעבונגען און געפילן. די געפרעסטע, געבויטע אויף עמאציאנעלע קאנטראסטן העלערישע פארם, דינט אים איצט צומבעסטן אויף אויסצודריקן זיין וועלט־באנעם און אינערלעך געמיט.

א בוך נייע לידער האט אויסגעפארטיקט אברהם סוצקעווער. נאך סוצקעווערס ערשטער לידער־זאמלונג, אין וועלכער ס'איז אזוי בולט געקומען צום אויסדרוק די נטיה פון יונגן דיכטער צו געדאנקלעכער פארטיפונג און צום דערגרונטעווען דעם דיכטערישן וועזן פון יעדער דערשיינונג, האט זיין צווייטער בוך באדייט אן אויסגעשפראכענעם קער אין דער זייט פון פארמאליזם פון ווארט. אין זיינע לעצטע שאפונגען, נאך אזויפיל שווערע איבערלעבונגען און נסיונות

חאָט סוצקעווער זיך צוריק אומגעקערט צו זיין ערשטן עטאַפּ פון אינהאַלטלעך פאַרטיפטער דיכטונג, א מין צולהכעיסדיקע רו פילט זיך אין די נייע לידער פון סוצקעווערן, אַ רו אונטער וועלכער עס פילן זיך קינסטלעריש געצווימטע טיפע נשמה־אויפברויזן און שטאַרקע איבערלעבונגען. דאָס גיט זיי צו וואָג און ערנסט און פאַרשטאַרקט זייער באַווירקונג. פיל פון סוצקעווערס נייע לידער, וועלכע שילדערן פאַרשידענע טראַגישע בילדער און טיפן פון ווילנער געטאָ, וועלן מיט זייער אויסערלעכער רירנדיקער פשטות און אינערלעכן טיפן ווייטיק אָן שום ספק פאַרבלייבן צווישן די בעסטע דיכטערישע דאָקומענטן פון אונזער צייט.

צווישן די יידישע דיכטערינס האָט רחל קאָרן פאַרנומען איינע פון די אָנגעזעענסטע ערטער. איר פשוט ליד מיט דער קאָנקרעטער געזונטער בילדערישקייט איז שטענדיק געווען באַלויכטן פון אינעווייניק מיט א טיפער געדאַנקלעכקייט און אַרומגענומען מיט א רירנדיקער צאַרטקייט. אין דער אינטימער באַהאַפטנקייט פון אָט די דריי מאָמענטן באַשטייט דער אייגנאַרט פון קאָרנס דיכטונג. אין דעם באַשטייט אויך איר שטאַרקע באַווירקונג. קאָרנס ליד רודערט אויף און באַצווינגט פון דער ערשטער שורה. אויסער דעם באַזיצט קאָרנס דיכטונג נאָך איין מערקווירדיקע אייגנשאַפט. זייענדיק אינגאַנצן פריי פון יעדער אַרט טענדענץ, שלאָגט דאָך אַרויס פון איר א שטאַרקע מאָראַלישע קראַפט און א טיפער ערנסט צום לעבן. עס פילט זיך נישט נאָר וואָג, נאָר בעיקר דיכטערישע פאַראַנטוואָרטלעכקייט אין יעדן זאַץ, אין יעדן וואָרט. די וואָר גייט קיינמאָל נישט אויף אין קאָרנס דיכטונג אין געשטאַלט פון ווילקירלעכע און צופעליקע פאַראַלגעמיינערונגען, זי שטעלט זיך אָבער אויך נישט פאַר אין איר ווי א גענויע אָפּשפּיגלונג, כאָטש אין פלוג דאַכט זיך אָפטמאָל אויס אַזוי. קאָרנס דיכטונג פאַרבינדט שטענדיק מיט דער וואָר א טיפע איבערלעבונג, וועלכע באַזיניקט יעדע געשעעניש און דערהויבט זי צו א דיכטערישן אמת. אין די לידער, וועלכע קאָרן האָט געשאַפן אין דער לעצטער צייט, האָבן די דאָזיקע אַלע אייגנשאַפטן פון איר דיכטונג מיטגעווירקט צו געשטאַלטן אויף אַן אייגנאַרטיקן און טיפן אופן די טראַגישע געשעענישן פון די לעצטע יאָרן און געבן טיף אָריגינעלע שאַפונגען סיי אין קינסטלערישער הינזיכט, סיי פון שטאַנדפּונקט פון זייער דיכטערישער דערקענטניש.

א ביז גאָר אייגנאַרטיקן אָרט אין דער יונגער יידישער דיכטונג פון פוילן האָט פאַרנומען יוסף רובינשטיין. די טראַגיק פון מענטשלעכער אומבאַהאָלפנקייט און אויסגאַנגלאָזיקייט, וועלכע איז געווען אַזוי כאַראַקטעריסטיש פאַר באַשטימטע שיכטן אין יענער צייט, האָט ער אויף אַן אייגענעם אופן פאַרקערפּערט אין דער טראַגיק פון זאַכן, דערביי אָבער האָט רובינשטיין אויף א געלונגענעם אופן אויסגעמיטן, פון איין זייט, דעם פּרימיטיוויזם פון בלויזן צושרייבן א געוויסן טויטן אָביעקט אָדער אַנדערע מענטשלעכע אייגנשאַפטן, פון דער צווייטער, דאָס נאַיווע אַנימיזירן די נאַטור בכלל. דער טויטער אָביעקט ביי רובינשטיינען קומט אויף פון א געוויסער געפיל־אַטמאָספער און ביי באַשטימטע פאַר אים אומשטענדן; וועלכע רובינשטיין, אַדאַנק זיין קינסטלערישן חוש פאַר פאָרמגאַנצקייט, ווייסט צו קאָמפּאַנירן אויף אַזאַ אופן, אַז דער אָביעקט ווערט אַן אָנדייט אויף גאָר עפּעס אַנדערש, און די פאָרשטעלונגען און געפילן, וועלכע ער רופט אַרויס, באַקומען אויך ווי עפּעס א שייכות צו עמעצן אַנדערש, פונקט ווי צו אים גופא. דאָס שאַפט אין רובינשטיינס לידער א געוויסע באַלאַדע־שטימונג פון אַן אייגנאַרטיקער באַפאַרבונג. אין רובינשטיינס נייע גרעסערע פּאָעמעס וועגן וואַרשע, וועגן דעם יידישן חורבן, אין זיין אייגנאַרטיקן טיף־פאַרטראַכטן ציקל, „ביבל־וואַריאַציעס“ און אין א גאַנצער ריי אַנדערע לידער האָט אויפגעשלאָגן אַ נייער קוואַל פון אָריגינעלער, כ'וואָלט געזאָגט, אָביעקטיוויזירטער ליריק אויף א פאָן פון עפּישע שילדערונגען. פון דער אינטימער, קאַמעראַלער אַטמאָספער פון זיינע מערסטנס פריערדיקע לידער באַמיט זיך רובינשטיין אַרויסצורייסן לעצטנס אויף ברייטערע שטחים פון היינטצייטיקער און היסטאָרישער טעמאַטיק, און די ערשטע פּרוון אין דער הינזיכט זענען ביז גאָר געלונגען.

זייער פּראָדוקטיוו אויפן דיכטערישן געביט איז אין משך פון דער צייט געווען דער באַקאַנטער דיכטער און פּראָזאַיקער אברהם זאַק, וועמענס בוך „אונטער די פליגלען פון טויט“ אויף מאָטיוון פון ערשטער וועלט־מלחמה — עס איז איבערגעזעצט געוואָרן אין דער רוסישער שפּראַך. אברהם זאַק האָט אָנגעשריבן אַסך נייע לידער, דער עיקר געווידמעט דעם גרויסן אומגליק פון אונזער פאָלק און דער טיפער בענקעניש אַהיים, צו די קוואַלן פון פוילישן יידנטום. זאַקס ליד איז ווייטער פשוט, באַהאַרצט און ווייך.

א גרויסע היסטאָריש ביבלישע דראַמע האָט אָנגעשריבן ישראל אַשענדאָרף, א דראַמע וועגן דעם מלך שאול. ער אַרבעט איצט איבער צוויי ווייטערדיקע דראַמעס פון דעם זעלבן ציקל — „דוד“ און „שלמה“. אַזוי אַרום וועט זיך באַקומען א דראַמאַטישע טרילאָגיע פון דער ביבלישער צייט. ישראל אַשענדאָרף האָט אָנגעשריבן אויך א גאַנצע ריי לידער, גרעסערע און קלענערע. דער דיכטער האָט זיך אויך גענומען צו א נייעם זשאַנר, צו קינדער־מעשיות און משלים, אין וועלכע ער האָט קינסטלערישן דערפאָלג.

אין סטיל פון זיין אייגנטימלעכער שטילער ליריק האָט נייע לידער אָנגעשריבן נחום באָמזע. די נייע ליריק זיינע איז דורכגעזאַפּט מיט גאַל און ביטערניש, מיט די נייע מאָטיוון פון אומקום פון זיין היים, פון זיין פאָלק. נחום באָמזע פאַרנעמט ווייטער אַן אָריגינעלע פּאָזיציע אין דער יידישער דיכטונג.

א ריי נייע אָריגינעלע לידער האָט אָנגעשריבן אלחנן וואָגלער.

באַדייטנדיק אויסגעוואַקסן איז פאַר די לעצטע יאָרן יצחק יאַנאַסאָוויטש. דער אינ־

האלט פון יאנאסאוויטשעס לידער איז געוואָרן נישט נאר אויסגעברייטערטער און פארטיפטער, נאר אויך קאָנקרעטער. עס איז פארשוואונדן פון זיין ליד די אנהויפונג פון מעטאפארעס, און ס׳איז געקומען דער דראנג צו פשטות פון אויסדרוק און קאנקרעטקייט פון בילד. זיין לעצטע גרעסערע אויטאָביאָגראפישע פּאָעמע, וועלכע פארמאָגט אן עפּישע שילדערונג, ווי אויך א גאנצע ריי לירישע לידער, איז אָנגעשריבן מיט א סך באַגאַבונג.

א פיינע אנטוויקלונג האט דורכגעמאכט משה קנאפּהייס, וועלכער האָט ווייטער געוועבט זיינע נייע באלאדע־מאָטיוון און אָנגעשריבן א ריי גרעסערע פּאָעמעס. דער הויפּט־מאָטיוו פון קנאפּהייסעס נייע שאפונגען איז די בענקשאפט נאכן היימלאנד פוילן, דער טרוים וועגן דער אלטער היים, וועלכער שטויסט זיך אָן אין דער גרויזאמער און טראגישער ווירקלעכקייט. באזונדער צייכנט זיך אויס זיין גרויסע פּאָעמע „דאס ליד פונם ייד, זיין גאָלדענע באָרד און דער טערקישער שאל“.

אָריגינעלע לירישע לידער האט לעצטנס אָנגעשריבן רייזל זשיכלינסקי.

נאציאָנאלע ליריק האבן געשריבן חיים־לייב פוקס און משה גראָסמאן, דער פּראזאיקער, וועלכער האט אין ראטנפארבאנד גענומען שרייבן אויך לידער. גרויסע שריט פאָרויס האָט געמאכט דער יונגער פּסח בינעצקי; בעיקר האבן אויסגענומען זיינע סיבירער מאָטיוון און זיינע וויג־לידער.

און איצט וועגן א פּאָר אונזערע פּראָזאיקער.

אפרים קאגאנאווסקיס מייסטער־נאוועלע איז שטענדיק געווען אין גרונט א שטימונגס־געמעל מיט א רייכער פארבן־גאמע, ווו נישט די ליניע האט געשטאלטיקט און אויספאָרמירט יעדן טיפּ און יעדע געשעעניש, נאר די אינערלעכע וועזנטלעכע פארב פון געגעבענעם אביעקט גופא. קאגאנאָווסקי האט זיינע העלדן נישט קאָנסטרואירט אין גאנג פון די געשעענישן, נאר גלייך זיי ארויסגעפירט ווי א צאפּלדיק שטיק לעבן מיט דער גאנצער פארב און ריח און שטימונג פון דער סביבה, פון וועלכער ער האט זיי ארויסגענומען. ס׳איז אוממעגלעך אויסצוטיילן פון קאגאנאווסקיס א נאוועלע איין העלד עס זאלן אים נישט נאָכגיין גלייכצייטיק די פארב און די שטימונג פון דער גאנצער נאוועלע, ווייל די דאזיקע פארב און שטימונג זענען ביי קאגאנאָווסקין קיינמאָל נישט קיין ביילאגע בלויז און אפילו נישט קיין פאָן, נאָר זיי שטראלן ארויס פון העלד גופא, ווי די ווארעמקייט און דאס ליכט פונם פלאם. דער דאזיקער כאראַקטעריסטישער שטריך האט א שייכות צו קאגאנאווסקין, דעם שילדערער פון „געסל“, ווו ער דעקט אויף די סובטעלסטע געפילן ביי די סאמע ארויסגעשטויסענע פון דער מענטשלעכער געזעלשאפט, ווי צו קאגאנאווסקי דעם קלוגן און דינעם אָפּלאַכער פון דער אינערלעכער פוסטקייט און נישטיקייט פון די שיינע באלעבאטישע יידן און יידענעס מיט די אויסערלעך פיינע זיטן און מאניערן פון מענטשן פון דער בעסערער געזעלשאפט. די לעצטע דערציילונגען פון קאגאנאווסקין אין דער פארם פון זכרונות וועגן שלמה גילבערט, איבערלעבונגען פון א האלב אסימילירטן יידישן אינטעליגענט אין דעם פוילן פון פאר דער מלחמה און אנדערע, צייכענען זיך אויס מיט זייער רעאלער שילדערונג און קאמפּליצירטן פסיכאלאגישן אמת, איינהיטנדיק דערביי די אלע אויבנדערמאנטע אייגנשאפטן פון זיין פריערדיקע מייסטער־נאוועלע. קאגאנאווסקי ארבעט אויך לעצטנס איבער א גרעסערן ראמאן, וואָס דארף געבן א סינטעז פון דעם גאנצן יידישן לעבן אין פוילן ביז דער מלחמה.

די זאפטיקייט און פּאָעטישקייט פון ש. בערלינסקיס פּראזע קומען פון דעם סאמע געזונטסטן און פרוכטבארסטן קוואל — פון פאלק אליין. פון דאנען שטאמט אויך דאס, וואָס ביי דעם גאנצן רירנדיקן טרויער, מיט וועלכן עס זענען ארומגענומען ס׳רוב בערלינסקיס העלדן, שטראלט דאך ארויס פון זיי אזא טיפער אינערלעכער אָפּטימיזם. בערלינסקיס לעצטע דערציילונגען פון פאר דער מלחמה, ווי „א לעבן גייט אויף“ זענען נישט נאר געווען פון די טאלענטירסטע פּראזע־שאפונגען אין דער יידיש־פוילישער ליטעראטור פון די לעצטע יאָרן, נאָר, דער עיקר, זיי זענען סיי לויט זייער אינהאלט, סיי לויט זייער פאָרם, געוואָרן א טייל פון דעם גאלדענעם פאנד, אָן וועלכן עס קען בכלל נישט זיין קיין נאציאנאלע ליטעראטור. אויף דער סאָוויעטישער ערד האט בערלינסקי אָנגעשריבן א פיעסע און א גאנצע ריי דערציילונגען.

עס האָט ווייטער געצויגן זיין ליניע פון ביאָגראפישע ראָמאנען משה גראָסמאן, דער מחבר פון „קארל מארקס“ און „דערוואכונג“. אין זיין טעמאטיק האט זיך פארשטארקט דאס נאציאָנאלע, דאס נאציאנאל־היסטארישע.

ל. אָליצקי אין דער פּראזע האט ארויסגעוויזן א נטיה צו נאטוראליסטישע שילדערונגען, צו פּינקטלעכער באַארבעטונג פון דעטאל. אין זיינע פילבענדערדיקע ראמאנען און דערציילונגען, און ספּעציעל אין זיין בוך „הונטמאן“, האט אליצקי געגעבן פיינע פסיכאלאגישע אנאליזן פון פארשידענע מענטשלעכע טיפּן. אָליצקיס פּראָזע איז דורכגעדרונגען מיט א טיפן הומאניזם און מיט א שטארקן גלויבן אינם מענטש. אָליצקי איז אויך איינער פון די ווינציקע משלים־שרייבער אין דער פויליש־יידישער ליטעראטור, זיינע צוויי בענדער משלים צייכענען זיך אויס מיט זייער שפּראכלעכער רייכקייט און דערפינדערישקייט, מיט זייער דורכויסיקער סאָציאלער טעמאטיק און פּאעטישער פארם. אין ראטנפארבאנד האט אליצקי איבערגעזעצט א גאנצע ריי משלים פון קרילאוו, האט אָנגעשריבן א גאנצן ציקל אריגינעלע משלים און לידער און ארבעט אינטענסיוו איבער א גרעסערן ראָמאן וועגן דעם פארגאַנגענעם יידישן לעבן אין פוילן.

עס האָבן זיך אין משך פון דער צייט אנטוויקלט די יינגע פּראָזאיקער י. גיטערמאן, י. קייטעלמאן און אנדערע.

א באזונדער אָרט פארנעמט אין אונזער ליטע־

ראטור די עסייאיסטיק. אויף אט־דעם געביט דארף אויפן ערשטן ארט אוועקגעשטעלט ווערן דער עסייאיסט, ליטעראטור־קריטיקער און פילאזאפיענער ל ע א פ י נ ק ל ש ט יי ן, וועלכער האט אין ראטנפארבאנד אנגעשריבן א ניי בוך „אגרת פוילן" — א בוך, וואָס גיט א היסטאָריאָזאָפישן אריינבליק אין די טיפענישן פון דער געשיכטע פין די יידן אין פוילן און וואָס וויל אריבערווארפן א גייסטיקע בריק איבערן עבר, קעגנווארט און צוקונפט פון פוילישן יידנטום.

וואָס איז שייך געשיכטלעכע ארבעטן און פארצייכענונגען וועגן דער גרויסער טראגעדיע פון פוילישן יידנטום, האט זיך פון די יידיש־פוילישע שרייבער אין סאָוויעטן־פארבאנד באזונדערס אויסגעצייכנט אויף דעם געביט ב ע ר ל מ א ר ק. זיין ביכל וועגן דעם אויפשטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ האָט, נישט געקוקט אויף געוויסע אומפינקטלעכקייטן, אָפּגעשפּילט א קאָלאָסאַלע ראָל, אלס דער ערשטער דרייסטער פּרוּוו אין דער צייט פון דער אלגעמיינער דערשלאָגנקייט און יאוש, ארויסצורוקן אין פאדערגרונט די העראיק פון דער יידישער יוגנט אין די געטאָס. דאס איז אן אויפטו, וואָס זיינע ווייטגרייכנדיקע רעזולטאטן דארפן ערשט ווי געהעריק אָפּגעשאצט ווערן. מארקס ווייטערדיקע מער גרינטלעכע ארבעטן וועגן אויפשטאנד אין ווארשעווער און ביאליסטאקער געטאָ און וועגן יידישן ווידערשטאנד אין פארשידענע שטעט און שטעטלעך זיינען געשריבן אין זעלבן גייסט פון נאציאנאלער ווירדע און געשיכטלעכער אביעקטיווקייט לגבי אלע גרופּירונגען, וועלכע האָבן אין די דאזיקע ווידערשטאנדן אנטיילגענומען. מארקס געשיכטלעכע ארבעטן זענען אויפגעשריבן מיט א ציכטיקער ליטערארישער שפּראך, אינטערעסאנט און אנציענד געבויט און מיט בעלעטריסטישן געשמאק, וואָס דערמעגלעכט דעם אָן־און־פאר־זיך שווערן פאקטישן מאטעריאל איבערלייענען אין איין אטעם, נישט פארלירנדיק דערביי גארנישט פון זיין אביעקטיוו־געשיכטלעכן ווערט.

א ביז גאר אינטערעסאנטן בוך אויף דעם געביט האט אָנגעשריבן דער באקאנטער פּובליציסט און געזעלשאפטלעכער טוער ה ע ר ש ל ס מ אָ ל י א ר, און אינטערעסאנט איז דאס בוך נישט בלויז דערפאר, וואָס דער מחבר גופא האט אויף א העלדישן אופן דורכגעמאכט סיי דעם געטא, סיי די פּארטיזאנקע, נאָר בעיקר דערפאר, וואָס דאָס בוך גופא איז פון דעם ערשטן זייטל דורכגעדרונגען מיט דעם אקטיוון גייסט פון קאמף. דאס איז א בוך, וואָס שטייט אינגאנצן אונטערן צייכן פון „ארויס פון געטאָ" צום אקטיוון ווידערשטאנד און שילדערט אָט דעם ווידערשטאנד אין די סאמע אינטערעסאנטסטע און וויכטיקסטע פאזן זיינע, סיי אין געטאָ, סיי אין וואלד.

אן אקטיווע טעטיקייט בעת דער מלחמה האָט ארויסגעוויזן י. אָ ק ר ו ט נ י, וועלכער האט אנגעשריבן א ריי גרעסערע דערציילונגען.

א גרינטלעך בוך וועגן דער געטא אין ווילנע האט אנגעשריבן א ב ר ה ם ס ו צ ק ע ו ו ע ר. אויסער דער געשיכטלעכער באדייטונג פון דעם בוך, אלס א ווערק פון א דיכטער מיט א שטארקער באָבאכטונגס־פעיקייט, וועלכער האט דאס אלץ וואָס ער האט אויפגעשריבן, אליין איבערגעלעבט, באזיצט עס נאָך א גאנצע ריי אנדערע מעלות. דאס איז א בוך פון גרויסן מענטשלעכן מוט און עקשנות, פון אומאויפהערלעכן גלויבן און זיג פון דער גערעכטיקייט. דאס האט א שייכות סיי צום מחבר גופא, סיי צו די, וועלכע דער מחבר באשרייבט. אין די סאמע שוידערלעכסטע מאָמענטן פון אלגעמיינעם אומקום, ווען עס דאכט זיך, אז עס וועט שוין קיין ווייטערדיקער המשך נישט קומען, לאזן די מענטשן נישט אראָפּ זייערע הענט פון ווייטער שפּינען די יידישע קולטור, פון צוגרייטן דעם שפּראָץ פון א ווייטערדיקן יידישן לעבן. אין דער געשיכטע פון מענטשלעכע ליידן און פּיין איז שווער אָנצוטרעפן אויף אזא העלדישקייט פון גייסט, אויף אזא עקשנות פון אויסדויער; אין דער הינזיכט וועט סוצקעווערס בוך וועגן ווילנער געטאָ פארבלייבן איינס פון די העלדישסטע ספרים אין אונזער טויזנט־יעריקער מארטיראלאגיע־געשיכטע.

אן ענלעכע באדייטונג פארמאָגט אויך דאָס בוך פון דעם דיכטער־פארטיזאנער ש מ ע ר ק ע ק א ט ש ע ר ג י נ ס ק י „פּארטיזאנער גייען". קאטשערגינסקי שילדערט דא טיפן פון יידישע העלדן, פון אונזער גיבורישער יידישער יוגנט.

וועגן די נייע שאפונגען פון יערן אונזער שרייבער אויף דער סאוויעטישער ערד וועט אונז נאך אויסקומען פיל צו רעדן. באזונדערס וועט אונז אלעמען נאך אויסקומען פיל צו שרייבן און זיך אליין קלאר מאכן די וועזנטלעכע און ווייט־גרייכנדיקע באווירקונגען, וועלכע עס האט געהאט אויף אונז אין משך פון דער צייט די גרויסע רוסישע און יידיש־סאוויעטישע ליטעראטור. אין דעם ארטיקל זענען בלויז געגעבן געוואָרן אין קורצע שטריכן אונזערע שרייבער, וואָס האבן זייערע נייסטע ווערק געשאפן אין ראטנפארבאנד. דאס איז געטאן געוואָרן מיטן ציל אויפצופרישן אין זכרון די נעמען פון אונזער שרייבער־גרופּע, וועלכע קערט זיך איצט אום צוריק פון גאסטפריינטלעכן סאוויעטנפארבאנד אויף די חורבות פון זייער געוועזענער פוילישער היים, נישט נאר א פיזיש־אויפגעהיטענע, נאר דער עיקר, א געמוטיקטע גייסטיק, א באַרייכערטע שעפעריש און א גרייטע זיך צו שטעלן גלייך אין דינסט פון אונזער פאָלק.

מאסקווע, מערץ, 1946.

ל. אַליצקי

# דריי משלים

## א.

## רב וואָלף און דער פּויער

דער ווינטער קאָוועט איין דעם וואַלד מיט פראָסט און שווייגן.
די נאַכט פאַרבאָרגט דעם קאָפּ אין שניי אויף צווייגן.
עס ציטערן פון קעלט די שטערן איבער זיי,
אין ס'גליווערט די לבנה אין אַ דרימל.
ביים ראַנד פון וואַלד פאַרגייט זיך אין געוויין און ווײ
רב וואָלף, פאַרייסנדיק די באָרד צום הימל.

– וואָס יאָמערסטו, רב וואָלף, – בלייבט שטיין אַ פוקס, וואָס לויפט פאַרביי:
דו ביסט, הלילה, קראַנק, און פרעסן גלוסט זיך דיר פאַר דיי?

– אַז וועמען קריכט אין קאָפּ איצט, – קרעכצט דער וואָלף: דער מאָגן?
דער אומגליק פון מיין פאָלק איז נישט צום איבערטראָגן.
אוי, וואָס וועט זיין?
מיין פאָלק גייט איין:
פון הונגער נאָגן זיינע זין די לאַפּעס אין די היילן,
און ריפּן לייכטן זיך דורך פעלן, אַז מע קאָן זיי ציילן.

– כ'פיל מיט, כ'פאַרשטיי
דיין ווינד און וויי, –
זיפצט אָפּ דער פוקס מיט ביטערער העוויה:
נאָר זינדיק איז דער מאָגן און פאַרשייט – די ציין,
און מ'איז דאָך מער נישט ווי אַ חיה –
מע מוז אַ זאָרג טאָן אויך פאַר זיך אַליין.
(און ער, רב וואָלף, הערט אַלץ נישט אויף צו קלאָגן).
איז הער, רב וואָלף, וואָס כ'וועל דיר זאָגן –
ביים עק פון דערפל שטייט אַן אַלטער שטאַל,
אין שטאַל – אַ קראַנקע שקאַפּע;
אין טויער דאַרפסטו בלויז אַ שטויס טון מיט דער לאַפּע,
און גלייך ביסטו געהאָלפן.

– אזוי־ווי? –
האַקט אָפּ רב וואָלף אינמיטן זיין געוויין,
און ס'יאָגט אַ ווינט זיך נאָך רב וואָלפן.

– אַזוי־ווי? – שפּעט נאָך רב וואָלפן אונטער פוקס דער ליץ:
רב וואָלפן האָט אַ שיין געטאָן אַ הוילער ביין צום פרעסן,
און גלייך האָט ער צו וואָרן זיינע ברודער פון פאָלק פאַרגעסן.

---

די אויפריכטיקע דיכטער האָב איך ליב און שעץ.
דעם ווייטערדיקן גראַמענפלעכטער וויל איך זאָגן:
דער אויף דאָס פאָלק, שטאָט זיך אַליין, רב וואָלף, באַקלאָגן.

מאָסקווע, 1944־1946.

## ה.

## די ברוינע קאַץ און דאָס געלע הירזשיקל

די ברוינע קאַץ האָט די געלע הירזש שיין כמה יאָרן.
פאַר וועלכע זינד? פאַר וועלכן, פרעגט איר מיר, חסרון?
נישט שייך־זשע איז די סיבה בלויז די פאַרב,
דאָס הייסט – ביסט נישט פון מיין קאָליר, איז שטאַרב!?

אַרײַנלאָזן אין חקירות לאָמיר זיך פֿאַרשפּאָרן.
זאָל זײַן, אַז אָ׳ אַ שום פֿאַרוואָס, פֿאַרוואָן.
איך וויל דערציילן בלויז: אַנימלטי דערזען
אַ חברה ברוינע קאַשטעס אין אַ טעלער —
אַ הירזשיקל אַ געלער
אַרײַנגעבאַפּט זיך צווישן זיי!

— ווי קומט אַהערצו נישט-קיין-ברוינער? —
די ברוינע קאַשטעס טוען זיך צום הירזשיקל אַ דריי:
דו שרעטעלע, אַיעלבער און אַזוינער! —
ביסט איין-אַליין,
מיזער און קליין —
און חוצפּהדיק דערוועגסטו זיך, ווי גאָלד, צו שײַנען!
...וואָס-וואָס? האָסט חשק נאָך, זיך אויסצוטעניקן?
דערווײַזן אפשר, אַז דו גאָלדיקסט זיך דערפֿון,
וואָס כאָטש ביסט פּיטשעמאַנטשיק, שײַנסטו, ווי די זון?
צי גאָר, דו עזותדיקער הירזשיק געלער...
קיין וואָרט נישט! שאַ!
דו ביסט אַליין אַ זונעלע אַזאַ?!
איז הער-זשע, הירזשיק, שנעל טראָג אָפּ זיך, שנעלער!
שוין קײַקל זיך אַרויס פֿון נערער
צי אַלדי ווײַכטע געלע יאָר!

די קאַשטעס אונזער הירזשיקל פֿון אַלע זײַטן דריקן,
זיי ווילן עס צום טויט דערשטיקן.
דאָס הירזשיקל ווערט בלאַס גאָר-גאָר
און קוקט אַרום מיט שרעק זיך...
וואָס טוט מען, גאָט אין הימל? אַ?
כאָטש נעם אַליין און עק זיך!

ווי דאָ דערזעט עס — ס׳ליגט אַ הײַטל פֿון אַ קאַשטע... שאַ!
צו יאַטעוועי דאָס לעבן איז דאָך דאָ אַן עצה!
אַ כאַפּ דאָס ברוינע פעלצל אויף דער פּלייצע,
און שוין —
דאָס געלע הירזשיקל צו לײַטן גלײַך איז — ברוין!

- - - - - - - - - - - - - - - - - - - - -

צי קאָנען שוין די ברוינע קאַשטעס ס׳הירזשיקל פֿאַרטראָגן?
איך מיין, מײַן ליבער, ס׳איז איבעריק דאָס צו זאָגן:
ווײַל וואָסער פעלץ עס זאָל דער ייד נישט נעמען טראָגן,
די ברוינע שטעקנס הערן אים נישט אויף צו שלאָגן.

מאסקווע 1945, 46 י.

ג.

# דער בוים, דער פּניאַק און זײַנע ריטלעך

מ׳האָט אָפּגעזעגט אין וואַלד אַ פֿעסטן בוים.
דער עכאָ האָט צעקרעכצט זיך פֿון זײַן פֿאַלן.
פֿאַרבליבן איז זײַן פּניאַק פֿאַריתומטע פֿיר ריטלעך קוים,
ווי דינע בלאַסע שטראַלן.
ווער ס׳טוט אויף זיי אַ קוק,
לויפֿט דורך זײַן לײַב אַ צוק,
עס שנײַדט אים פֿאַרן האַרצן.

דאָס ווײַסע לײַב פֿון פּניאַק די צײַט נעמט שוואַרצן.
און ווען דער ווינטער קומט מיט פֿרעסט און שניי צו גיין,
פֿאַרשטאַרט דער פּניאַק בלײַבט שטיין,
גערינגלט אין שניי, ווי אין תכריכים ווײַסע.
און זײַנע ריטלעך זעט מען אויך שוין נישט אַרויס.

נאָר — הערט אַ וווּנדערלעכע מעשה:
דער ווינטער נעמט צונויף די פֿרעסט און גייט אַרויס.
עס שמעלצט דער שניי און רינט אַרײַן דעם וואַלד אין שויס.

באַווייזן זיך, ווי עופּהעלעך געבאָרענע פון וואַסער,
דריי ריטלעך קרעפּטיקע, געקנאָספּט־גרין!
בלויז איינס פאַרבלייבט, ווי פריער, דין
און שוואַכער נאָך און בלאַסער.

עס שטעקט אַריין די זון אין וואַלד איר בלאָנדן קאָפּ,
פאַרפלעכט אין זיין געצווייג דעם שטראַלנדיקן צאָפּ,
און צו די ריטלעך אונזערע די דריי זי לאַכט אַראָפּ.

די ריטלעך שמייכלען איר אַנטקעגן פון באַגינען,
זיי ציען מיט די קנאָספּלעך זיך צו איר:
— נעם מיט אונז, זון, מיט זיך אויף דיין שפּאַציר!

— ווי מעגן מיר זיך דאָס פאַרגינען, —
דאָס קראַנקע ריטל וווּנדערט זיך: צי אָטעמען און גרינען
אויף אונדזער פּניאָקס פאַרשוואַרצטן ראַנד?!
ס'איז יעדער אייער קנאָספּן־שימער — שאַנד!
און יעדער גרינער אָטעם־צי — אומזיטלעך!

דאָס ריטל אויף די אויגן וועלקט, גייט איין —
הערט אויף צו זיין.

נאָר זיי, דער דריילינג ריטלעך,
פאַרבלענדט פון חיותדיקער שיין,
מיט לעבנס־ווילן אָנגעלאָדן,
באַמערקן נישט דעם טויט פון דעם געטרייען תם.
און זיי לעבן אויף אויפסניי דער שטאַם,
וואָס וואָרצלט פעסט אין באָדן,
און טרייבט אין זיי אַ שפּרודלדיקן זאַפט:
— איילט צו! מע דאַרף ממלא־זיין דעם שאָדן.
וואַקסט, קינדערלעך, און שאַפט!

- - - - - - - - - - - - - - - - - - - - - - - -

נישט די זענען די טרייסטסטע זין פון פאָלק, וואָס קלאָגן
אויף זיין פאַרטיליקונג און גייען אויס אַליין. נאָר די,
וואָס היטן אויף אין האַרצן אונטער אַש, צו טראָגן
פאַר דורות ווייטערע, זיין אָפּגעראַטעוועטן גלי.

מאָסקווע 1944—לאָדזש 1946.

---

## רייזל זשיכלינסקי

# שנייען.

שנייען, שנייען און איך אינדערמיט.
אַ ווייסקייט, אַ קלאָרקייט האָט אין מיר זיך צעבליט.
איך זשמורע די אויגן, איך שטרעק אויס די הענט —
איז אַ פאַרשלאָפענעם גאָרטן זיצן ביימער אויף בענק.
די בענק זענען ווייס מיט שניי אויסגעבעט.
די ביימער שווייגן. די שטילקייט גלעט.
איך וויל אַריין אין דעם גאָרטן. איך קלאַפּ אין דעם טויער.
פאַרשנייט איז דאָס שלעסל. פאַרקאָוועט אין גרויער.

שנייען, שנייען און איך אינדערמיט.
אַ ווינט, אַ ווייגע לויפט אַרום אין מיין בלוט.
גאַס איין גאַס אויס, איך בלאָנדזשע אין שטורעם.
פונדערווייטן פינקלט אַ ווייסער טורעם.
און געווייבל זע איך מיין שטעטל, מיין היים.
די קליינע פענצטער פאַרקלעבטע מיט ליים.

די בלומען וואָס האָבן אויפן פענצטער געבליט.
די שאָטנס וואָס האָבן אין די נעכט מיך באַגלייט.
די בלויקייט וואָס כ'האָב מיט דער מילעך געזויגן.
די מאַמעס זיפץ איך, אירע בלויע אויגן.

שנייען, שנייען און איך אינדערמיט:
אונטער שנייען זענען טויטע און אויף שנייען איז בלוט.
דאָס שטעטל איז ווייט. אינדערמיט איז דאָס שלאַכט-פעלד.
אין בלוט, אין פייער רויבערט די וועלט.
און דאָ וווּ איך לעב — און דאָ וווּ איך אָטעם
גייען צו פראָנטן רויטע שבטים.
זיי גייען אין שטורעם. זיי קומען אָן און זאַווייי
טריט אויפן שניי, טריט אויפן שניי.
ס'באַגלייט זיי דאָס דינע געוויין פון אַ קינד.
עס רינט איבער פעלדער. עס ציטערט אין ווינט.
עס פליסט אין די טיפע אונטערן פאַרפרוירענעם אייז.
עס שווימט מיט די וואָלקנס לאַנד איין לאַנד אויס.
מיין מאַמעס אויגן פלאַטערן זיי אַנטקעגן
פון ווייטן ענגעטל מיט די פאַרפיינקטע וועגן.

שנייען, שנייען און איך אינדערמיט.
איך גיי אויפן שניי נאָך רויטאַרמייאישע טריט.
זיי פירן מיך ווייט אַרויס פון דער שטאָט.
ווייס זענען די פעלדער. דער הימל איז רויט.
מיין מאַמעס אויגן טראָגן אומעטום:
אין די שנייען, אין די הימלען ווי אין אַ געבעט פון אַ בלום.

קאזאן, מערץ 1942

# פון א וואָלקן

פון אַ וואָלקן קוקט אויף מיר די מאַמע
מיט פאַרבלוטיקטע אויגן —
טאַטעס פאַרבינד מיר די וווּנדן,
איר גרויער קאָפּ איז געבויגן.

מיין שוועסטער וויינט צווישן די בלעטער
פון אַלע גרינע ביימער:
מיין מיידעלע, מיין נאָענטער ווו איז?
רייזל, קלויב צונויף אירע ביינער.

מיין ברודער שווימט אין די וואַסערן
נאַכט, וואָכן, יאָרן.
אַ שטיין איז צוגעבונדן צו זיין האַלדז.
דער הימל לויכט מיט בלויע טויערן.

מיין שכן וועקט מיך אין די נעכט.
מען האָט מיך געהאַנגען מיטן קאָפּ אַראָפּ.
נעם מיך אַראָפּ פון דער תליה — הייב מיך אויף
אַזוי עס טוט וויי יעדע האָר אויף מיין קאָפּ.

מאַך, איך גיי אַרום צווישן שאָטנס
מיט מיין קליינעם זון אויף די הענט.
אַזויפיל לעבנס פאַרשניטענע קלאַמערן זיך
צו מיר, צו מיינע ווינקלען, צו מיינע ווענט.

אַזויפיל לעבנס פאַרשניטענע ציטערן
אויף די יונגע ווינטס פון מיין קינד,
אַזויפיל לעבנס פאַרשניטענע קראָגן
אין מאַך, אין פרילינגדיקן ווינט.

קאזאן, 1943.

יצחק יאַנאַסאָוויטש

# פוילן, פוילן

פוילן, פוילן, כ'בין מיין בענקען,
ווי אַ שבועה אויסגעזעסן.
צופיל פיין דיך צו געדענקען,
צופיל גרויל דיך צו פאַרגעסן.

פרעמד איז מיר איין טאָל פון ביינער
די אויפסניי צעבליטע ליפּע,
דיין פאַרגעסענעם געוויין נאָר
כ'פיל, ווי זאַלץ אויף מיינע ליפּן.

ס'איז דיין טומל מיר דערווידער
נישט איך דאַרף עס, נישט איך ווייס עס,
ווייל דיין שטילקייט, ווי אַ סידור
היט דעם סוד פון מיינע תפילות.

ווייט איז מיר דיין פעלד, וואָס מיניעט
אינם ליכט פון זומער־זאַנגען.
פון דיין גאַנצער ערד מיין קנין
איז דאָס קבר נאָר פון טאַטן.

ווי אַ וואונד איז יעדער גרוב שוין
מיט אַ גרינער הויט פאַרצויגן,
נאָר אויף טייבן ליגט דער אָפּשיין
פון מיין מאַמעס בלויע אויגן.

אונז דערווייטערט האָט דאָס לעבן,
נאָר דער טויט האָט אונז פאַרבונדן,
וויפיל בליט איך מוז פאַרגעבן
און פאַרשווייגן — וויפיל וואונדן.

פוילן, פוילן, כ'בין מיין בענקען,
ווי אַ שבועה אויסגעזעסן.
צופיל פיין אויף צו געדענקען,
צופיל ווייט אויף צו פאַרגעסן.

# די היים

די היים שוין נישט קיין היים מער,
פרעמד דאָס לאַנד פון מיין געבוירן.
און מיט חשד און שרעק געהיימער
אַלע שאָטנס דאַרטן לויערן.

ביימער — יאָרצייט־ליכט אויף יעגן
גליען אויס אין יעדער שקיעה.
וועל איך יעדן בוים דאָרט פרעגן:
— זאָג, דו ביסט מיין טאַטנס תליה?

נישט פערבערענטע חורבות קלאָגן,
חלומט זיי זיך אַלץ נאָך פלאַמען,
וועל איך יעדער חורבה זאָגן:
— ביסט דער קבר פון מיין מאַמען?

שליאַכן זיינען דאָרט פאַרבליבן
צווישן פעלדער אָפּגעבליטע.
וועלכער וועג האָט נישט געטריבן
מיינע נאָנטע צו דער שחיטה?

מיינע ברידערס פיס מיט מאַטער
וועלכער שטיין האָט נישט געלעסטערט?
וועלכער ווינט האָט נישט צעפלאַטערט
מיט געוויין פון מיינע שוועסטער?

איז די היים שוין נישט קיין היים מער
און מיר אַלע — בלינדע סאָמעס
ציען צריך מיט שרעק געהיימער
אין דעם לאַנד פון קבר אָבות.

# אַ שניי

אַ שניי איז געגאַנגען אַ שטילער, אַ שטילער,
און זיך און אין איינעם גאַנג פיינטהערט.
אַזאַ וואָס ער ווייסט נישט
צי פאַלן דאָ וויל ער,
צי וויגן זיך זאָל ער
דאָ איבער דער ערד.

מיט שטילע, פאַרפרוירענע
ווייסע מעת לעתן
דער שניי האָט דאָ
פולשע שטעטלעך פאַרוויגט
און לאַנג האָט די ערד שוין
די רויכן פאַרגעסן.
דאָס פייער, וואָס האָט זיך
מיט הימלען געקריגט.

אויף פוילישע שטעטלעך
איז ווייס און פאַרפרוירן
געהאַנגען אַ רו
און ס'האָט קיינער געוועקט.
דעם עלנט פון שוואַרצע
און חרובע מויערן
דער שניי האָט מיט הפקר,
מיט זיינעם פאַרדעקט.

אָט ערשט האָט אַ שטעטל
מיט שריפה געשריגן,
און אַש האָט אַ זכר
געוויינט פון אַ שטוב,
נאָר שניי האָט פאַרלאָשן,
און שניי האָט פאַרשוויגן
די רויטקייט פון בלוט
ביי אַן אָפענער גרוב.

געוועז דאָרט אַ מאַמע,
אַ שטילע, אַ בלייכע,
אַ שטענדיק פאַרשעמטע
פון אייגענעם ווייט.
און יעצט שוין איר נאָנטקייט
קיינמאָל נישט דערגרייכן
ווייל ס'הענגט איבער איר,
ווי אַ שלייער דער שניי.

נישטאָ שוין מיין טאַטע.
און צוק פון זיין אַקסל
גייט אויף אַזוי נאָנט מיר



ד״ר עמנואל רינגעלבלום
מיט זיין 10־יאָריקן יינגעלע



יצחק קאַצענעלסאָן און זיין זון
אין קאָנצענטראַציע־לאַגער



ד״ר יצחק שיפּער

זיין מילדער געמיט.
נאָ אויך צו שו אונז
איז דער שניי אויסגעוואַקסן
מיט בלינדקייט פון שויב,
ווען א הויך זי פארציט.

כ׳וואָלט וועלן באַטש איינמאָל
דערשפּירן דעם צאַפּל
פון ברודערשן האַרץ
איז ביינאָבטיקן וואַלד.
ס׳וואָלט וועלן באַטש איינמאָל
זאָל אין מיין שווארצאַפּל

זיך שפּיגלען מיין שוועסטערס
ווייטע געשטאַלט.

נאָר אויף פּוילישע שטעטלעך
א שניי איז געגאַנגען,
געגאַנגען אויף חורבות,
אויף בלוט און אויף וויי.
צווישן מיר און מיין היים
איז די צייט דורכגעגאַנגען
מיט גורל און גרויל,
מיט טויט
און מיט שניי.

---

ישראל אַשענדאָרף

# דער מלך שאול

## (דאָס זיבעטע בילד)

(עין דור. אין דער כשופמאַכערינס הויז.
ס׳הערט זיך א מיליטערישער מאַרש. ער
ווערט אַלץ ווייטער און ווייטער. די כשופ-
מאַכערין און איר טאָכטער.)

כישופמאַכערין:

דאָס ערשטע מאָל, אַז אונדזער שטאָט עין דור
האָט ביי זיך געזען אַזא גרויס חיל!
אין די הייזער איז קיינער נישט געבליבן.
פון קינד ביז זקן — אַלע אויף די גאַסן.
כ׳בין דעם חיל געגאַנגען אַקעגן,
ווייל געהאָפט האָב איך טרעפן דעם מלך.
אַזויפיל יאָרן האָבן א שונא
און נישט איינמאָל אים א קוק־טון אין פּנים.
נאָר ס׳איז מיר זען אים נישט געלונגען.
מען זאָגט, ס׳איז אים זיין אומרו באַפאַלן
און ער וויל זיך פאַרן פאָלק נישט ווייזן.
ער זאָל האָבן אהער געקומען
איבערגעטון, אינדערשטיל, נאָך פריער.

טאָכטער:

און איך האָב געזען דאָרט, ווייסטו וועמען? —
דעם מלכס יינגסטן זון: מלכישוע!
מיט מיר זעט ער אויס אין זעלבן עלטער.
מוטער! ווי וווּנדערשיין איז דאָס יינגל!
די אויגן בלאָע און שוואַרץ — די לאָקן!

כישופמאַכערין:

נישט פאַר דיר מיין טאָכטער צו חלומען
פון קעניגלעכע זין. נאָר אין די מעשיות
און לידער קומען זיי זיך צוזאַמען
מיט אַזא, ווי דו — פון פאָלק, פון פּראָסטן.
היינט, מיין טאָכטער, זיי זייער געוואָרנט!
די שטאָט איז איצט פול מיט שאולס חיל.
דו ביסט נאָך יונג און נישט דערפאַרן
און זיי זענען ווילדע, און די שלאַכט מאָרגן
מאַכט הפקר זייער טאָט. צייט גיין שלאָפן.

טאָכטער:

ווי מיר ווילט זיך היינט נישט שלאָפן, מוטער!

כישופמאַכערין:

קינד, נאָר די פלעדערמויז און די סאָווע
פליען איצט אַרום מיט אָפענע אויגן.
די מענטשן באַנאַכט — דאַרפן זיי שליסן.

טאָכטער:

און פאַרוואָס, מוטער, קאָנסטו נישט שלאָפן
און דורך די נעכט גייסט אַרום א וואַכע?

כישופמאַכערין:

עלטערע מענטשן קאָנען נישט שלאָפן.
עלטערע מענטשן זעען אין חלום
זייער פאַרגאַנגענהייט, און באַגינען
שטייען זיי אויף טרויעריק־צעקלעמטע.
נאָר יונגע — יונגע זעען אין חלום
זייער צוקונפט, און שטייען אויף דערפרייטע.

טאָכטער:

פון מיין צוקונפט, וואָס קען איך דיר זאָגן?
אָבער דו, פון דיין אַמאָל. אַך, וויפל
וווּנדערלעכע זאַכן האָסט צו דערציילן!
און אויסער דעם, נאָך איצט אַפילו,
ווען דו גייסט מיט מיר אין גאַס שפּאַצירן,
נישט אויף מיר, אויף דיר קוקן די מענער...
איך שעם זיך, נאָר איך מוז דיר עס זאָגן:
איך בין דיך דעמלט זייער מקנא...
און איך בין דאָך אַלט קוים פופצן
און דו — זיי מוחל, זיי מוחל, מוטער...

כישופמאַכערין:

זיי מוחל טאָכטער. ס׳איז מיר די שיינקייט
אין לעבן געווען שטענדיק א קללה.
איך בין געווען יונג, פון דיר נאָך יינגער.
אַז אָפּגעשטעלט האָבן זיך די מענער,
ווען איך בין די גאַס אַדורכגעגאַנגען.

פלעג איך אויף ווערמען פון זיי א קוק־טון,
איז ער שטיין געבליבן בלייך, פארציטערט.
און האָב איך צו אים געטון א שמייכל,
איז אין אים ווידער לעבן געקומען.
ביז ס'האָט שמואל פון מיר דערוווסט זיך
און געשיקט צו זיך רופן קיין רמה.
בלייב דאָ ביי מיר, געזאָגט האָט דער נביא,
אויף דיר רוט גאָטס גייסט, דו וועסט נאָך ווערן,
ווי דבורה — א נביאה.

טאָכטער:

דו — א נביאה?

כישופמאכערין:

יאָ, כ'בין געבליבן ביי די נביאים,
געלערנט זיך דאָרט אויף א האַרף שפּילן.
און פון דעמלט האָבן די נביאים
גענומען פארטראַכטן, זינגען לידער
און אַלץ זעלטענער — זאָגן תפילות.
נאָר האָט געטראָפן כ'בין קראַנק געוואָרן,
איז זייער געזאַנג, ווי אנטשוויגן,
און די תפילות — ליידנשאַפטלעך־הייסער.
ס'האָט אויף זיי שמואל די מאכט פארלוירן.
ער האָט עס דערפילט, צו זיך גערופן.
גיי, האָט ער געזאָגט, גיי דיר פונראַנען,
דיין קראַפט נישט פון גאָט איז, נאָר פון כישוף!

טאָכטער:

און דו ביסט אוועק פון בייזן נביא?

כישופמאכערין:

אזוי בין איך אוועק, נאָר נישט איינע,
מיט מיר זענען אויך אוועק אנדערע.
אַלע זענען געוואָרן כישופמאכערס,
נאָר מיין אָנזען — פון אַלעמענס גרעסער.
ס'האָבן גענומען צו מיר וואַנדערן
המונים פון פאָלק פון גאַנץ ישראל.
ווייל נאָך פון בראשית לאָקט דעם מענטשן
דאָס אומבאַקאַנטע און פארבאָטענע.
און ביידע האָט ער ביי מיר געפונען.

טאָכטער:

און דו האָסט יעדן פון זיי געהאָלפן?

כישופמאכערין:

יעדן? — ניין, געהאָלפן בלויז די מענטשן,
וואָס האָבן געגלויבט, אז כ'קאָן זיי העלפן.

טאָכטער:

און וואָס האָט דערצו געטון דער נביא?

כישופמאכערין:

מיט שרעק געקוקט אויף מיין שטאַט פון כישוף,
וואָס האָט זיין נביאים־שטאַט פארטונקלט.
אָנמעכטיק איז ער געווען, פארלוירן,
ביז ער האָט שאול פאַר מלך געוויילט.

טאָכטער:

האָט דאָך שמואל אויף שאולן געצערנט.

כישופמאכערין:

ערשט שפּעטער, שפּעטער. ווען דערוווסט זיך,
אז שאול, ווי איך, ווערט פון אים שטאַרקער.
באַלד ווי אויפן טראָן אַרויף איז שאול,
האָט אים באַלד שמואל שטרענג באַפוילן
אַלע כישופמאכערס צו פארטיליקן.

טאָכטער:

און ווי אזוי ביסטו געבליבן לעבן?

כישופמאכערין:

צו מיר באַנאַכט איז אין שטוב געקומען
כדי מיך טויטן שאולס א דינער —

(ווערט אנטשוויגן)

טאָכטער:

און פאַרוואָס דערציילסטו מער נישט ווייטער?

כישופמאכערין:

שיין איז ער געווען... פון מיר נאָך יונגער...
און די נאַכט — א הייסע, א געשטיקטע...

(זי ווערט ווידער אנטשוויגן, ווי זי וואָלט עפּעס נאָכגעקלערט, ענדלעך זאָגט זי אנטשלאָסן).

הער אויס, איך וויל דיר א סוד אנטפּלעקן,
וועלכן כ'האָב ביז איצט פאַר דיר פארהוילן:
דיין פאָטער איז נישט אין שלאַכט געפאַלן,
בעת כ'בין מיט דיר געווען שוואַנגער.
(ווי איך פלעג עס דיר שטענדיק דערציילן)
דאָס איז ער, אָט דער, געווען דיין פאָטער.
אין יענער נאַכט האָט ער אונז ביידע
געשענקט דאָס לעבן...

טאָכטער:

א זאָג מיר שנעלער,
לעבט ער נאָך, לעבט ער נאָך מיין פאָטער?!

כישופמאכערין:

ער איז געלעגן און רויק געשלאָפן,
ווען איך בין פון אים אוועק באַגינען
און אהער קיין עין דור אנטלאָפן.

טאָכטער:

און מיט אים, מיין פאָטער, וואָס איז געשען?

כישופמאכערין:

ער איז אָן מיר צום מלך געקומען.
און ס'האָט אים שאול אין גרויסן צאָרן
פאַר שטראָף — אויף א בוים אויפגעהאָנגען...

(מען קלאַפּט אין טיר)

אזוי שפּעט, ווער קען עס זיין? וואָס וויל ער?
טאָכטער מיינע, גיי אין צווייטן צימער
קען זיין, ס'איז עמיצער פון דעם חיל.
בעסער ער זאָל דיך איצט דאָ נישט טרעפן.

(פירט אַרויס די טאָכטער און קומט באַלד צוריק. ס'הערט זיך ווידער קלאַפּן אין דער טיר).

כישופמאכערין:

ווער איז עס? ווער קלאפּט אזוי שפּעט?

שטים:

עפן!

(די כישופמאכערין עפנט די טיר
אויפטריט שאול פארקליידט)

כישופמאכערין:

אזוי שפּעט, ווי וואגסטו פרעכער קריגער
אין הויז פון א פרעמדער פרוי צו קומען?

שאול:

שרעק זיך נישט פרוי, איך בין א קריגער,
אהער געקומען מלחמה פירן,
אָבער נישט מיט דיר.

כישופמאכערין:

וואָס דען פארלאנגסטו?

שאול:

מענטשן פון עין דור האָבן דערציילט מיר,
אז אין דיין קעלער ליגט וויין פון יאָרן.
דער וויין דאָרט איז אלט, אויך איך בין אלט
שוין,
זאָל זיך אלטקייט דורך אלטקייט פארייניגערן!

כישופמאכערין:

ניין, מיין האר, דער וויין אויפגעהיט איז
פאר מענטשן און צייטן באזונדערע.
און דו ביסטו דאָך מיר דורכויס א פרעמדער.

שאול:

(וואַרפט איר א בייטל געלט).

אָבער די שקלים זענען באקאנט דיר?

כישופמאכערין:

דערלויב מיר האר, א קרוג וויין צו ברענגען.

(אָפּ).

שאול:

פון געצעלט געהיים זיך ארויסגעגנבעט,
געהילט אינם מאנטל און אין שאָטנס.
אמאָל, בעת אזא געמיט א שווערן,
פלעגט פאר מיר דוד אויף דער הארף שפּילן.
איצט, דו וויין — דערמונטער און באַרויש מיך!

(אויפטריט כישופמאכערין)

כישופמאכערין:

נעם מיין האר, א טראָפּן אויף דעם גומען.
דו וועסט באלד מודה זיין, אז געלוינט זיך
האָט אויף דעם וויין אזוי לאנג צו ווארטן.

(טרינקט)

שאול:

דער מענטש, וואָס האָט אים געשטעלט
אין קעלער,
איז אלט געוואָרן, איז שוואך געוואָרן,
געוואָרן איז גרא, קראנק און געבויגן.
געשטארבן און זיין קערפּער פארדאָרבן.
נאָר דער וויין האָט מיט קראפט אָנגעקוואָלן,
פון יאָר צו יאָר געוואָרן איז שטארקער.
און נאָך אזויפיל צייט, מער ווי אין זיין יוגנט
איבערוועלטיקט ער אונז מיט זיין גבורה.
אָ פרוי, איז דאָס נישט אלץ וווּנדערלעך
און צוגלייך אויך אזוי טרויעריק?

כישופמאכערין:

ווען דו קלערסט וועגן דעם א ניכטערער.
נאָר ווען דו ווייסט, אז דעם וויין וואָס
טרינקסט איצט,
פאר דיר האט ער עס פון אלע יאָרן
שטארקייט געזויגן — דאן ווערסטו פריילעך.

שאול:

(דערלאנגט איר א כוס)

פרוי, דו ביסט קלוג, טרינק און ווער אויך
פריילעך.

כישופמאכערין:

שוין לאנג, לאנג, אז איך האב נישט געטרונקען.

(טרינקט)

זאָג מיר קריגער, ווער ביסטו אזעלכער?

שאול:

צו וואָס דארפסטו עס וויסן?

כישופמאכערין:

דיין אויסזען,
דיין שטים, דיין יעדער באוועג, זאָגן עדות
פון ליידן גרויסע, נאָר אויך — פון הערשאפט.
איך דערמאָן זיך נישט נאָך שמואלס פנים
אזא פנים, ווי דיינס, אין ישראל.

שאול:

און אין דיין פנים, פרוי, ליגט א כישוף!

(כישופמאכערין טוט א ציטער)

וואָלט איך געווען איצט א ביסל יינגער,
נאָר אָך, בלויז אש איז פון מיר געבליבן.

כישופמאכערין:

פרווו און בלאָז אוועק דעם אש פון אויבן.
אונטער אים גליט נאָך מסתם א פייער.

שאול:

מער ווי דיין וויין, דיינע רייד מיך שיכורן.
גענוג! אין לאגער פריינט אויף מיר ווארטן.
זיי געזעגנט פרוי!

כישופמאכערין:

דו האסט פאר מיר מורא?

שאול:

פרוי, דער טויט איז נישט קיין שאנד
פאר א קריגער,
נאָר א שאנד איז צו ווערן געפאנגען.

כישופמאכערין:

ווייסטו אויף זיכער ווער ס'איז געפאנגען?
אפשר גאָר איך? בלייב, בלייב מיט מיר איבער!

שאול:

ווי קען איך רויק מיט דיר פארברענגען,

ווען מיין מאָרגן איז מיר פרעמד און פינצטער
און מיין הארץ איז פול מיט זאָרג און אומרו.

כישופמאכערין:

דו ווילסט וויסן דיין מאָרגנדיקן גורל?
טאָ וועל איך דיר איצט א סוד אנטפּלעקן,
פאר וועלכן איך קאָן מיטן לעבן באַצאָלן
אויב דו וועסט אים אויסגעבן שאולן.
(ווייל ס'איז א פרוי אימשטאנד אָפּצוגעבן
דעם מאן וועלכן זי ליבט — אלץ אין לעבן.)
נאָר איך שטעל איין, און זאָל אויך ווערן
די היינטיקע נאכט — מיין נאכט, די לעצטע.
איך וועל דיר זאגן דיין גורל — דורך כשוף.

שאול:

ווער האט דיך געלערנט כשוף מאכן?

כישופמאכערין:

דער, וואָס האט געלערנט דעם פויגל זינגען,
דעם מענטש אָטעמען, די שטערן שיינען,
דעם טייך רוישן און דעם ווין — בארוישן.

שאול:

דער האט זיך שוין לאנג פון מיר אָפּגעטון.
אויף מיינע תפילות מיר נישט געענטפערט,
און מיינע קרבנות — נישט באוויליקט.
זאָל זיין דורך דיר, איך וויל אן ענטפער.

כישופמאכערין:

צו די נביאים קומען מלאכים
פון הימל אראָפּ די צוקונפט זאָגן.
מיר זאָגן די צוקונפט — ערדישע גייסטער.
וועמעס גייסט זאָל איך דיר ארויפרופן ?

שאול:

רוף ארויס דעם גייסט פון נביא שמואל.

כישופמאכערין:

ניין—ניין! וועמען דו ווילסט, נאָר נישט
שמואלן!

שאול:

איז ער געווען דיין שונא?

כישופמאכערין:

געווען ציַיטן,
ווען איך בין אים גאָר נאָענט געשטאַנען.
נאָר שפּעטער האט ער מיך פארשטויסן.

שאול:

פרוי, דיין גורל, אויף מיינעם איז ענלעך.
נאָר הער: דו וועסט דיין צוזאָג האלטן,
אָדער דו האסט חרטה?

כישופמאכערין:

בלויז א רגע.
א רגע זיך געוואַקלט. כ'בין עס גובר.
גרייט דיך שמואלס גייסט אויפצונעמען.

(ס'ווערט טונקל. דונער און בליץ. שטורעם.
דער גייסט פון נביא שמואל באווייזט זיך.)

שמואל:

ווער רופט מיך, ווער?

שאול:

(פאלט אויפן פנים. ציטערט.)

איך, שאול!

כישופמאכערין:

(שרייט - אויף)

דו — שאול?!

שמואל:

ווייניק וואָס האָסט געשטערט מיין רו ביים לעבן,
פארגינסטו זי מיר נישט אויך אין קבר?

שאול:

מיך האט געטראָפן דיין שטרענגער צאָרן,
דו ביסט מיין שרעק, מיין אומרו געוואָרן,
נאָר מיט וועלכן איך קאָן זיך נישט שיידן.
ביסט געווען דער, וואָס האָט מיך דערנידעריקט.
אָבער דער ערשטער, וואָס האט מיך דערהויבן.
און מיט דיין טויט איז אונטערגעבראָכן
מיין לעצטער אָנשפּאַר. ווייל אויך אלס שונא
האָסטו מיר אָנזען און קראפט בעגעבן.
איצט בין איך צו דיר ווידער געקומען,
ווידער געקומען זוכן ראט און רעטונג.
ווייל איך האב געזען: ס'קען אונדז ביידע
דער טויט אפילו נישט מער צעשיידן.
איך האָב ביי דיר דעם וועג אָנגעהויבן
און ביי דיר מוז איך אים אויך שליסן.

שמואל:

און וואָס ווילסטו פון מיר זיך דערוויסן?

שאול:

מאָרגן גיי איך אין שלאכט קעגן שונא.
וויל איך וויסן ביי דיר: וועל איך זיגן,
אָדער גאָט וועט זיין פאלק איבערגעבן
דעם שונא — אויף רויב, אויף מארד און
קנעכטשאפט.

שמואל:

נישט דורך דיר וועט גאָט די פלישתים שלאָגן,
דערצו האט ער דודן אויסגעקליבן.
דו — דו וועסט מאָרגן די שלאכט פארשפּילן
און מיט דיינע זין צוזאמען — פאלן!

(שאול פאלט אָנמעכטיק אויף דער ערד. שמואלס
גייסט פארשווינדט. צו שאולן דערנענטערט זיך
די כישופמאכערין).

כישופמאכערין:

אָה, דאָס איז שאול! דערזעלבער שאול,
וואָס האָט מיין לעבן געמאכט פאר הפקר
און דורך די נעכט געטריבן דעם שלאָף מיר.
דורך אים בין איך ווי א קרעט געלעגן
פון מענטשן און פון זונשיין פארבאָרגן.
דאָס האָט ער אָנגעריצט זיינע דינער,
ווי הינט, מיינע פוסטריט נאָכצושפּירן.
ווען נישט ער, וואָס וואָלט מיר געפעלט איצט?

איך וואָלט געקליידט זיך אין זייד און פורפור,
פון גאָלד און זילבער געווען מיינע כלים.
און מיין נאָמען, נישט נאָר אין ישראל,
נאָר באַרימט, געאכט אזש ביז מצרים.
דאָס האָב איך א י ם אין מיין הארץ געטראָגן
לאַנגע יאָרן מיט האס און מיט פחד —

(צום ארויס א מעסער)

כ'האָב עס שטענדיק ביי מיר גרייט געהאלטן
אין אייגענער ברוסט אריינצושטעקן,
אויב זיינע קנעכט מיך וועלן איבערפאלן,
נאָר איצט —

(זי פארמעסט זיך אויף שאולן מיטן מעסער. א ווײלע האלט זי עס אינדערהויך. איר האנט נעמט ציטערן. זי לאזט עס אראָפּ).

וואָס ווילסטו טון? ביסט פון זינען?
קעגן וועמען האָסטו דיין האנט געהויבן?

(ווארפט אוועק דאָס מעסער. מונטערט אים)

שטיי אויף מיין האר... מיין מלך... געליבטער ...

(שאול וועקט זיך)

שאול:

איז ער נישטאָ מער? איז ער פארשוווּנדן?

כישופמאכערין:

וואָס האָט ער דיר אָנגעזאָגט?

מפּלה!
און טויט, מיר, מיט מיינע זין צוזאמען!

כישופמאכערין:

וועל איך דיך אין דער נאכט האָבן געפינען
און באלד שוין, אין דער זעלבער, פארלירן?
ניין! ניין! דו וועסט קעמפן און וועסט זיגן!
מארגן וועט א טאָג זיין א וונדער־שיינער.
איך וועל דיר און דיין חיל גיין אקעגן
און מיט מיר נאָך הונדערטער פרויען.
אויף הארפּן וועלן מיר שפילן, אויף פלייטן,
אויף צימבלען, אויף פויקן און אויף טאצן —
טענץ און געזאנג און יובל־געשרייען!

שאול:

און דאָס אלץ, וואָס געזאָגט האָט דער נביא?

כישופמאכערין:

גלייב נישט אין דעם. ס'איז שווינדל! כישוף!

שאול:

דורך כישוף האָסטו דעם נביא גערופן,
נאָר ווען דער נביא האָט זיך באוויזן.
האָסטו איבער אים די שליטה פארלוירן,
און ער איז נביא און זיינע רייד — אמת.

(ער נעמט זי אָן פאר דער האנט און פירט זי צום פענצטער).

פרוי, די לבנה, וואָס זעסט אויפן הימל,
מאָרגן וועט זי ווידער אויפן הימל שיינען,
נאָר מיין פנים וועט זיין פון איר — בלייכער.
און מיינע אויגן, וועלן זיי אויך בלייבן אָפן,
וועלן גאָרנישט זען. נאָר שטאַרע גלאָצן.
און מיין קאָפּ דורכן פיינט אָפּגעשניטן,
אויף די טויערן פון דער שטאָט וועט שטעקן —
דאָס פאָלק מיט מיין טויט אָפּצושרעקן.
א רום מיר וועט זיך קיינער נישט ווייזן,
נאָר א י ב ע ר מ י ר וועלן די קראָען פליען
און קראַקען: קרא־קרא!...

כישופמאכערין:

ניין! ניין! נישט מעגלעך!
נאָר אויב דו האַלטסט, אז זיינע רייד זיינען אמת,
אז דו וועסט מאָרגן די שלאכט פארשפּילן
און אויף דעם שלאכטפעלד דו וועסט פאלן —
נאָכוואָסזשע גיין אויף א טויט, א זיכערן?

(גייט צו אים צו נענטער. שעפּטשעט)

דו מוזט דיך איצט פון דער שלאכט אָפּזאָגן.
און אויב ס'פּאסט זיך נישט צוריקצוציען —
מאַך דיך קראַנק. זאָל די שלאכט פירן אבנר.
איך וועל פאר דיר דאָ גרייטן א געלעגער.
צוטראָגן אליין צום בעט דיר דאָס עסן.
דיך וועלן דערוואַרטן צערטלעכקייטן
אזעלכע, וואָס קיין פרוי קיין אנדערע,
איז נישט אימשטאַנד דיר ארויסצווייזן.

(זי באמערקט זיין ווידערווילן)

דו ביסט דאָך באמת קראַנק, דו פיבערסט.

שאול:

פרוי, צי מיינסטו, אז דער מלך פון ישראל
וועט פון שלאכטפעלד אוועק זיך באהאלטן
אין בעט, אונטער דער דעק, אין פרויען־אָרעמס?
איך וועל פארשפּילן? דאָס איז אויך מעגלעך.
אָבער איז א העלד דען בלויז דער זיגער?
דער עיקר איז — זיך נישט אונטערגעבן,
און ביז צום סוף א ווידערשטאַנד שטעלן.
מיין חיל ווארט אויף מיר. אומגעדולדיק
זענען די שופרות: זיי ווילן בלאָזן שטורעם,
די לבנה פארציט, די שטערן צאנקען.
פאר דיין גאסטפריינטשאפט, פרוי, כ'וויל דיר
דאַנקען.

(אָפּ).

מ. מירסקי

# די יסודות פון יידישע קולטור־צענטרען

דער אנטדעקער פון דעם היסטאָרישן אמת וועגן יידישע נאַציאָנאַלע קולטור־צענטרען איז געווען שמעון דובנאָוו ז"ל. ער האָט דערמיט א הויב געטאָן די יידישע היסטאָרישע וויסנשאַפט. ער האָט דערמיט געצייכנט די געאָגראַפישע שליאַכן פון יידישער וואנדערונג צווישן פעלקער און קאָנטינענטן.

מחמת דעם, אָבער, וואָס דובנאָוו האָט ארויסגערוקט די היפּאָטעזע, וואָס שטימט שוין נישט מיטן היסטאָרישן אמת, אז די נאַציאָנאַלע געשטאַלטיקונג פון יידישן פאָלק פלעגט פאָרקומען אין צייטן פון נאַציאָנאַלער אונטערדריקונג און אז אלגעמיינע עמאַנסיפּאַציע ־ באַוועגונגען האָבן אריינגעבראַכט צווישן יידן צעגלידערונג פון נאַציאָנאַלער אייגנאַרטיקייט — מחמת דעם האָט זיך דער יידישער היסטאָרישער געדאַנק אָפּגעשטעלט אין זיין אנטוויקלונג. דאָס פּראָבלעם פון יידישע נאַציאָנאַלע קולטור־צענטרען האָט נישט געקאָנט באַקומען די געהעריקע היסטאָרישע באַלייכטונג. דובנאָוו האָט זיי אנטדעקט, ער האָט זיי אָבער נישט דערקלערט. צוליב דעם טרעפן זיך פאַרלוירענע יידישע אינטעליגענטן, וואָס אָפּערירן מיט דעם באַגריף זייער לייכט. זיי מיינען, אז מען קאָן יידישע קולטור־צענטרען אריבערטראָגן מעכאַניש פון איין אָרט אויפן צווייטן. עס איז גענוג בלויז צו וועלן. זיי באַנעמען נישט, אז דאָס איז א פּראָצעס, וואָס איז געבונדן מיטן אלגעמיינעם גאַנג פון דער מענטשלעכער געשיכטע. ווילן מיר זיין טרייע תלמידים פון שמעון דובנאָוו, דאַרפן מיר אָפּוואַרפן דאָס פאַלשע פון זיין היפּאָטעזע און קאָנטינואירן דעם אנטדעקטן היסטאָרישן אמת. מיר מוזן קריטיש פאַרדייען זיין היסטאָרישע ירושה.

יידישע קולטור־צענטרען האָבן געהאַט זייערע היסטאָרישע געזעצמעסיקייטן. זיי זענען געווען א פונקציע פון היסטאָרישן פּראָגרעס. זיי פלעגן בליען דאָרט, ווו עס האָבן זיך געשאַפן די פּאָליטישע און עקאָנאָמישע פרייע באַדינגונגען פאַר זייער אנטוויקלונג, וווקס פון עקאָנאָמישן וווילזיין, פּאָליטישע רעכט, קולטור־אויפשטייג, אָנוווקס פון רעליגיעז־נאַציאָנאַלע עלעמענטן און ענדלעך פשוטע פיזישע פאַרמערונג. דאָס אלץ פלעגט פאָרקומען אין באַדינגונגען פון פאַרהעלטנישמעסיקער פּאָליטישער פרייהייטלעכקייט און אלגעמיינעם עקאָנאָמישן וווקס פון דעם אָדער יענעם לאַנד. פאַרקערט, נאַציאָנאַלע אונטערדריקונג, עקאָנאָמישע און פּאָליטישע עקסטערמינאַציע פלעגט פירן די יידישע באַפעלקערונג צו עקאָנאָמישער רואינירונג, פּאָליטישער רעכטלאָזיקייט, קולטור־סטאַגנאַציע און ענדלעך צו פיזישן אומקום.

מיר וועלן זיך נישט אויספירלעך אָפּשטעלן אויפן גאַנג פון דער יידישער געשיכטע, כדי צו באַשטעטיקן דעם ארויסגעזאָגטן געדאַנק. מיר וועלן בלויז אָנווייזן אויף א פּאָר עיקרדיקע מאָמענטן אין דער יידישער געשיכטע.

לאָמיר נעמען אלעקסאַנדריע, ווען עס איז פאָרגעקומען דער בלי־פּעריאָד פון דאָזיקן לאַנד (אין פערטן יאָרהונדערט פאַר דער קריסטלעכער ערא) איז אויך געווען די בלי־צייט פאַר יידן. יידן האָבן פאַרנומען וויכטיקע עקאָנאָמישע פּאָזיציעס אין לאַנד. זיי האָבן געהאַט דעם קאָנטראָל איבערן טייך, זיי פלעגן צונויפנעמען דעם שמי־ער פון טייך־האַנדל. זייער צאָל איז אויסגעוואַקסן ביז 200.000. זיי פלעגן געניסן פון די גלייכע בירגערלעכע רעכט מיט די אלעקסאַנדריער. זיי פלעגן פאַרנעמען אָנגעזעענע פּאָזיציעס אין דעם געזעלשאַפטלעכן לעבן, פּאָסטנס אין מיליטער, קומען אין באַרירונג מיט דער דאָרטיקער באַפעלקערונג. אָט דאָס זענען געווען אלגעמיינע באַדינגונגען, וואָס האָבן גורם געווען דעם אויפקום פון א נייעם יידישן קולטור־צענטער, וואָס האָט איבערגעשטיגן דעם ניוואָ פון דער מלוכה יהודה.

בבל. עס איז נאַיוו אָנצונעמען, אז בלויז די בענקעניש נאָך פּאַלעסטינע אויף די טייכן פון בבל האָט גורם געווען די אנטשטייאונג פון אזא מעכטיקער קולטור פון גלות בבל, פון אָט דעם זייער קורצן, אָבער דעצידירנדיקן פּעריאָד פון דער יידישער קולטור־געשיכטע. די יידן אין בבל האָבן נישט בלויז געניאָסן פון פּערזענלעכער פרייהייט, נאָר זיי האָבן געהאַט דאָס רעכט צו באַזיצן קנעכט פונקט ווי אלע אנדערע רייכע בירגער. זיי האָבן דאָס רעכט אויסגענוצט אויף א גרויסן פאַרנעם. קודם כל איז זיי דערלויבט געווען צו באַזיצן ערד און זי צו באַאַרבעטן. זיי האָבן געהאַט פולשטענדיקע פרייהייט פון וווין־אָרט. זיי זענען נישט געווען אָפּגעזונדערט מיט קיין געטאָ־מויערן. די באַציאונגען פון די יידן מיט דער דאָרטיקער באַפעלקערונג זענען נישט געווען קיין פיינטלעכע.

נישט אנדערש איז געווען אין אראַביע. דער אלגעמיינער אויפבלי און פּראָגרעס פון לאַנד האָט געשאַפן די באַדינגונגען פאַר א יידישן קולטור־צענטער. אין אלע דריי פּעריאָדן פון דער אראַבישער מלוכה: ביז מחמדן, בעת מחמדן, נאָך זיין טויט ביזן פאַרטרייבן די יידן פון אראַביע, האָבן די יידן נישט בלויז פאַרנומען זיך מיט באַאַרבעטן די ערד און פלאַנצן סעדער, נאָר זיי זענען אויך געווען גענייטע בעל־מלאכות און יוועלירן. וועגן די גרויסע פּאָליטישע און בירגערלעכע רעכט איז נישטאָ וואָס צו רעדן.

שפּאַניע.

„מעגלעך, אז די געשיכטע פון יידן איז אין ערגעץ נישט געווען אזוי ענג פאַרבונדן מיט דער פּאָליטישער געשיכטע פון לאַנד ווי אין שפּאַניע און אין ערגעץ האָבן זיי זיך נישט צוזאַמענגעלעבט מיט דער הערשנדיקער באַפעלקערונג און זיך נישט צוגעפּאַסט צו איר קולטור ווי אין שפּאַניע" (מ. ווישניצער).

אויפן גאַנצן שטח פוד דער געשיכטע פון יידן

סיי בעת דער אראבישער הערשאפט, סיי אין אייגנטלעכן שפאנישן פעריאָד, האבן יידן פארנומען אַן אנגעזעענע פאזיציע אין לעבן פון לאנד אין אלע הינזיכטן. דער יידישער אויפבלי איז געווען דער אויסדרוק פון אלגעמיינעם אויפבלי פון לאנד. יידן האָבן זיך מערסטנס פארנומען מיט לאנד־ווירט־שאפט, זיי האבן געפירט א גרויסן האנדל און אנט־וויקלט די אידוסטריע, באזונדערס זיך באשעפטיקט מיט דער זייד־אינדוסטריע. די אראבישע שפראך איז געוואָרן ביי זיי די שפראך פון וואָרט און שריפט. זיי האבן אויך פארנומען מלוכהשע אמטן, זיי האבן זיך געווידמעט פארשידענע צווייגן פון דער וויסנ־שאפט. האלטנדיק זיך פעסט ביי זייער רעליגיע האָבן זיי זיך שטארק דערנענטערט צו דער אראבי־שער באפעלקערונג.

נישט אנדערש איז געווען אין דער נייער און מאָדערנער געשיכטע פון אייראפע. די ענגלישע רע־וואָלוציע פון 17־טן יאָרהונדערט און די פ ּאנצויזישע רעוואָלוציעס פון 18־טן און 19־טן יארהונדערט האבן געשאפן די פאָר־הנחות פאר א שטארקער אנטוויקלונג פון יידן אויף אלע געביטן פון זייער טעטיקייט. אין פעריאד פון פראגרעסיוון קאפיטאליזם זענען די יידן אין 19־טן יארהונדערט בלויז אין דער צאָל אויסגעוואקסן 4 מאל אזוי פיל, שוין אָפגערעדט דערפון, וואָס נייע שיכטן זענען אריינגעצויגן געוואָרן אין פראצעס פון געזעלשאפט־לעכער טעטיקייט און ווירקונג. אין דער צווייטער העלפט פון 19־טן יארהונדערט אנטשטייען אין מיטל־ און מזרח־ אייראפע די מאדערנע באוועגונגען צווישן יידן.

אויב מיר זאָלן זיך אָפשטעלן בלויז אויפן יידישן ישוב אין פ ו י ל ן, איז גענוג צו דערמאָנען, אז דער אלגעמיינער עקאָנאָמישער און קולטורעלער וווקס פון פוילן אין 16־טן יאָרהונדערט, דער אזוי גערופע־נער גאָלדענער יאָרהונדערט, איז גלייכצייטיק געווען אויך א בלי־תקופה אין דער געשיכטע פון יידן אין פוילן. מיר האָבן דאן געהאט א בלי־פעריאָד פון יידישן האנדל און מלאכה, א וווקס פון פעאָדאל־נאציאָנאלע עלעמענטן אין דער געשטאלט פון ועד ארבע ארצות, א וווקס פון דער רבנישער ליטעראטור. נאָך א שטארקן שפרונג זעען מיר אין פוילן אין 19־טן יאָרהונדערט.

און מיט וועלכע סיבות קאָן דערקלערט ווערן, וואָס אין משך פון 70—80 יאָר איז אויפן אמערי־קאנער קאָנטינענט אנטשטאנען דער גרעסטער יידי־שער ישוב פון יידישן פאָלק פון העכער 5 מיליאָן, אויב נישט מיט די פאָליטישע און עקאָנאָמישע באַ־דינגונגען פון אמעריקע? גענוג ביישפילן.

בלויז אָט דער אויבנאויפיקער איבערבליק איבער די שליאכן פון יידישע ישובים באשטע־טיקט, אז די אנטוויקלונג פון יידישן פאָלק איז געווען אָרגאניש פארבונדן מיט דעם גאנג פון מענטשלעכן פראָגרעס.

אלע רעאקציאָנערע באוועגונגען אין דער מענטש־לעכער געשיכטע פלעגן צעשטערן די דערגרייכונגען פון מענטשלעכן געדאנק, קונסט און קולטור בכלל. אויף יידן פלעגן זיי ברענגען גזרות, פאָגראָמען גירושים און אונטערגאנג. אָנוווקס פון פראָגרעסיווע סאָציאלע און נאציאנאלע מאָמענטן, וואָס געשטאל־טיקן דעם מאָדערנעם ייד, איז א פונקציע פון מענטשלעכן פאָרשריט, רעאקציע ביי אנדערע פעל־קער האט נישט געקאָנט סטימולירן צו נאציאנאלער און קולטורעלער שעפערישקייט.

נישט אנדערש איז אויך היינט. היטלער, פאשיזם, רעאקציע האָבן געבראכט אומקום פארן יידישן פאָלק. מיט כלומרשטע „אייגענע" סטעזשקעס אויף צו ראַ־טעווען נישט בלויז יידישע קולטור, יידישע אייגנ־ארט, נאָר דעם קיום גופא, וועלן מ י ר ק יי נ מ אָ ל נישט געפינען דעם אמתן וועג פון נאציאָנאלער באַ־פרייונג. דאס זענען דערשיינונגען דעטערמינירטע, זיי פרעגן ביי אונז נישט און ווארטן נישט אויף אונזער ענטפער. ווער עס ווינטשט גויים דעמאָקראטן גויים רעאקציאָנערן זיך טאָטאל קעגנזייטיק אויס־שעכטן, איז א שונא פון יידישן פאָלק. דער חורבן פון דייטשן היטלעריזם איז נישט בלויז באפריי־אונג פון פאשיסטישער הערשאפטס־פאָרם, נאָר אויך סאָציאלע און נאציאָנאלע אויפריכטונג פון פעלקער. דאָס איז דער אומפארמיידלעכער רעזולטאט פון דער צווייטער וועלט־מלחמה. דער גורל פון יידישן פאָלק איז אָרגאניש פארבונדן מיטן דאָזיקן רעזולטאט. די נייע אנטשטאנענע פאָלקס־דעמאָקראטיעס אין איי־ראָפּע שאפן אלע פאָר־הנחות פאר א מאָדערנער גע־שטאלטיקונג פון יידישן פאָלק. דער אנטיסעמיטיזם איז די בלוטיקע קאָנוולסיע פון אונטערגייענדיקע כוחות. יידישע קולטור קאָן ציען איר יניקה, קאָן זיך געשטאלטיקן, קאָן זיך אנטוויקלען אין אינקובאטאָר פון מענטשלעכן פראָגרעס. די נייע פאָלקס־דעמאָ־קראטיעס זענען די פאָרמען און דער אינהאלט פון די נייע שטופן פון מענטשלעכן פראָגרעס, מענטש־לעכקייט, הומאניזם. ליבעראל קאפיטאליסטישע דע־מאָקראטיעס וואָס דערלויבן אויף פאשיסטישע נעסטן אין זייער אינגעווייד, גראָבן א קבר פאר זיך גופא און פארן יידישן פאָלק בפרט.

יידישער קולטור־צענטער קאָן אנטשטיין, ווו ס'וועט אנטשטיין קולטור בכלל.

פאשיזם שליסט אוים קולטור, שליסט אויס יידי־שע קולטור, שליסט אוים יידן בכלל.

פאלעסטינע. אוודאי קאָן פאלעסטינע ווערן א יידישער ישוב, א יידישער קולטור־צענטער, אָפּהענ־גיק דערפון וואָס פאר א כוחות עס וועלן געשטאל־טיקן אירע פערספעקטיוון. די לעצטע געשעענישן באשטעטיקן דאָס. דאָס וואָס יידן ווילן איז נאָך ווייניק. ס'איז נייטיק, אז דאָס וואָס יידן ווילן זאָל זיך צוזאמענפאלן מיט די אינטערעסן פון די פראָ־גרעסיווע כוחות. א צוזאמענשלוס פון די יידישע און אראבישע כוחות קאָן שאפן די באדינגונגען פאר דער פארפעסטיקונג פון יידישן ישוב און פאר זיין אנטוויקלונג. אלע אנדערע קאָמבינאציעס באדייטן אוועקצולייגן זיך צווישן האמער און קאָוואדלע, צווישן צוויי מילשטיינער.

יידישע קולטור־צענטרען שאפן זיך נישט מעכאַ־ניש. זיי שאפן זיך אין שוים פון אלגעמיינע פראָגרע־סיווע אידעען. אטמאָספער פון ראסן־האס, פון פעל־קער־קאָנפליקטן קאָנען נישט בלויז נישט שאפן, נאָר פארניכטן דאָס געשאפענע.

חיים לייב פוקס

# מײַן קינד

## א

ווי ווילדע וועלף עס רײַסן זיך פֿרימאָרגנדיקע ווינטן
פֿון די בערג אַראָפּ און שרײַען.
מײַן פֿרוי אין לעצטער שעה, מיט קינד אין מוטער־לײַב,
אין חבלי־לידה־ווייען.
מיט שטילן ציטער, ווי צו דער עקידה,
אין שפּיטאָל אַרײַן מיר גייען.

עס שלאָפֿן נאָך און חלומען די הײַזלעך פֿון קאַ׳אַבסטאַנער דאָרף
אַ זומערדיקן שלאָף אַ הייסן, מידן.
די כוואַליעס פֿונם טײַך אילי, זיי שפּרינגען אין דער הויך
צעגליטע, צישן, רוישן, זידן.
מיט לעצטע טריט פֿון נאַכט, מיר שפּאַנען שטיל אַליין,
צוויי פֿאַרטריבענע, צוויי פֿרעמדע ייִדן.

עס וויקלען זיך די וואָלקנס פֿון די בערג אַרויס
ווי טרויעריקע, ווי גרויע פֿאָנען.
ווי פּנימער, וואָס קומען פֿון מײַן ווײַטער היים
און פֿאָדערן, מאָנען:
ברענג אונדז אויף, באַשאַף, גיב לעבן אונדז אויפֿסנײַ
— אַ נײַער ייִד פֿאַר זעקס מיליאָנען.

די נאַכט גייט אויס, עס צינדן זיך די ברעגן פֿונם טײַך
און ס׳ברענט דער האָריזאָנט.
עס שרײַען ווינטן, ווי ווילדע, בייזע וועלף —
איך האָב אין זיי דערקענט
דאָס קול פֿון מײַנע ברידער, דורך פֿײַער און דורך אַש
וואָס גייט צו מיר, ווערט נענטער, נאָענט.

וואָס גייט צו מיר מיט מײַלן־טריט און איז שוין דאָ
אין רויש פֿון טײַך, פֿון ווינט,
אין יעדן טראָפּן טאָג, אין יעדן זונען־שטראַל
וואָס פֿון די הימלען רינט — — —
...מיט נײַעם טאָג, פֿאַר אונדזער אָרעם פֿאָלק
קומסטו אויף דער וועלט, מײַן קינד!

## ב

כ׳האָב נישט געפֿרעגט בײַ דיר, צי ווילסט?
נאָר כ׳האָב אַליין דיך אײַנגעשפּאַנט;
אַז טראָגן זאָלסט מיט אַל, פֿון אונדזער פֿאָלק,
די לאַסט פֿון זײַן אַ ייִד,
אַ נע־ונד־נער שלעפּער, אָן אַ לאַנד.

דו שלאָפֿסט און הערסט נישט ווי עס רוישט
אין דײַן טאַטן ס׳בלוט, ווי ס׳וואָלט אַ ווינט
אַרומגעגאַנגען אין זײַן אינגעווייד און ס׳וויינט
אין אים, ווי אין אַ רעגן־טאָג עס וויינט די וועלט
אויף דיר, מײַן קינד.

דו שלאָפֿסט דעם שלאָף פֿון ערשטע רגעס־רו
אויף דײַן פּנימל אַ בלאַסער שמייכל רוט.
און ווייסט נישט, אַז בעסער איז פֿאַר דיר דעם הונט
דעם עלנטסטן, וואָס לויפֿט אַרום אין גאַס —
אַז עלנטער איז פֿאַר אים — אַ ייִד.

דו שלאָפסט. איך וויג דיין וויגעלע, ווי כ'וואָלט
געוויויגט דיך אין אַ גאָלדענער וויג.
און ווייסט נישט, אַז אַ טויטע איז די גאָלדענע ציג,
אַז אין פייער איז פאַרברענט דיין באָבע און איר ליד,
און כ'האָב קיין וואָרט פאַר אונזער גרויסער קלאָג.

דו שלאָפסט דעם שלאָף, וואָס ברענגט דאָס לעבן דיר אויף יאָר
און איך בין וואַך און זע אין לעבן מיינעם איצט דעם טויט,
וואָס גייט צו מיר, פון אונזער היים אין ווינט,
וואָס הייבט זיך פון די בערג און קומט צו מיר
און ליינט אין אויס בייב ייגל דיינס, מיין קינד.

איז אפשר בעסער גאָר, וואָס דו שלאָפסט מיין קינד?
וואָלט אפשר בעסער זיין, ווען דו וואָלסט דמיון זיין, סוד,
נאָר ס'רוישט דער ווינט און כ'הער מיין מאַמעס לעצטן שריי
מיין מאַמעס לעצטן גאַנג, איר לעצטן אויגן-בליץ
געווענדט צו גאָט.

עס רוישט דער ווינט און כ'הער אין יעדן שאָרך
די טריט, וואָס קומען אָן — משיח'ס ערשטע טריט —
און כ'וויג דיך אין זיין שאָטן איין — אַ גרויסער שטאָרך.
זיי שטיל מיין קינד, נישט וויין, מיין קליינער-גרויסער ייד —
מיין לעבעדיק ליד!

אילי, יוני 1945



## מ. א. קנאַפּהייס

# יידן

און וויפל איך זאָל נישט פאַרשטעלן פון זיך
די הילפלאָזע עדה — געזיכט נאָך געזיכט —
שווימט אויף אין מיין חלום און טרעט מיך נישט אָפּ,
אָט טוט א פאַרהייב זיך צעשראָקן אַ קאָפּ
און זעצט זיך אַזוי ווי פאַרזונקען אַראָפּ,
געשטרויכלט אין וואַנזינעם גאַנג צום אָקאָפּ.
אַן עדה, אַ גרויליק-פאַרדרעגטע, יאָס יערט
אין קלעם פון באַנעטן און הייסן געוועטער
געפירט צו די גריבער, אַהינצו צום וואַלד,
וווּ ס'צאַפּלט אַ לעצטער פאַרבלאָנדזשעטער שטראַל.
אַ האַנט אַ געביילטע פאַרהייבט זיך און פאַלט...
פאַרצווייפלונג — געשרייען פון יונג און פון אַלט,
געמישט מיט געוויינען, פאַרמשפּט געזאַנג
באַגלייטן דעם אונטערגעשניטענעם גאַנג.
צעריסענע קליידער, צעפּלאָשעטע בערד
און גופים פאַרקוויטשטע — שוואַרץ ווי די ערד.
די יידן פון נאַלעווקעס — אַטלעס און זייד
מיט יידן פון סמאָטשע, קראָכמאַלנע — ביי זייט.
ס'גייט גזשיבאָוו געאָרעמט מיט מוראַנאָוו-פּלאַץ —
איין גוף איצט — פאַרפייניקט, צעשיילט און צעקראַצט,
געשטופּט און געשטויסן, געשלאָגן, געהאַקט, —
וואָס צייכנט מיט בלוט לעצטן גאַנג אויפן טראַקט
צום טויטונגס-אָרט הינטער דער חרובער מיל.
אָט זע איך ניין יאַנקלען. ס'גייט פייוול, ראַכמיל
און מישקע — ווי שטעכיק אַ רויקע — האַלט
קוים אונטער אַ בלייכע די מאַמע יאָס פאַלט...
די מומע נחמה גייט נאָך נאָכן מאַן,
צוויי קינדער ביים זייט און איין קינד אויף דער האַנט.
דער שמש רב אהרון אָן היטל; ווי דול,
פאַרקראַמפּט אין דער האַנט ר'האַלט די שליסלען פון שול.

דער פאָלקס־ריכטער הערשעלע איז אויך דאָ פאַרמישט,
פאַרפּלאָנטערט אין עולם... ער בלעטערט און מישט
זײַן ביכעלע לידער — ער גייט און ער שרייבט
אַרײַן איצט דאָס טויזנט־און איינע ליד... ס׳בלייבט,
די שוויגער. די קינדער פאַרראַלט ס׳געוויין,
פאַרהאַלטן ס׳געקרעכץ פון געשוואָלענעם גיין.
מע זאָגט זיך דעם „שטילער זײַט!“ פּונקט ווי אין שטיב
מ׳פאַרגעסט אויף אַ ווייל, אַז דאָס גייט מען צום גרוב.
— פאַר ייִעמען? פאַר ייִעמען? געפינען אַ צײַט!..
נאָר הערשעלע הערט נישט. ער שרייבט און ער גייט.
און חסידים אין טלית־און תפילין געהילט
פאַרשר עי ס׳געשריי מיט: — שטיל זאָל זײַן, שטיל!...
און ייִדן נישט אייס מער קיין יואָביקע רייד,
פאַרטויז אין יום־כּפורדיק דאַווענען. ס׳גייט
דער אַלטיטשקער גרייז — דאָקטאָר שפּאַק מיטן ווײַב
וואָס נעמט נישט די ברילן אַראָפּ. ס׳איז פאַרגלייבט
אַז סוף־כּל־סוף וועט מען זיי לאָזן אַהיים...
ס׳הייסט, ס׳קען דאָך נישט מעגלעך זײַן... ס׳קען דאָך נישט זײַן...
אַזייפיל שײַן דורכגעמאַכט צרות מיט שלעק
וועט אויך צו דעם שלעפּן זיך נעמען אַן עק.
מען קען דאָך נישט אויסהרגענען אַלעמען, ניין!
דאָס קען נישט געמאַלט זײַן... בלויז טויט־שרעק, נישט מיין...
דאָס ווײַב טראָגט דאָס זילבער־געשיר אין אַ ציך
און ער טראָגט דאָס דאָקטערשע רענצל מיט זיך,
רפואות אַ צענדליק, אַ שפּריצער צום האַלדז...
קוים פאַלט וועך חלשות, ווי ס׳מאַכט זיך אַ פאַל...
קיין עין־הרע אַ עולם אַזאַ — אַ געוואַלט!
ער זעט נישט צומאָל ווי מע גייט און מע פאַלט
דאָ אונטער זײַן נאָז... איבער גיפּים מע טרעט,
מע טרעט אויף געפאַלענע, שטום, אַ אַ קרעכץ,
אויף אייגענע, נאָנטע, אויף טײַערס און ליבס...
— דערבאַרעמדיק־האַרציקער פאָטער, פאַרגיב!
זיי מוחל די ייִדן, זיי טאָרן דאָך איצט
נישט אָפּשטעלן זיך אויף אַ ווײַל, ווײַל אַז נישט —
אין אומקום, איז טויט און נישט סתּם אַזוי טויט,
סתּם טויט איז קיין טויט נישט, סתּם טויט איז — אַ לויב
צום הימל דערפאַר:.. ס׳איז אַ טויט דורך דער שפּיי,
דורך דער דײַטשישער שפּיז און דורך הונדערטער פּיס,
וואָס טרעטן, צעטרעטן אין פּילי דערבײַ
יסוריב אין בלינדן געצווינגענעם גיין.
— יואָס האָבן אַזוינס מיר געטון אומגערעכטס?
וווּ זוכט מען דעם שורש פון אַלעם דעם שלעכטס?
איצט הערט שוין נישט קיינער — געוויין און געשריי
בינדט פעסט איצט דעם טויטן־ציג, בינדט ריי נאָך ריי... — — — — — —
— — — — — — — — — — — — — — — — — —

עס לאָזט זיך דער פּויר־אַנג אַרונטער — די נאַכט.
— ווּ זײַנען די ייִדן?!... איך איינער בין וואַך,
בײַ וויײט און בין איבערגעבליבן — דאָס קול,
דאָס מאָנענדיק קול פון פאַרפּייניקטן פאָלק,
כ׳בין פלייש פון דעם פלייש און בלוט פון דעם בלוט
אויף מאָנען דעם חוב פאַר דעם בלוטיקן שניט.

1946.

# באַלאַדע פון פאַרבלוטיקטן היטל

דאָס היטל, וואָס כ׳טראָג אויף מיין קאָפּ,
איז אַ פרעמדן מענטשס; ס׳איז נישט מיין.
ס׳פאַלט איבער די אויגן אַראָפּ
און פאַרשטעלט מיר די ליבטיקע שיין.

איך ווייס נישט, צי יענער נאָך לעבט,
דער באַלעבאָס פונם הוט.
ביים ווענ ס׳איז געלעגן פאַרפלעקט
מיט פרישע שפּורן פון בלוט.

מיין היטל פאַרלוירן איך האָב,
ווען ס׳האָט אונז געטריבן די שרעק.
מ׳האָט געקענט דאַן אפילו יעם קאָפּ,
דעם קאָפּ איבערלאָזן אין וועג.

און אַט — כ׳האָב געפינען אַ צווייטס,
כאָטש ס׳איז נישט גענוי אויף מיין מאָס.
עס דאַכט זיך מיר, עמעצער שרייט
און שעלט מיך אָן אַ פאַרוואָס.

עפּעס פלאָנטערן זיך מיינע פיס,
מיר דאַכט זיך כ׳האָב יענעם געקענט...
אָט לויפט מען שוין ווידער, מע שיסט,
איך פיל נישט קיין קראַפט אין די הענט.

איך באַהאַלט זיך... מסתּם אַזוי האָט
אויך זיך באַהאַלט מיין העלד.
נאָר ס׳איז אים געווען אַ שאָד
זיין פאַרלוירן היטל אין פעלד,

און אַרויסגעשאַרט זיך געשווינד
נאָכן היטל... אוי, ס׳אַרא נאַר! —.
ער באַדויערט עס זיכער אַצינד —
ר׳האָט באַצאָלט מיט׳ן לעבן דערפאַר.

ס׳איז שטיל. כ׳קריך אַרויס פונם גרוב
באַנאָסן מיט אַנגסט, מיט שווייס.
— איך לעב! איך בין גאַנץ!.. נאָר באַטריבט:
כ׳האָב פאַרגעסן, כ׳געדענק נישט ווי כ׳הייס.

עס ווייזט זיך מיר אויס, כ׳בין נישט איך,
כ׳ביז יענער, וואָס לעבט שוין נישט מער.
איך טראָג אויך צעריסענע שיך
און האָב מורא פאַרן טויט — איך בין ער.

איך וועל קומען צו יענעם אין שטוב,
ווען דער שטורם וועט איבערגיין.
נישט אויסזאָגן דעם סוד, אַז אין גרוב
געלעגן איז שוין מיין געביין.

דאָס ווייב וועט טאַנצן פאַר פרייד...
איך וועל אויסטון דאָס היטל און דאַן
וועט בלייבן איר בליק ווי פאַרשטיינט:
— אַ טעות! דאָס איז נישט מיין מאַן!..

זי וועט דריקן דאָס היטל צו זיך
און קושן די פלעקן, דאָס בלוט...
פאַר דער רגע פרייד וועט זי מיך
גלייך הייסן פאַרלאָזן איר שטוב... — — — —

— — — — — — — — — — — — —

מרדכי אַלטי

# שעפּטשענדיקע בלעטער אויף ביימער

שעפּטשענדיקע בלעטער אויף ביימער
ווער קען זיי פאַרשטיין?
דער בוים איז אַ זינגער, דער בוים איז אַ טרוימער
דאָס פעלד איז זיין היים.

דו זע אים באַגינען, דו זע אים פאַרנאַכטן
אין דער העלער מיטאָג־שעה,
ווי וווּנדערלעך זיין מורמל, ווי וווּנדערלעך זיין דאַכטן
ווי דאָ און העכער פון דאָ.

שעפּטשענדיקע בלעטער אויף ביימער
ווי אָפּ זייער לעבן, ווי קלאָר
און איך הער זייער פליסטער: ברודער, פאַרשטיי מיך,
מיט סוד איז פיל די וואָר.

# תּ ה ל י ם

כ׳קום פון בית־דוד, דעם קעניגס אַ קנעכט
נאָך דאַן, ווען ער איז געלאָפן פאַר שאולן,
כ׳האָב געטראָגן זיין שווערד, איר שווערן געוויכט
אויף בערגער, און וועלדלעך, און טאָלן,

און היילן, אין מדבּרס, אין באַפעסטיקטע שטעט —
דער פויגל אַ שווערער איז לאַנגער,
און אָפּטמאָל פּלשתּימשע ערד ער באַטרעט,
אַנטרינען צו ווערן פון פאַנגער.

איך טראָג די שווערד, ער — די האַרף
און טיילמאָל אין וואָגל און באַגינען,
די פינגער אויף איר ציטעריק פאַרוואָרפט,
און צווישן די פינגער גיסן זיך קלאַנגען.

דאָ - פרייד און אַנטציקונג, דאָ – קלאַנג און באַנער
און ווערטער, אָ, הימלישע פליסן,
עס פאַלט מיר די שווערד אַראָפּ אויף דער ערד,
און איך פאַל דעם קעניג צופיסן.

כ׳געדענק נאָך ביז איצט די געטרעבע שעה,
ווי שווער איז געווען זי שיידן,
ווען פלוצלינג דערהערן זיך אייזלשע טלאָ,
צעקלינגענע שווערדן און שיידן.

כ׳קום פון בית־דוד, דעם קעניגס אַ קנעכט
נאָך דאַן, ווען ער איז געלאָפן פאַר שאולן,
כ׳האָב געטראָגן זיין שווערד, פון שווערן געוויכט
אויף בערגער, אין וועלדלעך, אין טאָלן.

רחל אויערבאַך

# אַזוי זענען אומגעקומען די מאָלערס...

## פראַגמענט פון בוך „גירוש וואַרשע"

.1

יידן זענען נאָך אלץ געווען צופיל.

די פערטע אָדער פינפטע וואָך פון דער גירוש־אקציע האָט זיך אָנגעהויבן און קיין סוף האָט מען נישט געזען. עס האָט זיך געדאַכט, אז ער וועט שוין קיינמאָל נישט קומען. דערפאַר איז אָבער געוואָרן קלאָר פאַר יעדן איינעם, אז עס איז געקומען א סוף צו אַלע אילוזיעס און איינרעדענישן. קודם האָט מען געהאַט געשמועסט, אז מען וועט אַרויספירן פון וואַרשע פופציק טויזנט יידן, דערנאָך האָט מען גערעדט וועגן זיבעציק, דערנאָך וועגן הונדערט פופציק טויזנט. דערווייל האָט מען שוין לויט פאַרשידענערליי אויסרעכענישן [illegible] העכער צוויי מאָל הונדערט טויזנט מענטשן און קיין זאַך האָט נישט אָנגעוויזן דערויף, די אקציע זאָל זיך בקרוב אָפּשטעלן.

דער דייטש האָט געלויגן.

עס האָט זיך שוין לאַנג געהאַט געענדיקט די צייט פון די גרינגע לעגיטימאַציעס פון „זשאָס"1) אין א ריזיקער צאָל — נאָכן באַרביגן איך־אַנבליק פון סכנה איערע פּאָרמאַליסטיק—מיט א ברייטער האַנט געוואָרפענע. אויף דער שטאָט. און עס האָט זיך שוין געענדיקט די צייט פון די ווינציקער צאָלרייכע, פון קראָקע צוגעשיקטע, מיט א פויגל און האַקנקרייץ פאַרפּוצטע גראָע לעגיטימאַציעס פון י. ה. ק.2) וואָס האָבן, אויסער די שווערער צוגענגלעכע, מיט גרעסערע באַציונגען און פּראָטעקציעס פאַרבונדענע לעגיטימאַציעס פון יודענראַט געדינט אין דער ערשטער תקופה פון גירוש אלס די צוויי קאַטעגאָריעס שוצבריוו פאַר דער באַרופס־אינטעליגענץ, פאַר די פּאָליטישע און געזעלשאַפטלעכע טוער, ווי אויך פאַר די יידישע ליטעראַטן און קינסטלער3).

מיטן פלוצימדיקן דערשיסן די דירעקטאָרן האָט זיך געענדיקט די קורצע תקופה פון רעספּעקטירן די אויסווייזן פון דער פירמע קאָן און העלער4) וואָס האָט באַשיצט אונטער איר חתימה דער עיקר חסידים און רבנים. יידן אין קאַפּאָטעס און מיצעלעך, מיט בערד און בערדעלעך, די וואָס האָבן מיט זייער הולך און שטייגער לעבן אָנגעגעבן דער יידישער גאַס אין פּוילן איר אָריגינעלסטן טאָן און קאָלאָריט — האָט מען שוין איינגאַנצן נישט געזען. אויף וויפל — א קליינער טייל פון זיי — האָט זיך נישט פאַרשטעקט אין די באַהעלטענישן, נישט אַריינגעקראָכן אין די מיינקלעכער, איז שוין די מערהייט פון זיי, אין א גרעסערן פּראָצענט ווי די אַנדערע מיני יידן, אָפּגעשווומען מיטן שטראָם פון דער מהומה.

ווער עס האָט געהאַט גענוג ענערגיע און געלט אָדער פּראָטעקציע האָט זיך שוין געהאַט פון די וועלבסטהילף־אינסטיטוציעס אַריבערגעפּעקלט אין די שאָפּן און א טייל זענען שוין אַזוי געווען אוואַנסירט, אז אויך די שאָפּן האָבן זיך זיי שוין געהאַט געענדיקט און זיי זענען שוין, צוזאַמען מיטן רעשט אַרבעטער פון די דאָזיקע „סאָלידע" צי „אומסאָלידע" שאָפּן, אָפּגעשוואומען אויפן אַדרעס פון אַלע וואַרשעווער יידן — קיין טרעבלינקע.

דער דייטש האָט „געקעמט". אַזוי האָט דאָס געהייסן אין זיין אייגענער טערמינאָלאָגיע.

קודם גענומען נאָר יידן אינגאַנצן אָן לעגיטימאַציעס. שנאָרערס, פּליטים פון די פּונקטן, גאַסנהענדלער, קינדער פון יתומים־הייזער, קראַנקע פון שפּיטעלער, האָנאָרירט אלע מיני אויסווייזן פון אַרבעטנדיקע און פון מכלומרשט אַרבעטנדיקע. אויך פון זייערע משפחות.

דערנאָך זענען משפחה־אויסווייזן געוואָרן בלאָטע. דערנאָך זענען געוואָרן בלאָטע די אויסווייזן פון דעם רוב יידישע אינסטיטוציעס. דערנאָך האָט מען אָנגעהויבן מאַכן א חילוק צווישן פירמע און פירמע, געלאָזט בלויז די אַממייננסטן יוסטע, די מיט גרויסע ווערמאַכט־באַשטעלונגען, מיט וויכטיקע „פּלייצעס", און ווען יידן איז נאָך אלץ געווען צופיל, האָט מען גענומען קלויבן אין די פירמעס גופא. מאַכן סעלעקציעס. אין אַלע פאַזן האָט מען אויף די אויסווייזן איינגעפירט וואָס א טאָג אלץ נייע און נייע שטעמפּלען — פון אַרבעטס־אַמט, פון ס. ד., פון ס. ס. — פון כלערליי טייוולאָנים, פון כלערליי סאָרן. און ווען איינעם האָט זיך שוין נאָך אָן א שיעור לויפענישן און איינשטעלענישן איינגעגעבן דורכצוברעכן אַלע שוועריקייטן, אַרויסבאַקומען אַלע פּאַפּירן און פּאַפּירלעך, אַלע זיגלען און זיגעלעך, פלעגט אַרויסגעלאָזט ווערן א נייע פאַראָרדענונג און אַלע ביז איצטיקע זענען בטל געוואָרן. דאָס נעיעג נאָך דעם טייוולס קאָפּ האָט זיך אָנגעהויבן אויפסניי.

יידישע מענער, פאַרהאַרטעוועטע אין דעם לעבנס־קאַמף, פאַמיליענפאָטערס, וואָס האָבן זיך אייביק מיט אלץ אָן עצה געגעבן, האָבן געביילט די פויסטן, געקריצט מיט די ציין:

— דאָס בלוט ווערט איבערגעקאָכט — האָבן זיי

---

1) Żydowska Opieka Społeczna.

2) יידישער הילפס־קאָמיטעט.

3) א געוויסער אָנהאַלט פאַרן אַקטיוו פון דער באַרופס־אינטעליגענץ און געזעלשאַפטלעכע טוער, א צוגענגלעכער אָן געלט, איז אין דער צייט א דאַנק א ספּעציעלער [illegible] געווען און געבליבן ביז צום סוף דער בערנשטײַן־שאָפּ אויף [illegible]ערסקע־גאַס, וואָס האָט געשפּילט א גרויסע ראָל ביים צוגרייטן דעם אויפשטאַנד.

4) צוויי לאָדזשער סוחרים, וואָס האָבן געפירט מסחרים מיט „בלאַנע" דייטשן, אוודאי אויך געהאַט באַציונגען מיט [illegible] אין געמאַכט א ריזיק פאַרמעגן פון קאָנטראַבאַנדע (א פּאָ[illegible], א האַנדל האַלע), פּראָטעקציע ביי דער דייטשער מאַכט און איבערפירן יידן פון לאָדזשער געטא קיין וואַרשע. זיי פלעגן דורך זייערע דייטשן זיין אינפאָרמירט וועגן אַקציעס אויף יידן און פלעגן וואָרענען די טויער (18 אַפּריל און 22 יולי 1942). א ספּעציעלן סענטימענט האָבן זיי אַרויסגעוויזן פאַר פרומע יידן.

שווער געקרעכצט אין נשמה־פּיין; און ווייטער זיך געיאָגט נאָך די פּאַפּירענע מיראַזשן. און ווייטער געלאָפן געהעצטע דורכן טייוול.

אין אַלע פאַזן פון דעם גירוש האָט דער דייטש פאַרשטאַנען אָפּצולענקען די אַקטיווסטע יידישע ענערגיעס אין דער ריכטונג וואָס אים האָט געטויגט. סיי־ווי־סיי האָט די פאַרניכטונג געקאָנט דורכגעפירט ווערן נאָר בהדרגה. די טראַנספּאָרט־מיטל און די מאָרד־פאַבריקן האָבן זיך געהאַט זייער מאַקסימאַלע אויפנאַם־פעיקייט. סיי־ווי־סיי האָט מען מער ווי מאַקסימום צען טויזנט מענטשן א טאָג פון וואַרשע נישט געקאָנט „פאַרטיק" מאַכן. האָט מען געכאַפּט — גוטע בעלי־בתים און אָרגאַניזאַטאָרן וואָס מען איז געווען — אפשר צען פליגן מיטאַמאָל.

איינגעשפּאַנט די אַקטיווסטע און ענערגישסטע יידן, די קאַמפּס־פעיקסטע — מסוגלדיקע צו פאַרשאַפן דעם דייטש נישט איין שוועריקייט — אַז זיי זאָלן האָבן מיט זיך צו טון, נאָכלויפן דעם אייגענעם עק. יעדן איינעם פון זיי זאָל זיך דאַכטן, אַז נישט אים מיינט מען. אַז ער קאָן בלייבן, דאַרף נאָר זען צו דעראָבערן די סאַמע ריכטיקע פּאַפּירן פון סאַמע ריכטיקן קאָליר און מיטן סאַמע ריכטיקן שטעמפּעלע אף און פיף. פּרימאַ.

אויף דעם אופן האָט מען זיי אומשעדלעך געמאַכט, אָפּגעטיילט פון דעם רעשט יידן. די אַקטיווסטע און ענערגישסטע. צעשטויבט, אַטאָמיזירט די יידישע מאַסע און גלייכצייטיק פרייוויליק אַרויסבאַקומען פון די אַמבעסטן סיטואירטע זייער געלט און צירונג; פון די געזונטסטע זייער קראַפט, זייער פאַכמענישע לייסטונג. אַרויסגעפּרעסט פון זיי פאַרן טויט אַלץ, וואָס זיי האָבן, געהעצטע פון שרעק, געקאָנט אַרויסברענגען אין מאַקסימאַלסטן מאַסשטאַב פון זייער לייב און נשמה, כדי דערנאָך, נאָכן טויט, צו פאַרווערטיקן קאָמערציעל אפילו די באַשטאַנדטיילן פון זייער גוף.

.2

א חוץ דעם גרויסן נוצן, וואָס פון דעם יידן־מאָרד האָט געצויגן דאָס דייטשע פאָלק אַלס גאַנצקייט, דער „נאַציאָנאַל - סאָציאַליסטישער שטאַט" איז דער מאַסן־מאָרד געווען אויך א גלענצנדיקע געלעגנהייט פאַר דייטשע באַמבן־געשעפטן פון א מער פּריוואַטן כאַראַקטער.

נישט יעדע פירמע און נישט יעדער אונטערנעמער האָט, וואָס אַן אמת, געהאַט די זעלביקע זכיה צו באַקומען א פעטע פּאָרציע פון דעם גרויסן געבראָטנס, וואָס האָט זיך געבראָטןביים פייער פון יידישן אומקום. דער רויב איז אבער, באמת געווען א גאַר רייכער און ער האָט געקלעקט פאַר וועמען מער, פאַר וועמען ווייניקער — פאַר אַלע בעלנים.

די גרעסערע רויב־חיות האָבן אַרויסגעשטויסן די קלענערע. פּונקט ווי צווישן די יידן איז אָנגעגאַנגען א געיעג וועגן א פּלאַץ צום זיין, וועגן א „לעבנס־נומער". אַזוי האָבן זיי, די רויב־פייגל, זיך געשלאָגן צווישן זיך וועגן חלק רויב. אויפן פּלאַץ זענען פאַרבליבן נאָר די שטאַרקסטע, די מיט די ברייטסטע „פּלייצעס", ווי א שטייגער טעבענס, שולץ, ברייער, האַלמאַן, שילינג און נאָך א פּאָר. וועגן איינעם פון זיי האָט מען דערציילט, אַז ער איז א קוזין פון הימלערן, וועגן א צווייטן האָט מען געזאָגט, אַז ער איז א שוואָגער פון גערינגן. עס האָט ביידע געקאָנט זיין אמת אָדער ביידע ליגן. פון יידיש אומגליק, פון יידישע אַרבעטס־מכשירים, פון יידישער אומזיסטער אַרבעט האָבן זיי אַלנפאַלס געמאַכט שווערע מיליאָנען.

דאָס זעלבע איז אויך געווען אין אַנדערע שטעט.

די קלענערע פישלעך האָבן זיך געמוזט באַפרידיקן מיט א קלענער חלק. אַריינגעכאַפּט דאָ אַביסל מאַשינען, דאָרט אַביסל צירונג און מלבושים פון צוגענומענע שאָפּ־יידן, א ביסל מתנות פון די יידישע מעקלערס פאַר מאָנטירן פירמעס, שאַפן אַרבעטס־שטעלן. און דערנאָך — ליידער גאָטעס — וואָס קאָן מען מאַכן? ווים מאַיאָר. די העכערע מאַכט מישט זיך אַריין אין עסק. פּלוצים ווערט די פירמע „ליקווידירט" (אָפטמאָל האָט זי גאָר קיינמאָל נישט אָנגעהויבן צו עקזיסטירן, געווען א הונדערט־פּראָצענטיקע פיקציע, א „ליפּע"). „נישטאָ קיין באַשטעלונגען"... פאַר די יידן פון דער דאָזיקער „פירמע" קיין טרעבלינקע און דער „סאָלידער אונטערנעמער" טראָגט זיך אָפּ. פאָרט אַריבער אין אַן אַנדערן פּונקט פון יידישן אומקום — א ניי יאַגד־געביט. אויך דאָרט גייען אָן אונטערקויפונגען, פּראָטעקציעס, „פּלייצעס". אויך דאָרט זיינען פאַראַן נאַיווע יידישע נאַראָנים, וואָס ליפערן אַליין אויס אַרבעטס־וואַרשטאַטן, צאָלן נאָך צו מען זאָל ביי זיי נעמען זייערע מאַשינען, ברענגען אַליין צו טראָגן זייער גאַנץ האָב און גוטס אויפן געביט פון דער דייטשער פירמע. קלערן אויף דעם אופן אָפּהאַלטן די שוין געציקטע שווערד (און דאָס פאָלק האָט מען געהאַלטן פאַר א קלוגס, א כיטרע!?...). די דייטשע אונטערנעמער דאַרפן זיך צומאָל נישט צופיל אָנשטרענגען, כדי ביי יידן אויסצונאַרן דאָס פאַרמעגן.

די דייטשע אונטערנעמער — די קאָנקוויסטאַדאָרן פון דעם שוואַרצן געטאָ־קאָנטינענט. די רויב־ריטער פון די יידישע גירושים, די קאָמערציאַנטן 1).

.3

ליקווידירט זענען שוין געוואָרן אויפן געביט פון געטאָ אַזעלכע פירמעס, ווי פעליקס (טריקאָטאַזש), „אהאגע", אָשמאַן ק., לעשטשינסקי (a·era. kom-benacja, lipa) צווישן אַנדערע אויך די אין פאַרשידענע שטעט באַקאַנטע פירמע קאַרל היינץ מילער.

דערביי האָבן די „אונטערנעמער" נישט שטענדיק, נישט אַלע און אַלנפאַלס נישט יעדן איינעם (כאָטש זיי האָבן ביי זיי געלט גענומען) געהאַלטן פאַר נויטיק באַצייטנס מודיע צו זיין וועגן פאַקט און טערמין פון דער צוגעגרייטער ליקווידאַציע.

---

1) אויב זיינען [illegible] די דאָזיקע סאָלידע דייטשע אונטערנעמער סאָליד אין שטויס און זיי וואַרטן. זיי האָבן צייט און מיטל צו זיין געדולדיק. אין אַלע פיר אָקופּאַציע־צאָנעס מוזן זיי זיצן. אומגעקומען איז פון זיי ביזן צוזאַמענבראָך [illegible] פּראָצענט. [illegible] האָט זיי איצט אין זינען. די בלוטיקע [illegible]? און די מערדער ממש האָט מען שוין אויסגעפּישט?

אָט אזא איז געווען דער פאַל אויך מיטן שאָפּ אויף אויס־וּוארבעטן שלייפשטיינדלעך צום שארפן און פולווער צום פּאָלירן באגנעטן אויפן געביט פון דער געוועזענער מצבה־קונסט־ווערקשטעל פון סקולפּטאָר אָסטזשעגא אויף מילנע 9.

אויף מילנע גאַס האבן זיך קאָנצענטרירט נאָך א פּאָר שאָפּן אונטער דער פירמע קאַרל היינץ מיללער. שאָפּן מיט יידישע קינסטלער. אין א הויז דערנעבן האט א גרופּע יידישע שוישפּילער, רעזשיסערן, טעאטער־אינגזשעניערן און טעאטער־געשעפטס־פירער (יאָנאס טורקאָוו מיט דיאנא בלומענפעלד, אברהם קורץ, קאַרל צימבאַליסט, מאקס וויסקינד, דוד העלפּמאַן, יענקעלע דאנציקער מיט ארנאָלדן, פאמיליע שטאָקפעדער, פאמיליע גארבארזש, רעגינע צוקער, דאָרא פאקיעל, יוכבד זילבערג א. אנד.1) געארבעט ביי דער פאבריקאציע פון אזעלכע „קריגסוויכטיקע“ „מעטאלורגישע“ געגנשטאנדן ווי למשל, זשילעטמאשינדלעך, ספּראָנטשקעס צו זאָקנבענדלעך א. ד. גל. אין „קריגסוויכטיקן“ שלייפשטיין־שאָפּ אויף מילנע 9 האבן געארבעט די מאָלער: ווײַנטרויב, טיקאָטשינסקי, ראבינאָוויטש, שליוורניאק, ראָזענטאל, טראכטער, צינא עליאָוויטש א. אנד.2). צוזאמען אן ערך 20 מאן איינײַנעם מיט זייערע פרויען און עטלעכע קינדער.

אלס מאטעריאל און רוישטאָף פאר זייער פּראָדוקציע האבן די מאָלער באנוצט די בלאָקן גראניט און מארמאָר, וואָס האבן זיך געפונען אויף דעם געביט פון אָסטזשעגאס ווערקשטעל. די דאָזיקע שטיינער, די נישט־דערגאנגענע מאָנומענטן פאר א מערגליקלעכן מתים־דור זענען בכלל מסתמא געווען די אינספּיראציע פאר דעם אָריגינעלן נייעם קונסט־צווייג, אָן וועלכן צוויי צענדליק יידישע קינסטלער האבן אָנגעהאָנגען זייער איינציקע האָפענונג צו דערהאלטן זיך ביים לעבן. דער „שאָפּ“ אויף מילנע 9 איז געווארן דער לעצטער גילגול פון דעם פארמלחמהדיקן פאריין פון יידישע פּלאסטיקער.

.4

גענוען אויף א פאָרלעצטער גילגול.

אויף דעם זעלבן שטח ווי דער שאָפּ אויף פאבריצירן שלייפשטיינדלעך צום שארפן און פולווער צום פּאָלירן באגנעטן אונטער דער פירמע קאַרל היינץ מיללער, האָט זיך אויף דער פּאָסעסיע פון סקולפּטאָר אָסטזשעגא זומער 1941 און 1942 געפונען א גאָרטן־קאפע א. נ. „ארטיסטן־גאָרטן“.

דער שטח איז געווען א פארהעלטנישמעסיק גרויסער, ארומגענומען מיט א פּארקאַן. ביימער האבן זיך דאָ געפונען סך־הכל א פּאָר געציילטע. אויף דעם וויסטן שמיטה־פעלד זענען אָבער בשעת דער מלחמה פארפלאנצט געוואָרן קארטאפל, בוראקעס, פּאָמידאָרן, בייטן ציבעלעס מיט פּיעטרושקע. אין איין ווינקל, נישט ווייט פון דער שאפּע, ווו עס האט זיך געפונען דער זיץ פון דעם קאפע אָרקעסטער זענען אפילו געוואקסן א פּאָר קלאָמבן בלומען.

דער דאזיקער „גאָרטן“ איז געווען א וויכטיקע פרנסה־באזע פאר די יידישע פּלאסטיקער. זיי האבן דאָ געצויגן פארדינסטן פון פארקויפן אָדער בעסער געזאָגט פון פארדינגען „פרישע לופט“. די אָפּנעמער זענען געווען אין ענגשאפט און דושנעקייט צונויפגעקוועטשטע „בעסערע מענטשן“ פון דער געטא־עליטע.

אין די נאָכמיטאגן פלעגט אין „ארטיסטן־גאָרטן“ קאָנצערטירן אן ערשטקלאסיקער אָרקעסטער. א קאָנפעראנסיע פלעגט פארוויילן דעם עולם. מענטשן האבן געהאט זייערע שטענדיקע טישלעך, מען האט געשפּילט אין קאָרטן, מען האט זיך געטראפן מיט באקאנטע. אויב איך האב נישט קיין טעות האבן אפילו די מאָלערס אויפגעשטעלט פון עפּעס א שטאָף עטלעכע גרויסע גאָרטן־שירעמס. אונטער איינעם פון זיי פלעגט מען יעדן נאָכמיטאג זען זיצן, ארומגערינגלט מיט א ברידזש געזעלשאפט די שוישפּילערין קלארא סעגאלאָוויטש. אן אָנגעטוענע — מעשה קורצאָרט — אין אן עלעגאנטן גרויסן שטרוי־הוט, אויפן גראָ געוואָרענעם קאָפּ, האָט זי פארשפּרייט ארום זיך די אטמאָספערע פון שארפזיניקן הומאָר, פון אָפּטימיזם. ביי איר טיש האט מען געקאָנט הערן די לעצטע געהיימע ראדיאָ־ידיעות, די נייעסטע אנטי־היטלערישע וויצן.

דאָס איז געווען די צייט, ווען די דייטשן האבן אומעטום געצייכנט זייער „V“ — וויקטאָריא. אויף די פאסאדן פון די באנהייף האט מען געלייענט די אויפשריפט „דויטשלאנד זיגט אן אלען פראָנטען“. „דויטשלאנד ליגט אן אלען פראָנטען“ האבן פּוילישע יינגלעך פון „קליינעם סאבאָטאזש“ איבערגעמאַלן אזא אויפשריפט אין ווארשע.

„דויטשלאנד זיעכט אן אלען פראָנטען“ — האָט מען געלאכט פון נייעם וואָרט־שפּיל ביי קלארא סעגאלאָוויטשעס טישל, ווען די פּוילישע פּאראפראזע איז צוזאמען מיט געשמוגלטער שפּייז אָנגעקומען אין געטא.

דייטשלאנד איז נאָך געווען אייזנשטארק אויף אלע פראנטן. און אסך מאָל שטארקער נאָך הינטערן פראָנט, אין די אָקופּירטע לענדער. אָבער דאָ אין ווארשאָווער געטא האט מען געפרווט האלטן פּאסאָן. מען האט זיך נישט געלאָזט. מען האט זיך נאָך אלץ נישט אונטערגעגעבן...

אין די פארמיטאגן האט מען אין ארטיסטן־גאָרטן געזען דאמען מיט פארמאכטע אויגן, מיט פּנימער אויסגעצויגענע צו דער זון. זיי זענען געזעסן אויף די בענק און זיך „אָפּגעברענט“. צווישן די בייטן פּיעטרושקע מיט מייערן זענען געשטאנען וועגעלעך מיט שלאָפנדיקע קינדער און צווישן די אָרעמע פּאָר ביימלעך זענען ארומגעלאָפן און געשפּילט זיך אין

1) זע „דאס נייע לעבן“ נר. 7 (1945) ארטיקל פון יאָנאס טורקאָוו „די וואס האבן נישט דערלעבט דעם טאָג פון באפרייאונג“.

2) מיר דאַכט זיך, אז אין שאָפּ האט אויך געדארפט זיין דער מאָלער מיכאלאָוויטש, וועגן וועלכן מיר האבן ביזן היינטיקן טאג נישט קיין ידיעות, וואָס מיט אים איז געשען.

אין דער קוך אויף נאָוואָליפּקי 68, וואָס איז בשעת דער אַקציע אריבער אין רשות פון דער פירמע האלמאַן, האָט געארבעט די מאלערין געלע ליכטענשטיין צוזאמען מיט איר מאן דעם לערער און ליטעראט ישראל ליכטענשטיין, וואָס איז געווען דער ארכיוואַר פון ד״ר רינגעלבלומס ארכיוו. זיי זענען ביידע אומגעקומען בעת דער דריטער אקציע.

כאפערלעך. מיידעלעך מיט גרויסע קאָקאַרדעס אויף די שפּיץ קעפּלעך. יונגעלעך מיט באַלעמס אין די הענט. געגנאָסן פון דער, פאַרן רוב קינדער אין געטאָ נישט צוגענגלעכער גרויסער פּריווילעגיע, צו קוקן מיט די אייגענע אויגן אויף א לעבעדיק גרין געוויקס. ווען מען פלעגט זען אָט די יינגלעך און מיידעלעך שפּילן זיך און אונטערשפּרינגען ווי די פייגעלעך אויף די סטעזשקעס פון דעם „גאַרטן“, פלעגט פּלוצים פאַרקלעמען דאָס האַרץ. אַן אומקלאָרע, א פאַרנעפּלטע האָט שוין ארומגעקרייזט איבער די געטאָס די שוואַרצע בשורה וועגן גורל פון קינדער אונטער צען יאָר אין לאָדזש, וועגן ספּעציעלע טראַנספּאָרטן...

פון צייט צו צייט פלעגן אין „אַרטיסטן־גאָרטן“ איינגעאָרדנט ווערן ספּעציעלע אימפּרעזעס, לשם הכנסה, לשם הייבן אביסל די שטימונג. די מאָלערס פלעגן זיך ארומדרייען איבער זייער „גאַרטן“ מעשה בעלי בתים. די גרויסע קינדער האָבן געקליבן נחת פון אבי וואָס, געהאַלטן אין איין אריבערשפּרינגען אין דמיון דעם היינט, געזעגן זיך שוין דערלייזטע אויף צוזאַמענגעס נאָכן קאָשמאַר.

אין זייער אינעווייניקסטער יום־טובדיקייט זענען די קינסטלער געווען קאָלעגיאַל און האַרציק מער ווי תמיד. מענטשן, וואָס האָבן פאַר דער „לופט“ נישט געקאָנט באַצאָלן, אָדער געהאַט א שייכות מיט ליטעראַטור צי קונסט, האָבן אין אַרטיסטן־גאָרטן געגאָסן פון הנחות. אנדערע אפילו פון אריינגאַנג גראַטיס.

.5

אין פּרינציפּ דאַכט זיך, אַן אונטערנעמונג צום פּראָדוצירן מעבל און אנדערע האָלץ־אויסאַרבעטונגען, האָט די פירמע קאַרל היינץ מיללער געלונגען זיך איינבעטן צו געבן איר שילד אויך פאַר מעטאַלורגישער פּראָדוקציע. באַוויליקט צו פירמירן אפילו דעם אויסטערלישן נייעם צווייג פון שטיינמעצעריי. נאָך, אָן אויסגעטראַכטן דורך די נאַרישע יידישע קינסטלער, וואָס האָבן היילִיק געגלויבט, אַז הינטער די בערג מיט שלייפשטיינדלעך און הינטער די זעק מיט פּוץ־פּולווער וועלן זיי זיך קאָנען פאַרשאַנצן קעגן אומקום. וואָס האָט עס אים געשאַדט, דעם הער קאַרל היינץ מיללער? מתחייב געווען האָט עס אים נישט אין דעם, נישט אין קיין שום אנדערן פאַל לחלוטין צו גאָרנישט.

דאָס הייסט נישט, אַז דאָס מאַנטירן א באַזונדערן, זעלבשטענדיקן שאָפּ פאַר די פּלאַסטיקער איז צוגעגאַנגען אַזוי גרינג און גלאַטיק. דער שאָפּ איז צושטאַנדגעקומען בלויז אדאַנק א קאָלאָסאַלן אויפבאָט באַמיונגען און איינשטעלן זיך. אדאַנק דעם ארומלויפן צווישן די גרעסטע סכנות, צווישן פייער פון די שווערסטע בלאָקאַדעס און אדאַנק דעם אויסנוצן הונדערטער פאַרבינדונגען און פּראָטעקציעס. מען האָט אָפּגעקלאַפּט די טירן, ווו עס האָט זיך נאָר געלאָזט. אין אַרבעטס־אַמט, ביי דער יידישער פּאָליציי, ביי מאַכערס פון דעם יודענראַט.

איין קליינִיקייט: אַן געלט, אָן שוחד אויפקלאַפּן אַזאַ „געצעלט“ — אַן אייגענעם שאָפּ!...

אָן א שיעור איניציאַטיוו, אָן א שיעור אינוועניז האָט זיך געפאָדערט צו אַזאַ זאַך. די דאָזיקע נשמה־איינגעשאַפטן האָבן אָבער אין דער צייט ביי יידן אויפגעבליט ווי נאָך קיינמאָל און אינערגעץ אין דער וועלט. דער עיקר איניציאַטאָר פון דעם שלייפשטיין־שאָפּ איז, דאַכט זיך, געווען דער מאָלער־דעקאָראַטאָר וויינטרויב. דער עיקר־אויספירער פון אַלע לויפענישן און יאָגענישן איז געווען דער מאָלער ראָמאַן ראָזענטאַל. זייערע המצאות און ענערגיע האָט די שאָפּקע[1] אויף מילנע גאַס געהאַט צו פאַרדאַנקען איר אָנהייב און שפּעטער איר באַפידן און פאַטאַלן סוף.

פאַטאַל איז געווען בפרט דאָס דאָזיקע קאָנצענטרירן אויף איין אָרט אַזויפיל ווערטפולע יחידים. ראָזענטאַל האָט געהאַט אויף דער אַרישער זייט א ברודער, א דאָקטאָר מיט א פּוילישער פרוי, אנדערע מאָלער האָבן געהאַט אויף יענער זייט מויער קאָלעגן און פריינט. נישט איינער פון זיי וואָלט זיכער געווען לענגער דורכגעהאַלטן, נישט איינער וואָלט זיך אפשר געווען אָפּגעראַטעוועט, זיי זאָלן נאָר נישט געווען אנטוויקלען אַזאַ פוריע פון אַקטיוויטעט. צו דעם צוועק טאַקע האָט געדינט די אינסטיטוציע פון שאָפּן און דער פּסיכאָז, וואָס איז אויסגעוואַקסן ארום זיי — די שאָפּאָמאַניע. זיי זענען געווען ערשטקלאַסיקע כאַפּ־שטייגן.

.6

מיט ראָמאַן ראָזענטאַל פלעג איך מיך אין געטאָ אָפט באַגעגענען. גלייך מיט אנדערע חברים שרייבער און קינסטלער פלעגט ער מיך פון צייט צו צייט באַזוכן, ווען עס פלעגט אים אויסקומען פאַרבייגיין לעשנאָ 40, ווו איך האָב אין לאָקאַל פון קליינהענדלער פאַריין (אַמאָליקער „הזמיר“) אין משך פון די ערשטע דריטהאַלבן אָקופּאַציע־יאָר געאַרבעט אַלס לייטערין פון א פאָלקס־קיך. צווישן רעש און טומל פון א מאַסע הונגעריקע מענטשן פלעגן מיר אריינכאַפּן א קורצן שמועס און צום געזעגענען פלעג איך אים געווינלעך הייסן דערלאַנגען א הייסן טעלער גריץ פון קעסל. פון אַזאַ כיבוד האָט זיך אין יענער צייט קיינער נישט אָפּגעזאָגט.

אין דער לעצטער פאַזע פאַרן גירוש האָבן זיך די זופּן אין מיין קיך שטאַרק פאַרבעסערט. מיר האָבן אָנגעהויבן קאָכן זעטיקע און פעטע זופּן פאַר רעקאָנוואַלעסצענטן, פון וועלכע מען האָט געקאָנט געניסן אויפן יסוד פון א ספּעציעלן אָרדער בלויז אין משך פון איין חודש. ראָזענטאַל האָט דורכגעמאַכט אין ווינטער 1942, איך געדענק שוין נישט וואָס פאַרא קרענק, און איז דערנאָך א שטיק צייט געווען א רעגולערער קאָנסומענט פון אונזער קיך. אַלס אמתע אָדער מכלומרשטע רעקאָנוואַלעסצענטן זענען אַדורכגעגאַנגען דורך דער קיך אויך א היפּש ביסל אנדערע חברים. צו די „מיסברויכן“, וואָס איך האָב דעמלט געמאַכט קעגן די אינסטרוקציעס פון מיינע „קיך־באַהערדן“, מעג איך מיך שוין איצטער מודה זיין...

און אָט האָט זיך ראָזענטאַל באַוויזן אין אונזער

---

1) אויף פּויליש szopka — וואָרטשפּיל — אַן צַנשטעל' אַן אָפּגענאַרטע זאַך.

יק אויך אין די טעג פון גירוש. געוואָר געוואָרן, אַז מיר קאָכן ווייטער, האט ער אָנגעהויבן קומען יעדן טאג מיט אַ קענדעלע נאָך אַ זופּ פאר זיך און פאר זיין פרוי. לעשנאָ איז אינצווישן געוואָרן טעבענס־לאַנד. די פאָלקס־קיך איז געוואָרן פארוואנדלט אין אַ „שאָפּ־קיך" און דער נייער פארוואלטער האט מיט מיר געטאן אַ גרויסן חסד, וואָס ער האָט מיך, די פריערדיקע לייטערין און אָרגאַניזאַטאָרין פון דער קיך, איבערגעלאָזט אויף דער שטעלע פון אַ קאַרטאָפל־שיילערין. איך האָב שוין אין דער קיך קיין דעה נישט געהאט, איך האָב אָבער געהאט צו טאָן מיט יידישע גזלנים, נאָך אַלץ געהאט אין קיך אַ שטיקעלע פּראָטעקציע, נאָך אַלץ געקאָנט אויספועלן אַ טעלער עסן פאר אַ חבר.

אַזוי אַרום פלעג איך יעדן טאג, ווען אין גאַס פלעגט ווערן רואיקער און זיכערער, בעת דער הפסקה אין דער אקציע — זען ראָזענטאַלן מיטן באַנקעלע. אַזוי אַרום בין איך געווען כסדר אינפאָרמירט וועגן אַלע פּעריפּעטיעס פון דעם שלייפשטיין־שאָפּ אויף מילנע.

אַזאַ ווי כ'האָב געזען ראָזענטאַלן אין טאג פון פאַרקאָנטראַקטירן דעם שאָפּ, האָב איך אים אָבער קיינמאָל נישט געזען. אַן אָפּגעהעצטן ווי אַ יאָג־הונט, אַ פאַרשוויצטן און צעשטראַלטן פון האָפענונג און גליק. אַן איבערפולטן מיט אַזאַ לעבנס־פייער און לעבנס־חשק, ווי נישט נאָר איך, נאָר מסתמא קיינער האָט אים דעם הויכן, געבויגענעם, אַביסל טרויעריקן און פלעגמאַטישן סכיזאָטימיקער קיינמאָל אין נאָרמאַלע צייטן נישט געזען. ממש מיט פּאַטאָס, מיט אָן אַ שיעור ענטוזיאַזם האָט ער זיך פאַר מיר באַרימט, ווי אַזוי עס האָט זיך אים מיט נאָך קאָלעגן פון דער פאַרוואַלטונג פון אַרטיסטן־גאָרטן איינגעגעבן אויסצוקעמפן אַ רעכט אויף לעבן פאַר דער גאַנצער חברה פּלאַסטיקער צוזאַמען מיט די פרויען און משפחות זייערע. שאַפן אַזאַ מין קליינע פעסטונג עקסטראַ פאַר יידישע קינסטלער.

אין זיין ברייטהאַרציקייט און השתפכות הנפש איז ראָזענטאַל גרייט געווען צו טאָן טובות נאָך פריינט. ער האָט מיך געפרעגט, צי וויל איך זיך נישט אַמאָל פאַרשרייבן אין זיין שאָפּ. ער איז געווען מוכן ומזומן אַריינצונעמען גראַטיס יעדן מענטש פון דער שרייבער־און קינסטלער־משפחה. טאַקע אַריינגענומען י. י. פּראָפּוס, ברכה איינהאָרן. אפשר נאָך וועמען.

דער „שאָפּ" האָט שוין אָנגעהויבן אַרבעטן. ראָמאַן ראָזענטאַל איז איצט געקומען אויף לעשנאָ 40 אָנגעטאָן אין אַן אַטעליע־כאַלאַט (אַלע יידן האָבן זיך אין דער צייט באַמיט אַרויסגיין אין גאַס אין אַרבעטס־קליידער). אינגיכן, האָט ער געזאָגט, וועט מען עפענען אויף מילנע 9 אַן אייגענע קיך. מען וועט באַקומען צוגעטיילט פּראָדוקטן פון אַפּראָוויזאַציע. ס'טייטש — אַרבעטס־מענטשן! אַלע מאָלער, באַטייליקטע אין שאָפּ האָבן שוין געהאַט קאַרטן, באַשטעטיקטע דורכן אַרבעטס־אַמט. אָט נאָך די שטעמפּלען פון ס. ד. וועט מען באַקומען און מען וועט שוין קאָנען פריי זיך באַוועגן אין גאַס.

אַזוי נאַיוו ווי די קינסטלער, זענען שוין אין דער צייט קיין פּשוטע יידן נישט געווען.

אין די ערשטע טעג סעפּטעמבער איז דאָס געווען. די גענויע דאַטע געדענק איך נישט. ראָזענטאַל איז ווי געוויינלעך, געקומען נאָך דער זופּ און צוגעזאָגט, אויף צו־מאָרגנס ברענגען פאַר דער קיך אַ מתנה פון זיין „פאַבריק", אַ שלייפשטיין גראַטיס אויף צו שאַרפן מעסערס.

7.

דאָס שלייפשטיינדל האָבן מיר שוין קיינמאָל נישט באַקומען. פונקט אויף צומאָרגנס פאַרנאַכט האָט פאַרפעלט „סחורה" פאַר אַן עשאַלאָן וואַגאָנען וואָס זענען אָנגעקומען דעם טאג אויפן אומשלאַגס־פּלאַץ. די ליקווידאַציע פון קאַרל היינץ מילערס שאָפּ איז שוין געווען אַ צוגעגרייטע זאַך. אָדער אפשר איז זי געווען אַן אימפּראָוויזאַציע — דעם טאג איז זי געוואָרן אַדורכגעפירט.

ווען מען איז געקומען נאָך די מאָלערס, זענען זיי אַלע אַרויס אויף דער גאַס אין זייער פולער צאָל. קיין איינער האָט זיך נישט געפּרוּווט באַהאַלטן. קיין איינער האָט נישט געפּרוּווט אַנטלויפן. זיי האָבן נישט מיטגענומען די גרייטע פּעצאַקעס. זיי האָבן נישט געכאַפּט מיט זיך קיין מלבוש. אַזוי ווי זיי זענען געווען פאַרזאַמלט ביי דער אַרבעט, אין די פאַרטעכער און אַרבעטס־קיטלען, אַזוי האָבן זיי אויסמאַרשירט. זיי זענען געווען רואיק. זיי האָבן געטראָגן יעדער אין דער האַנט דעם אויסווייז פון דער פירמע קאַרל היינץ מילער. דעם זעלבן אינדערפרי האָבן זיי צובאַקומען אויף זיי דאָס סאַמע וויכטיקסטע: דעם שטעמפּל פון ס. ד...

וועגן די לעצטע מינוטן פון די מאָלער אויפן אומשלאַג־פּלאַץ דערציילט אַן אויגן־עדות, אַ לעבנגעבליבענער יידישער פּאָליציאַנט, וואָס האָט די גאַנצע צייט געהיטן דעם שאָפּ אויף מילנע. דאָס מאָל געקומען צו שפּעט צו וואָרענען פאַר דער בלאָקאַדע, מודיע צו זיין, אַז מילערס שאָפּן ווערן ליקווידירט. ער איז נאָכגעפאָרן נאָך דער פּאַרטיע אויף אַ ראָווער אין דער האָפענונג אפשר וועט ער נאָך אויף דעם אומשלאַג־פּלאַץ באַווייזן עפּעס אויפטאָן.

„ביים ראָג קאַרמעליצקע און נאָוואָליפּיע — שרייבט דער געוו. פּאָליציאַנט פּ. אין די זכרונות זיינע, וואָס געפינען זיך אין דער צענטראַלער יידיש־היסטאָרישער קאָמיסיע — האָט זיך געקליבן די פּאַרטיע. די מאָלערס האָבן נישט אויסגעזען איבעריק דערשראָקן. יעדער פון זיי האָט געהאַלטן זיין אויסווייז אין האַנט. ווי עס האָט זיך שפּעטער אַרויסגעוויזן, האָבן היינט פרי די אַרבעטער פון מילערס שאָפּ באַקומען די שטעמפּלען פון ס. ד. 8 אַזייגער האָבן זיי באַקומען די שטעמפּלען און 6 אַזייגער איז אַרויס דער באַפעל צו ליקווידירן מילערס שאָפּן. אַזוי ווי די פּאַרטיע האָט געציילט עטלעכע טויזנט מענטשן האָט זי געפירט אַן אוקראַינישע וואַך און עטלעכע דייטשן. איך בין זיי נאָכגעפאָרן אויפן ראָווער אין דער האָפענונג, אַז עס וועט זיך אפשר איינגעבן אויפן וועג אָפּצוראַטעווען כאָטש עטלעכע פון זיי. עס האָט זיך אָבער אַזוי געמאַכט, אַז די דייטשן האָבן דאָס מאָל אַריינגעטריבן די פּאַרטיע נישט דורכן טויער אויפן אומשלאַג־פּלאַץ, נאָר דורך אַ צווייטן טויער פון דער טראַנספערשטעלע און



ר. קראַמשטיק

אַן אַלטער ייד מיט זיינע קינדער

דירעקט צו די וואגאָנען. איך בין געשטאַנען נעבן זיי אויפן פּלאַץ פאר די וואגאָנען. זיי האָבן ביזן לעצטן מאָמענט געגלויבט, אז עס וועט פּאַרקומען א סעלעקציע, אז מען וועט זיי באפרייען. ערשט ווען מען האט זיי אויסגעשטעלט אין פינפטלעך מיטן פּנים צו די באַן־שינעס, האבן זיי פארשטאנען, אז זיי זע־נען געוואָרן אָפּגענארט. וויינטרויב, וואָס איז געווען אן איניציאטאר פון שאָפּ, האט כסדר איבערגעחזרט: „קאָלעגן, זייט מיר מוחל, עס איז מיין שולד". זיי זענען אוועק אין די וואגאָנען אין די הוילע קעפּ, אין די פארפלעקטע פארטעכער. זיי האבן געמרוזשעט די אויגן און באטראכט דעם ארום ווי זיי וואָלטן צום לעצטן מאָל וועלן אויפנעמען אין זיך דאס בילד פון וואַרשע. אפשר בין איך זיך טועה, נאָר זיי האבן מיר אויסגעזען צו זיין אזוי אנדערש ווי דער ארומיקער עולם. „ראטעוועט אונזערע פרויען, זיי זענען געבליבן אין גארטן", דאס זענען געווען זייערע לעצטע ווערטער. יעדער פון זיי האט צו מיר א שמייכל געטאָן צום געזעגענען. יעדער פון זיי האט אָנגעהאנגען זיין בליק אויף מיין פּנים, ווענלדיק ארויסלייענען דערפון זייער גורל".

דעמזעלבן טאג איז פ. געווען אנוועזנד ביים טויט פון מאָלער ראָמאן קראמשטיק, וואָס האָט אין מאָלער־שאָפּ אויף מילנע נישט געארבעט, וועמענס גורל האט אים אָבער פאריייניקט מיט די חברים צו־צושטעלן זיך כמעט איינצייטיק צו דעם אפּעל אויף יענער וועלט.

— „די איינגאנגס־טיר ווי דער רוב טירן אין געטא — לייענען מיר אין די זכרונות פון פ. — האט געהאט אויסגעזעצטע פילונגען. נישט אין „אס־שטיקס צימער, נישט אין דער גאנצער דירה האב איך קיינעם נישט געטראָפן. דאָס הויז האט אויסגע־זען ווי אָפּגעשטארבן. איך האב לאנג גערופן ביז איך האָב דערזען עפּעס א לעבעדיק וועזן. פון דעם קע־לער־פענצטער האט זיך ארויסגערוקט א קאָפּ פון א מאנסביל. ער האט מיר געהייסןווארטן. דאָס איז געווען דער הויז־מייסטער, וואָס האט מיך געקענט פון זען. „איר ווילט זען קראמשטיקן — האט ער צו מיר געזאגט — איז קומט מיט מיר". ער האט מיך געפירט אין קעלער אריין; מיט עפּעס געדרייטע ווענגן און דורך א לאנגן, ענגן טונעל. דערנאָך האב איך געמוזט זיך גליטשן אויפן בויך דורך א לאָך אין א מויער. אין א גרוימער קעלער־שטוב האבן זיך אויפ־געקליבן עטלעכע צענדליק מענטשן. אין ווינקל אויף א געלעגער האב איך דערקענט קראמשטיקן.

זיין פּנים איז געווען טויט־בלייך, כמעט ווייס. ווען ער האט מיך דערזען, האט ער געפּרווט ארויס־רופן אויף די ליפּן איינעם פון זיינע וואנדערשיינע שמייכלען. „כ'האב אייך געהייסן בעטן צו מיר. דער הויז־מייסטער האט געהערט אז עמיצער רופט מיין נאָמען. מען האט מיך היינט געהרגעט. איך לעב נאָך אָבער איך וועל שוין לאנג נישט אָנציען".

די מעשה איז געווען די: קראמשטיק איז ארויס פון באהעלטעניש און איז אריין אין זיין דירה נאָך עטלעכע שרייבפּענדלעך. ארום צען האט אים פאַר־כאפּט א בלאָקאדע. ער האט זיך נישט געהאט ווו צו באהאלטן. א צופעליקע קויל איז אים אריין אין די לונגען. ער איז אוועקגעפאלן אָן באוווסטזיין א פאר־גאָסענער מיט בלוט. די דייטשן האבן אים געלאָזט ליגן אן אויסגעשטרעקטן אויפן הויף. ערשט אין א פאָר שעה ארום, ווען אויף דער גאס האבן זיך איינ־געשטילט די געשרייען און שיסעריי, זענען מענטשן ארויס פון די באהעלטענישן אויפן הויף און האבן אים אריינגעשלעפּט אין קעלער. א דאָקטער, וואָס האט זיך דאָ געפונען, האט אים געמאכט עטלעכע איניעקציעס, אָבער ער האט נישט געגעבן קיין שום האָפענונג.

קראמשטיק האָט געהאט הויך פיבער. מאָמענטנווייז איז ער געווען ביים פולן באוווסטזיין. דערנאָך האט ער ווידעראמאָל גערעדט פון היץ. איך האב נישט געהאט דעם מוט אוועקצוגיין. ער האט מיך צוגעקאָ־וועט מיט זיין ברענענדיקן בליק. ער האט מיך קאָנ־ווולסיוו געהאלטן ביי דער האנט.

— זאָגט די קאָלעגן, זיי זאָלן מאָלן. געזעגנט זיי פון מיר.

איך האב אים געמוזט אָפּגעבן א פייערלעכע שבועה, אז איך וועל פועלן ביי זיינע קאָלעגן, די מאָלערס, זיי זאָלן נאָך דער מלחמה מאָלן טצענעס פון דער געשיכטע פון געטא.

— זאָלן זיי אוועקווארפן די אקטן, פּאָרטרעטן, שטיללעבנס. די וועלט מוז געוואָר ווערן וועגן די ראָזיקע פארברעכנס. זאָגט זיי, אז קראמשטיק האט זיי געבעטן מאָלן סצענעס פון געטא. אלץ זאָלן זיי מקריב זיין, כדי די וועלט זאָל זיך דערוויסן וועגן דער בעסטיאלישקייט פון די דייטשן.

ער איז שוין געלעגן אין גסיסה. דאָס בלוט האט אים א זעץ געטאָן פון מויל. ער האט מוראדיק גע־ליטן און נאָך אלץ צו מיר געשעפּטשעט. ארויסגע־שלעפּט מיט די לעצטע כוחות א פּאָר קרערקעס סאנגווין און זיי מיר געשטופּט אין האנט, מיטן זשעסט פון טאָן א פרומע עבודה.

— גיט זיי דאָס איבער אלס אָנדענק פון קראמ־שטיקן. דאָס זענען גוטע קרערקעס. אָריגינעלע קרער־קעס פון לע פראנק..."

נישט די קרערקעס און נישט די צוואה איז שוין נישט געווען וועמען איבערצוגעבן. אָבער וועגן דעם איז קראמשטיק קיינמאָל נישט געוואָר געוואָרן. זיין פריינט האט נישט געוואָלט ביי אים צונעמען אָט די לעצטע טרייסט.

### .8

די פרויען פון די מאָלערס, וואָס זענען בשעת דער בלאָקאדע געווען באהאלטן, זענען דערווייל געבליבן, אָרוים פון באהעלטעניש און געטראָפן א פּוסטקייט. די זאכן האט מען נאָך נישט צעשאברעוועט. די זאכן זענען געווען...

די מאָלערס האָבן אזוי פעסט געגלויבט אין די אויסוויזן, אז זיי האבן גאָרנישט מיטגענומען. און אפשר האבן זיי ענדלעך דערזען אין דמיון דאָס בילד: טרעבלינקע. די ערשטע אנטלאָפענע זענען שוין גע־האט אָנגעקומען קיין ווארשע און פ. דערציילט, אז אין „גערטל" האט מען שוין גערעדט דערפון. אפשר האבן שוין די מאָלערס געוווסט, אז וואָס־וואָס, נאָר קיין פעק שלעפּן מיט זיך דארף מען באשטימט נישט.

זייערע פרויען האבן דאָס נאָך אָבער, זעט אויס,

נישט פארשטאנען. די פיאניסטין סטעפאניא פעלטענשטיין, די נישט איבעריק שיינע, אָבער פון איר מאָן צערטלעך געליבטע פרוי פון ראָמאן ראָזענטאל, האט צווישן אנדערן נישט געקאָנט פארשמערצן אויך דעם פאקט, וואָס ראָמאן איז אוועקגעפאָרן אָן דער מארינארקע. און הלמאי האט ער נישט מיטגענומען דעם סוועטער, הלמאי האט ער נישט מיט זיך קיין איין פיזשאמע. די פרויען האבן נאָך געגלויבט, אז ערגעצוו פארפאָרט מען פונדעסטוועגן, און די פרוי ראָזענטאל האט פעסט געהאָפט ביז צום סוף, אז ראָמאן וועט נאָך פון דעם דאָזיקן „ערגעץ“ צו איר צוריקקומען.

אין א פּאָר טעג ארום האט זי אליין אָנגעהויבן קומען צו מיר מיטן באנקעלע נאָך די זופּקעס, וואָס ער האט איר שוין איצטער נישט געבראכט. אָבער ערשט, ווען זי האט מיך איינמאָל, צווישן אן עולם טעבענס־יידן, וואָס האָבן זיך געשטופּט נאָך יופּ, פלוצים אין פארבייגיין ארומגענומען, אוועקגעלייגט מיר דעם קאָפּ אויפן אקסל און אויסגעבראָכן אין א קורץ געוויין, האב איך דאָס ערשטע מאָל באמערקט, ס׳ארא שיינע, יונגע, לאזור־בלויע אויגן זי האט. געבליבן פלוצים אָן דער פאָטערלעכער זאָרג און צערטלעכקייט, מיט וועלכער ער האט זי ארומגערינגלט אין משך פון יאָרן, איז זי געוואָרן ווי א קליין קינד. איך פלעג איר מוזן פון צייט צו צייט א גלעט טאָן איבערן פנים. א טרייסט טאָן, צוטוליען. זי האט געוואָרט אויפן גלעט פון מיין האנט ווי א פאריתומט קינד.

איניינעם מיט דער פרוי און טעכטערל פון אָסטזשעגא האָב איך זי דערנאָך נאָך דער ערשטער אקציע א פּאָר מאָל געזען אין נייעם געטא. אָנגעפּעלצט און דיק פון די כ׳וויים נישט צוליב וואָס מעשה ווייבער, וואָס טראָגן ארוים דורך די פלאצוווקעס „ציוכעס“[1] צום פארקויפן, אָנגעטוענע אין עטלעכע פּאָר וועש און קליידער איינס אויפס אנדערע, אָנגעטוענע אין טיכלעך אויף די קעפּ און ארומגעגארטלטע מיט רימענעס גלייך זיי וואָלטן שטענדיק גרייט געווען צו לאָזן זיך אין וועג אריין — האבן זיי זיך ארומגעדרייט ווי די פארבלאָנדזשעטע שאָף אין דער נאָענט פון די הילפס־אָרגאניזאציעס און מאגאזינען. אָפּהענטיק און אומדרייסט געזוכט הילף. געחלומט וועגן דעם, עס זאָל זיי ווער ארויסנעמען אויף „יענער זייט“. דאָס דרייצניעריקע טעכטערל פון אָסטזשעגא האט ארויסגעוויזן טאלאנט און די מוטער וואָלט זי געוועןן וועלן ראטעווען פאר יעדן פרייז, גרייט געווען זי אוועקשענקען אין פרעמדע „ארישע“ הענט, אבי זי זאָל בלייבן לעבן. אָבער ווי אזוי אזעלכע הענט אָנצוטרעפן, האט זי שוין נישט געפונען קיין אופן ביז צום סוף.

און א סוף איז זיי באשערט געווען א שפּעטער, אָבער פון די ערגסטע.

די יאנואר־אקציע זענען זיי איבערגעזעסן אין א באהעלטעניש אין הויז פון דעם יידישן הילפס־קאָמיטעט אויף זאמענהאָף 56. זיי זענען אומגעקומען ערשט אין מאי 1943 אין די פייערן פון דער לעצטער אקציע.

.9

א פייס‌אזשיסט מיט א זייער סובטעלן קאָלאָריט, האָט ראָמאן ראָזענטאל — א זעלטנקייט ביי א מאָלער — פארמאָגט אויך א מוזיקאלישן טאלאנט. ער פלעגט פון ליבהאָבעריי קאָמפּאָנירן גאנץ נישט קשה־דיקע מעלאָדיעס צו לידער פון משה קולבאק און פון אנדערע פּאָעטן. א טייל פון זיי זענען אריין אין רעפּערטואר פון יידישן רעוויי־טעאטער, פאר וועלכן ראָזענטאל האט אגב געהאט נאָך אנדערע פארדינסטן, אלס מיטשעפער פון לאָדזשער „ארארט“, אלס דעקאָראטאָר און בינע־קאָנסטרוקטאר פון דעם דאָזיקן טעאטער אין דער ערשטער תקופה פון זיין עקזיסטענץ. אין פרילינג 1942 האבן מיר געפייערט אין געטא דעם 20־יאָריקן יובילייי פון ראָזענטאלס קינסטלערישער טעטיקייט. אין דעם מוזיקאלישן רעסיטאל, וואָס איז ביי דער געלעגנהייט איינגעאָרדנט געוואָרן אין לאָקאל פון דער פאָלקס־קיך, אָרלע 6, וואָס איז אין דער צייט געווען א מין געהיימער ליטערארישער קלוב, האט זיך באטייליקט צוו. אנד. זיין פרוי. איך געדענק דעם כאראקטעריסטישן פאקט, אז מען האט דעמלט געמוזט ארויסווארפן פון פראָגראם לישטן. עס איז אריין אין קראפט די פאראָרדענונג, אז יידן טארן נישט שפּילן קיין שאפונגען פון דייטשע, איטאליענישע און אונגארישע קאָמפּאָזיטאָרן. צי דער פארבאָט איז אויך געווען חל אויף פּוילישע מוזיקער, געדענק איך נישט. אלנפאלס האט מען זיך מיט א האלב יאָר צוריק אויף די הכנסה־קאָנצערטן פאר די קיכן (די איינציקע דערלויבטע אימפּרעזעס) מיט אָט דעם פארבאָט נאָך נישט גערעכנט.

אין מיין צימער אין דער דירה פון מיין קוזין ד״ר ראובן פעלדשו, ביי וועלכן איך האב געוווינט די ערשטע דריטהאלבן יאָר פון דער אָקופּאציע, האט ועהאָנגען אן ארבעט פון ראָמאן ראָזענטאל. דאָס בילד האט פארגעשטעלט א זון־באגאסענע לאנדשאפט פון דרום־פראנקרייך. אנטקעגנאיבער האבן געהאנגען א פּאָר אקווארעלן פון מיין יונגן גאליציאנער פריינט מענדל רייף, אין איין ווינקל האט געהאנגען א „בלעך“ פון שליוווניאקן. די זאכן האָבן מיט זיך פאָרגעשטעלט א טייל פון דער רייכער בילדער־קאָלעקציע פון יידישע מאָלער אין פּוילן, וואָס פעלדשו האט יארנלאנג געקליבן און קאָמפּלעטירט.

נאָכן אונטערגאנג פון די מאָלער איז געקומען דער אונטערגאנג פון זייערע ווערק. פעלדשוס בילדער־קאָלעקציע פונקט ווי זיין היפּשע ביבליאָטעק איז־צו גרונט געגאנגען אין די פלאמען פון דער לעצ־

[1] ציוכעס־שמאטעס, לאבעס — אזא נאמען האט מען אין ווארשע געגעבן די מלבושים און וועש, וואָס האבן אָנגעהויבן ארומקרייזן אין האנדל זינט דער גירוש־אקציע. אין דעם נאמען איז צום אויסדרוק געקומען דער ביטול צו זאכן אָן א בעל־הבית. יידן פלעגן ארויסגיין פון געטא אין פּאַרטיעס צו דער ארבעט אויף דער אַרישער זייט און האבן געשמוגלט אהינצוועגס אויף זייער לייב גאַרדעראָב און צוריקוועגס שפּייז. דאָס וואָרט „ציוכעס“ פונקט ווי „שאַבער“ האט זיך אָנגענומען און איז באנוצט געוואָרן אויך בנוגע פּוילישע זאכן, ווען גאנץ ווארשע נאָכן אלגעמיינעם אויפשטאנד איז דע־גאנגען צו אן ענלעכן מעמד, ווי דאס געטאָ נאָכן גירוש.

טער אַקציע. דאָס זעלבע איז געשען מיט דעם רוב בילדער פון יידישע מאָלער אין פריוואטע הייזער, אין אינסטיטוציעס און אין זייערע אייגענע דירות.

.10

בשעת דער מלחמה האָבן די מאָלער געלעבט טיילווייז פון זייער קונסט. די געטאָ־אויטאָנאָמיע האָט ארויסגעבראכט געוויסע מעגלעכקייטן, וואָס די קולטור־עסקנים האָבן זיך באמיט אויסצונוצן לטובת שרייבער און קינסטלער. צוו. אנד. האָט דער „צענטאָס אויסגעשריבן א קאָנקורס אויף א פלאקאט צום „חודש פון קינד“, געמאכט אן אויסשטעלונג פון די פראָיעקטן אין בנין פון דער יודאיסטישער ביבליאָטעק און אויסגעצאָלט פריזן פאר די בעסטע ארבעטן. די פלאקאטן פאר דער יידישער קולטור־אָרגאניזאציע, וואָס האָט געארבעט כמעט אָפן אונטערן דעקמענטעלע פון הכנסה־אונטערנעמונגען לטובת די קיכן און אנדערע הילפס־אינסטיטוציעס — פלעגט קאָמפּאָנירן און אויספירן אין עטלעכע האנטגעמאָלענע עקזעמפליארן א יונגע טאלאנטירטע גראפיקערין. דעם פאמיליען־נאָמען אירן קאָן איך זיך נישט דערמאָנען. איך זע פאר מיר איר יונג סימפאטיש פנים, איך געדענק, אז זי האט געהייסן רחל. דאָס איז געווען א נייער טאלאנט אויסגעפונען און פראָטעגירט דורך א העכערן באאמטן פון „זשאָס“, א ברודער־זון פון ליטווינאָוו, מיטן נאָמען וואלאך. דער פאָרזיצער פונעם יודענראט, אינזש. טשערניאקאָוו האָט באשטעלט ביי די מאָלער ארבעטן צו דעקאָרירן זיינע רעפּרעזענטאציע־אפּארטאמענטן אין קהלה־בנין אויף גזשיבאָווסקע 26 און אין זיין פריוואט־דירה, אין א. ג. „ווייסן הויז“ אויף כלאָדנע 20. די מאָלער טראכטער, פרידמאַן און פוטערמאַן האָבן אויך דעקאָרירט דעם זיצונג־זאל פון יודענראט, אָנגעמאָלן דאָרט א ריזיקע לייוונט צו א פרעסק א.ד.ט. „איוב“. אויך אנדערע יידישע אינסטיטוציעס, צוו. אנד. דער סוחרים־ און קליינהענדלער־פאריין, וואָס זענען געווען אין געטאָ טעטיק, האָבן געטראכט צו שטיצן די מאָלער, באשטעלט ביי זיי שילדן, אויפשריפטן, עטיקעטן א. ד. גל. אחוץ דעם פלעגן די מאָלער צוגלייך מיט די שרייבער געניסן פון די „זשאָס“־סובסידיעס און שפייז־פראָדוקטן פון די יידישע מאגאזינען.

אָט אזוי האָבן זיי געלעבט און געראנגלט זיך מיט דער נויט ווי עס האָט זיך געלאָזט.

אָבער איך האָב פון זיי פארלאנגט עפּעס מערער. וויפל מאָל איך פלעג באגעגענען די מאָלער אין די צייטן פארן גירוש, פלעג איך זיי שטענדיק אגיטירן, אז זיי זאָלן צייכענען ד פיזיאָנאָמיעס פון די מענטשן געשוואָלענע פאר הונגער, פון די קינדער וואָס האנדלען אויף דער גאס און פארנעמען זיך מיט שמוגל; איך האָב צו זיי געטענהט, אז זיי טאָרן נישט פארביילאָזן די איינציקע געלעגנהייט צו שטודירן און פארפיקסירן דערשיינונגען, וואָס קיין אויג פון א קינסטלער פון קיין שום פאָלק האָט נאָך נישט געהאט קיין געלעגנהייט צו זען. עס האָט זיך געהאנדלט וועגן דעם, עס זאָלן פארבלייבן פארטיפּטע, קינסטלערישע דאָקומענטן פון דער אויסטערלישער און שרעקלעכער צייט, דאָקומענטן פון איבער אלץ גע־

שטייגערטן מענטשן־לייד. איך געדענק, ווי איינער פון זיי — דאכט זיך, אז דאָס איז געווען ראבינאָוויטש — האָט מיר דערויף געענטפערט, אז ער איז מיט מיר נישט מסכים. איצט — האָט ער געזאָגט — דארף מען דווקא מאָלן זאכן זוניקע און ליכטיקע, וואָס זאָלן סיי דעם קינסטלער, סיי דעם צושויער געבן א מעגלעכקייט ארויסצורייסן זיך פון דער בייזער ווירקלעכקייט. ערשט ווען די היינטיקע ווירקלעכקייט וועט ווערן פארגאנגנהייט, וועט מען זיך דערמלט קאָנען צו איר אומקערן און זי געשטאלטיקן.

נישט געקוקט אויף די דאָזיקע חקירות האבן פון דעסטוועגן סיי ראבינאָוויטש, סיי די אנדערע מאָלער געהאט פולע טעקעס מיט אקטועלע שקיצן און סטודיעס, וואָס זענען אָבער ליידער סרוב פארלוירן געגאנגען אין חורבן.

איך האָב באדויערט, וואָס אין געטאָ איז נישטאָ קיין מאָלער אין פאָרמאט פון א גאָיא, וואָס האָט זיך בשעת דעם שפאנישן קריג בון זיינע יאָרן נישט געקווענקלט צו דערפילן די שליחות פון א מאָלערישן כראָניקאר. קוקנדיק מיטן אויג פון א לאיקער אויף די גאסן פון דער פארמאכטער שטאָט, האָב איך געזען, אז עס וואלגערן זיך דאָ ממש אונטער די פיס אוצרות פון פארטיקע אינפערנאלע קאָמפּאָזיציעס, וואָס מען דארף אויפכאפּן און לעבעדיקערהייט איבערטראָגן אויף דער לייוונט. קיין שום דעפאָרמאציע איז שוין נישט געווען נויטיק. מען האָט גיכער געדארפט דעמפן די ספּאָנטאנע עקספרעסיע פון די געזעענע בילדער. די קראנקע ווירקלעכקייט האָט זיך אליין מאָדעלירט און צוגעשניטן אויף אן איינמאָליקן, בולטן און מעכטיקן אופן. איך האָב געטראכט, אז די טעמאטיק איז פאָרט נישט קיין זאך אָן א באדייטונג, ווי מען האָט אונז איינגערעדט אין משך פון אסך יאָרן, אז די גרויסע טעמע קאָן ווערן דער מקור פון גרויסער אינספּיראציע.

— משוגע און געניאל דארף מען ווערן פון אָט דעם אלעם — האָב איך געטענהט צו די מאָלער...

פונקט אזוי האָב איך צוגערעדט דעם יונגן רעזשיסער וויסקינד, דעם באליבטן תלמיד פון לעאָן שילער, די אויפגייענדיקע האָפענונג פון דער יידישער בינע — אז ער זאָל גיין איבער די גאסן פון געטאָ און זיך גוט נאָטירן אין זכרון דאָס וואָס ער זעט. ער זאָל זאמלען מאטעריאל צו דעם גרויסן פילם, וואָס מען וועט אמאָל באדארפן אָנדרייען, כדי צו ווייזן דער וועלט, צו וואָס עס איז דערגאנגען דער מענטש, בעת ליגן און רציחה איז געוואָרן א מלוכה־סיסטעם.

און מיר האָבן נאָך דעמלט נישט געוווסט, אז דאָס, אויף וואָס אונזערע אויגן קוקן איז בלויז א באשיידענער פאָרשפּיל, שיר נישט אן אידיליע אין פארגלייך מיט דעם וואָס וועט ערשט קומען.

און ווען „דאָס“ איז געקומען איז אומגעקומען וויסקינד און עס זענען אומגעקומען די מאָלערס. אלע ביז איין מאן...

.11

אך, פארדאָן, וועגן איין מאן א קליינע הכחשה. פון דעם גאנצן כלל באקאנטע יידישע מאָלער

האָט זיך געהאט, ווי דער איינציקער פאָרשטייער זייערער, אָפּגעראטעוועט פעליקס פרידמאַן. ער האָט זיך בשעת דער ערשטער אקציע געפונען אין אָטוואָצק און האָט אדאנק דעם נישט פיגורירט אין דער רשימה פון דעם שלייפשטיין־שאָפּ, וואָס איז מיט אזויפיל מסירת־נפש מאָנטירט געוואָרן דורך זיינע קאָלעגן אונטער דער פירמע קארל היינץ מיללער. ווי אזוי אים האָט זיך איינגעגעבן אויסצומיידן די אקציע אויף דער אָטוואָצקער ליניע, געדענק איך שוין נישט, הגם איך האָב די מעשה געהערט. דאָ איז דער אקטיווער טייל געווען, דאכט זיך, זיין בלייבע, יונגע פרוי, וואָס האָט זיך מיט אלע מעגלעכקייטן געראנגלט קעגן אומקום. אין הארבסט 1942 האָט פריד־מאַן דורכגעמאכט א לונגען־אנטצינדונג און עס האט זיך ביי אים באקומען, אָדער באנייט געוואָרן — א טובערקולאָז. זיין פרוי האט זיך איינגעגעבן אריינ־באקומען אין שאָפּ פון שולצן אויף נאָוואָליפּיע גאס און אים האט זי געשיקט אין נייעם געטא. דאָ זענען די לעבנס־באדינגונגען געווען א ביסל גרינגער און פרייער. מען איז מער געווען צווישן אייגענע.

און דאָ טאקע האָב איך אים איינמאָל צווישן דער ערשטער און צווייטער אקציע געזען, פרידמאַנען. איך האָב אים געטראָפן אויפן געביט פון אפּראָוויזאציע־אנשטאלט פראנצישקאנער 30. אין ווארט־שטוב פון אונזער אלעמענס געטרייען באשיצער און פארזאָרגער, דעם אפּראָוויזאציע־ראטמאַן שמואל ווינטער.

אן אָפּגעמאָגערטער און אויסגעדארטער בפירוש ווי א שטעקן, אן אָפּגעשוואכטער ביז גאָר, א בלייכער און א צעקראָכענער, ווי א קראנק קינד, האָט פרידמאַן מיט זיין גרויסער, ביינערדיקער, פאָרויס־שטארצנדיקער נאָז (צוויי מאָל אזא גרויסער און בייז־נערדיקער ווי פריער) אויסגעזען ווי א—בוזשיק. ווי יענער טראגישער הארבסטיקער בוזשיק פון דיגאשינסקיס א דערציילונג וואָס בלייבט מיט א צעבראָכענעם פליגל אן איינזאמער און פאר־לאָזענער צווישן די ארום אים פארפרירנדיקע זומפּן, בשעת זיינע ברידער פליען אָפּ אויף ווינטער אין די ווארעמע לענדער...

דאָס ווארעמלאנד, וווּהין פרידמאַנס ברידער זענען אָפּגעפלויגן האט סך־הכל געהייסן טרעבלינקע.

אָבער פרידמאַן האָט געבענקט צו זיי. און עס האָט טאקע נישט לאנג געדויערט ביז ער איז אוועק זיי אַנטקעגן.

צוליב דעם שווערן מצב פון זיינע לונגען, האָט מען ענדע דעצעמבער 1942 אריינגעגעבן פרידמאַנען אין דעם שפּיטאָל אויף גענשע 6. דאָרט האָט ער זיך דעם 18 יאנואר 1943 דערוואַרט די צווייטע אקציע. מיט פרידמאַנען איז פּונקטסטוועגן געשען א זאַך, וואָס טוט אונז אביסל טרייסטן. א באמת בארעמהאר־ציקע שוועסטער, א יידישע פלעגערין, וועלכער מען האָט ביים אריינגעבן דעם חולה אין שפּיטאָל אריין, רעקאָמענדירט אים אלס א חשוב, א קינסטלער — האָט געטון מיט פרידמאַנען א גרויסן חסד. ווען עס איז אָנגעקומען יענעם שווארצן דינסטיק אינדער־פרי א מעלדונג, אז דער שפּיטאָל מיט אלע קראנקע דארף אין משך פון איין האלבער שעה אויסרוקן אויפן אומשלאג־פלאץ — האָט זי אין דער גאנצער בהלה וואָס האָט אויסגעבראָכן אין שפּיטאָל, געפונען צייט און קאָפּ צו מאכן פרידמאַנען א מאָרפין־אינ־יעקציע. נאטירלעך אביסל א גרעסערע ווי געוויינ־לעך...

זי האט עס באוויזן צו טאן נאָך איידער פרידמאַן האָט זיך דערוווּסט וואָס עס קומט פאָר. אן איינגע־שלעפערטער אויף דעם אופן אויף אייביק, האָט ער פארשפּאָרט מארשירן צווישן דער מחנה קראנקע אין א קאָץ אָנגעוואָרפן אויף דער הוילער וועש און אין שטעק־שיך אויף די בארוועסע פיס ביי 20 גראד פראָסט צום אומשלאג־פּלאץ. פארשפּאָרט די רייזע אין פארפּלאָמבירטן וואגאָן קיין טרעבלינקע. פאר־שפּאָרט קודם כל די פּאָרציע גאז אין דער גאז־קאַמער...

דער העלדישער פלעגערין קומט דערפאר א גרוי־סער, גרויסער דאנק מצד אלע די, וואָס האָבן פריד־מאַנען געקענט. און אזוי ווי זי — ווארשיינלעכער פון אלץ — לעבט שוין נישט מסתמא — לאָמיר בייגן די קעפּ איבער איר נישט עקזיסטירנדיקן קבר.

כבוד איר אָנדענק!

כבוד דעם אָנדענק פון אונזערע קדושים די יידי־שע מאָלער פון ווארשע!

יזכור אלהים את נשמתם עם נשמותיהם של כל אחיהם שנהרגו על קידוש השם.

## ישעיה שפּיגל

# ווו וועלן מיר לייגן אונזערע קעפּ

נאַכט. ס'ברענט אין שטאָט די לעצטע שול.
אָנגעצונדן ס'ראָט דער שונא צו גאָט די לעצטע טרעפּ.
איך גיי מיט זיי, מיט אַלע נע־ונדניקעס אויף דעמער־וועגן:
– ווו וועלן מיר היינט אַוועקלייגן אונזערע קעפּ?

די לעצטע שולן ברענען אין די שטעטלעך. ס'טליען אַלטע קלויזן,
ווו אין די ווינקלעך זיצט נאָך יעצט די שרעק פון גזירת ת״ח,
– ווו וועל איך, גאָט, מיט אַלע די פאַרטריבענע,
אַוועקלייגן דעם קאָפּ היינט ביינאַכט?

אין ערגעץ נישט. די לעצטע שולן ברענען. ס'ברענען אַלטע קלויזן,
אין רויטן אַש גייט אויס די לעצטע הילצערנע טרעפּ;
אָ, גאָט, פון אַלע הייליקע נע־ונדניקעס,
– ווו וועלן מיר היינט ביינאַכט לייגן אונזערע קעפּ?

1940

# מיר וועלן אינמיטן נאַכט...

מיר וועלן אינמיטן נאַכט אַרויסגיין ביידע צו די דראָטן
קיינער זאָל נישט וויסן–
און הייסן דאָרט די ערשטע בעסטע ביקס
צו אונז שיסן.

ס'איז סיי ווי סיי אונז ביידן מער דאָ נישט געבליבן,
ווי דעם קאָפּ לייגן אויף די דראָטן.
אַ גרינגע נאַכט וועט פאַלן איבער אונז,
אַ גרינגע נאַכט מיט שטערן און מיט שאָטן.

אַרומגענומען ביידע מיט די הענט,
מיר וועלן דאָרטן ליגן, ליגן...
און צופוסנס פון אַ ביקס וועלן נאָך די שטערן
אונז וויגן, פאַרוויגן...

---

## יצחק פּערלאָוו

# אַמו־דאַריאַ און סיר־דאַריאַ

1

אייראָפּעס שנאה טראָג איך אויף מיינע שמאָלע אַקסל,
ווי אַ קאַטאַריניאַזש – זיינע גרויע פייגל.
פון פוילן אויסגעוואָרצלט, אין ערגעץ איינגעוואַקסן,
אין אומהיימלעכע ווייטן קוקן מיינע אויגן.

וואָס־זשע איז דער וווּנדער, וואָס קינדווייז, אָפט, איך האָב עס
נייגעריק געדרייט דעם קיילעכדיקן גלאָבוס?...
צי קען־זשע נישט פאַר מיר זענען די אַלע פאַרבן?
ווו־זשע זאָל איך קומען? ווו לעבן און ווו שטאַרבן? –

האָט דער גורל דאַן געלאַכט פון מיר געוויס:
„די הענט אַוועק פון גלאָבוס! יעצט טאַפּן מיט די פיס!” –
טאַפּ איך נאָך פון וואַרשע, טאַפּ איך ביז טאַשקענט –
איז יעדער פוס אַ סנה, וואָס ברענט און ווערט נישט פאַרברענט.

געקילט כ'האָב זיי אין בוג, געקילט כ'האָב זיי אין דניעפּר,
אין דער וואָלגאַ־מאַמע, ווי אַ טרעמפּ אַ שלעפּער.
ביז אין קאַראַ־קומער מדבר דעם צעגליטן,
האָט מיין וואַנדער־שטעגל זיך אריינגעטניטן. —

אַ פליייץ־געטון אַנטקעגן האָט מיר אַמו־דאַריאַ,
אַ פליייץ־געטון אַנטקעגן האָט מיר סיר דאַריאַ.
זיי מינטערן אַ יידן, (אַ יידן — אויך אַ מענטש!...) —
אַ, מיטל־אַזיעס טייכן, מיט קילקייט זייט געבענטשט!

ליג איך אַ פאַרשמאַכטער אין זינגענדן קאַמיש
און מיינע פּיאַטעס קילן דאַריאַער וועלן פריש.
דערציילן זיי מיר מעשיות, מעשהלעך אַסך,
ביז צו חלום קומט מיר דער ירדן פון תנ"ך — — —

טאַשקענט 1941

---

## מענדל מאַן

# צעאַקערטע ערד

ווי נאָר איך האָב איבערגעטרעטן די שוועל
פון דיין הילצערנער שטוב,
האָט דיין באַלעבאָסטע דעם קופּערנעם סאַמאָוואַר געשטעלט,
און מיט אַ שמייכל, וואָס איז מיר געווען אַזוי ליב,
צום טיש פאַרבעטן, אַ געגרייטן מיט אוגערקעס און זויערע קרויט
און איך האָב פון טאַש אַרויסגענומען
מיין נאַרמע שוואַרצן ברויט.
מיר האָבן געשוויגן. דו האָסט באַטראַכט
מיינע מאָדנע קליידער און מיינע טיך,
און אָפּגעטרעטן דיין געלעגער אויף ביינאַכט
אויבנאָן, אויף די וואַרעמע ציגל פון אויוון־קיך,
און צומאָרגנס —
האָסט מיט דיין האַנט געטרייסלט מיך אין קאַיאָר:
„העי, צייט צום קאָננעם דוואָר"
איך האָב זיך צוגעקוקט ווי דו טוסט דיינע לאַפּטעס אָן
און וויקלסט די שטריק סימעטריש ווי רצועות.
איך האָב ס'ערשטע מאָל דאָ דערזען, ווי כ'פלעגט דער באַגינען אָן
אין ס'ציטערן אין מאַקשאַ־טייך אַמאָליקע פאַרגאַנגענע שקיעות...
האָסט מיך געלערנט שפּאַנען פערד,
געוויזן ווי אַזוי מ'אַרט די דוגע צום דישל פאַרפעסטיקן,
געלערנט אַקערן די ערד
און ווי אַזוי מ'דאַרף פעלדער באַמיסטיקן.
האָסט פון מיר הילביק געלאַכט.
פאַרוואָס איך רייס מיט דער פּיאַטע פון דער קאָסע דאָס גראָז,
און זיי ווילן זיך פאַר מיר נישט בייגן
און לאַנג נישט געטראַכט —
אַ פּאָר געטאָן מיט דער קאָסע אַ האַלב קרייז,
און ס'האָבן די גראָזן גענומען צו די פיס זיך לייגן.
האָסט געלערנט מיך אונטערשניידן די רעבסטע טאָסנעס
און איך זאָל באַשטימען פון פריער די ריכטונג פון איר פאַלן
און פאַרגרייטן האָלץ אויף די בלאָטיקע וויעסנעס,
ס'זאָל זיין פיל דער הויף און די שטאַל.
האָסט געלערנט מיך סקירדעווען, אָנגעטאָן אויף ווילעס פולע קופּנס היי.
האָסט געוויזן ווי אַזוי מען לייגט בינטן קאָרן, זעקס מאָל צו פיר אין אַ ריי,
דער לעצטער בינט פאַרקערט, ס'זאָלן פייגל נישט פּיקן די זאַנגען.
אַז ס'איז געקומען די צייט פון מיטאָג
זענען מיר מיט הילצערנע לעפל צום פייער געגאַנגען
און זיך אויסגעזעצט אין אַ ראָד.
פונדערווייטנס האָבן זיך צעהירזשעט געפּענטעטע פערד.
און איך האָב ס'ערשטע מאָל דערפילט
דעם ריח פון צעאַקערטער ערד.

לאָדזש 1946.

# וואלגע־סטעפ

וואָלגע־סטעפּ אין מ טן ווינטער־נאַכט.
די שטערן צאַנקען איי. בלויער שנ־י.
איך צייכן דער ערשטער מיטן שליטן דעם שליאַך,
צום נאָענטן דאָרף „טענגושיי״.

דאָרט ווו ס'ענדקט זיך דער שניי,
הויבט דער הימל זיך אָן,
מייז של טן פליט.
אָט וועט ער דעם האַריזאָנט טונקל צעפּראַלן.
שטערן אַרום די פערד פאַלן.
איך דעררײַער צום ערשטן מאָל
דעם געשריי פון מיין זון,
וואָס כ'פיר פון געבורט־שפּיטאָל.
דער האָריזאָנט ווערט
נענטער און נענטער באַטש ריר אים אָן.
ס'האָט זיך צעקרייט איי אַ דאָרף דער ערשטער האָן.

און פּלוצים האָבן מיינע פערד
אַריינגעריסן זיך אין סאַמע מיטן.
דאָרט ווו ס'גייט אויף דער באַגינען אין פלאַמען,
האָט זיך צעקלונגען אין וואָלגע־סטעפּ אַ שליטן
מיט געוויין פון נייגעבוירענעם זון פון אַ יידישער מאַמען.

לאָדזש, 1945.

---

**יהודה עלבערג**

# אַ מעת־לעת אין מיין הויף

(רעפּאָרטאַזש פון וואַרשעווער געטאָ)

א טונקעלער הויף, א הויכער, שמאָלער קאַסטן. אין דערמיט הויף — א גערטל מיט פארשטויבט גראָז און איין איינציקן שווינדזיכטיקן בוים. פונוואנען אָפענע פענצטער האבן אמאָל געשלונגען פרישע לופט.

אין דעם גערטל ליינט מען היינט ארויס מיסט. אמאָל האָבן אין דעם הויף געוווינט אכציק נפשות, היינט איבער זעקס הונדערט. איז דער מיסט־קאַסטן צו קליין און דאס גערטל איז צו קליין. שלינגט דער מיסט־בארג איין דעם הויף שפּאן נאָך שפּאַן. דער בוים איז שוין ביז איבער דער העלפט שטאם פארשאָטן מיט מיסט. ס'זעט אוים, ווי עפּעס וואָלט אים וואָס אמאָל טיפער אין דער ערד געשלעפּט און די צווייגן שפּרייטן זיך אויס ווי הענט און רופן הילף.

נישטאָ מיט וואָס צו הייצן, איז קאלט אין די ווינונגען, ווערן איינגעפרוירן די וואסער־ און קאַנאליזאציע־רערן, ווערט אלץ ארויסגעגאסן אויף דעם הויף. די שטובן ווערן פול מיט שמוץ און דער הויף מיט צואה.

„אמר ר' יהושע בן לוי", — נאָך אין האלב־שלאָף הער איך דעם טרויעריקן ניגון פון שלמהלע געררערס מאָרגן־שיעור. נעכטן, ווען איך בין אנטשלאָפן געוואָרן שפּעט ביינאכט, האָט ער נאָך געלערנט. איצט, פּאַרטאָג, לערנט ער שוין ווידער און זיין טרויעריקע שטים טראָגט זיך פון דער קעלערשטוב איבער דעם שלאָפנדיקן הויף. איינציקווייז נעמען אויפלויכטן שפּארעס אין די שווארצע פּאַפּיר־ראָלעטן, וואָס פארשטעלן די פענצטער. דער הויף וועקט זיך.

עס סקריפּעט דער טויער. ס'גייען ארוים פון הויף ארבעטער צו דער ארבעט און הענדלער צו דער „מעטטא" *), ס'קומען אריין אין הויף די ערשטע מיסט־קלויבער.

א גאנצע נאכט האָט מען געקעמפט מיט די ביישלעפער איבער א שטיקל פארלויזטער דעק און געקאָרטשעט זיך אין ווייטיק: פון קעלט, וואָס האָט זיך איינגעגעסן אין די ביינער, פון הונגער, וואָס האָט געדרייט די קישקעס, פון לייז, וואָס האָבן זיך איינגענעסטיקט אין צעפוילטע ווונדן. אז די מידקייט האָט גובר געווען דעם ווייטיק און א שלאָף האָט די אויגן געשלאָסן, האָבן זיי זיך אויפגעריסן מיט אומרו, און ווען ס'האָט נאָר גענומען בלויען אין פענצטער, איז מען ארויסגעלאָפן זוכן א ביסן. ווי גנבים שלייכן זיך די מיסט־קלויבער אריין אין הויף, ס'זאָל זיי נישט באמערקן דער הויז־וועכטער, וואָס יאָגט זיי פון דארט. קוים, וואָס זיי שלעפּן ארויף די שווער־אָנגעשוואָלענע פיס אויף דעם מיסט־בארג, נישטערן צווישן צואה און אָפּפאל אין

---

*) אן אָרט ביי דער געטא־גרענעץ, ווו ס'איז אָנגעגאנגען דער שמוגל.

זוכן א ביסן. געפינט איינער א פארפוילטן קרויט־בלאט, א פארשימלטן רינדל פון ברויט, כאפט ער עס גלייך אין מויל אריין, איידער ס'באמערקט דער „קאָנקורענט" אויף דעם מיסט־בארג און פאָדערט שותפות.

עס קומען די ערשטע הויף־זינגער:

מעות, מעות
מעות איז א גוטע זאַך.
האָסטו נישט קיין מעות
איז צו דיר א קלאָג.
געב אוועק די באָנע*)
זאָג א גוטן טאָג.
מעות, מעות
מעות איז א גוטע זאַך.

דער לערער זילבערשטיין באמערקט מיך בייַם פענצטער, זאָגט ער צו מיר: דער טויט האט בייַ אונז גוט דערלעבט, אז א מענטש שטארבט איז דאָס וויכטיקסטע דערבייַ, וואָס ער גיט אוועק די „באָנע".

די גראבע מארישע, די פרוי פון הויף־קאָמיטעט־פרעזעס, בייזערט זיך, וואָס דער הויף־זינגער וועקט זי פארטאָג. דער הויף־זינגער ווערט נישט נתפעל און זינגט ווייטער:

האָסטו מעות
קאָנסטו שלאָפן ביז ניינע.
האָסטו נישט —
ביסטו פאר א שיינע ריינע.
מעות, מעות
מעות איז א גוטע זאַך.

די פרעזעסאָווע ווערט אין כעס, שטעקט אריים דורכן לופטשיק א קאָפּ מיט צעשויבערטע לאָקן און שרייט: „פאָניע דאָזאָרצאָ, פאָניע דאָזאָרצאָ, ווארפטס אים ארויס"! דאָס ייִנגל האט שוין נישט וואָס אָנצווערן, זינגט ער:

די פאָניע פרעזעסאָווע
מאכט זיך אנדולאציע
און די אָרעמע קינדער
גייען שלאָפן אָן קאָלאציע.
מעות, מעות
מעות איז א גוטע זאַך.

דער עולם איז צופרידן, וואָס מען האט אריינגעזאָגט דער אָנגעפרעסענער נגידותטע, פאלן פינפערלעך פון אלע פענצטער. „פאָניע דאָזאָרצאָ, פאָניע דאָזאָרצאָ", — שרייט די פרעזעסאָווע, אזש א שיַים קומט איר אויפן מויל. דער הויז־וועכטער מאכט זיך נישט הערנדיק. ערשט ווען דאָס ייִנגל האט שוין אויפגעקליבן אלץ, וואָס מען האט אים אראָפּגעווארפן, לויפט ארויס דער הויז־וועכטער מיט א בעזים און יאָגט אים פון הויף.

* * *

דריי באשעפענישן זינגען מיט הייזעריקע שטימען:

אין לאָדזש האָב איך געגעסן עפל מיט פּאָמעראַנצן
היינט עסן מיך אויף די לייז און די וואנצן.

די פנימער בייַ די זינגער זענען איינגעשרומפּן און פארוועלקט. ס'איז פארווישט אין דער צורה דער צייכן פון עלטער און געשלעכט. לויט דעם וווּקס דערקען איך, אז עס זענען קינדער, לויט די קליידלעך, אז עס זענען מיידלעך. זיי ענדיקן זינגען און איינע, — די גרעסטע, מסתמא די עלטסטע פון זיי, נעמט בעטן:

הארציקע מענטשן, רחמנותדיקע מענטשן, שענקט עפּעס פאר דריי יתומים. ווארפטס אראָפּ א שטיקל ברויט, א פארדארטן רינדל, א ביסל קארטאָפל־שאָלן...

ס'קומט אריין אין הויף א פרוי מיט א זאק אויף די פּלייצעס. זי קוקט מיט ביטול אויף די בעטלענדיקע מיידלעך: ברויט האט דא קיינער נישט צופיל און אפילו קארטאָפל־שאָלן, פארוואָס זאָל מען געבן אומזיסט, אז מען קאָן עס פארקויפן.

זי בעטלט נישט, זי קויפט שאָלן און פארקויפט זיי צו אירע שכנים אין פונקט. עפּעס בלייבט שוין פאר איר אומזיסט, מאכט זי דערפון מעדנים. די שאָלן צעמאָלט זי אויף א פלייש־מיל. אויב זי האט א ביסל ראזעווע מעל, צו די שאָלן, מאכט זי א טייג און בראָט דערפון טייערע קאָטלעטן. ווער שמועסט נאָך, אז ס'מאכט זיך א פארדינסטל און מען פרעגלט עס אויף א ביסל אייל, איז עס גאָר אן אנטיק. האָט מען נישט קיין מעל און נישט קיין אייל, שיט מען די געמאָלענע קארטאָפל־שאָלן אריין אין א טאָפּ, מען גיסט צו וואסער און מען מאכט א זופּ. מילא, פאר דער מלחמה, האָט מען עפּעס בעסערס געגעסן, אָבער ביז גאָט וועט העלפן, קאָן מען מיט קארטאָפל־שאָלן אויך אָנפילן די קישקעס. — ס'זאָל נאָר נישט געפעלט זיין רבונו של עולם!

— שאָלן קויף יאָך, שאָלן, שאָלן! פארהילכט די פרוי דעם הויף מיט אירע אויסרופן. די דריי מיידלעך פרווון אלע צוזאמען איבערשרייען די הענדלערקע, דאן רעזיגנירן זיי און נעמען ארויסגיין פון הויף.

— מיידעלע, מיידעלע, — רופט עמיץ פון א פענצטער, און ווארפט אראָפּ א מטבעה איינגעוויקלט אין א פּאפּירל. איינע פון די מיידעלעך לויפט צו, הייבט אויף און וויקלט אויף דאָס פּאפּירל. אויף איר פנים העלט אויף עפּעס ענלעכס צו א שמייכל; ס'איז א גרויסע נדבה, א צענערל. באלד פארשווינדט דער שמייכל, מען דארף אזוי פיל צענערלעך צו קויפן א שטיקל ברויט...

* * *

ברוכל בראוומאן קומט צו לויפן פון גאס. ער האט מסתמא ווי יעדן טאג געברענגט א גאנצן פּאק מיט בשורות. אז מען דערזעט אים, גייט מען אראָפּ אין הויף הערן. מען ווייסט, ער איז א פאנטאזיאר און מגזם. קיין איינע פון זיינע „נייעסן" האָבן זיך נאָך קיינמאָל נישט באשטעטיקט. אָבער דאָך איז גוט צו הערן... ארום ברוכלען שטייען אלע שכנים און ער, א צעקאָכטער, דערציילט: פינצטער געוועזן די נאכט. האָ? א שניי־שטורם. האָ? די ענגלענדער האָבן נאָר דערויף געוואַרט און תיכף, ווען ס'האט זיך אָנגעהויבן דער שטורעם און די יעקער האָבן זיך פארשטעקט אין די לעכער, איז אן ענגלי־

*) באָנע — לעבנסמיטל־קארטע. אז ס'איז עמיץ געשטארבן, האט מען אויף געטא־זשארגאָן געזאָגט: ער האט אוועקגעגעבן די באָנע.

שע שיף צוגעפּאָרן צום ברעג אין גדיניע און אַרויסגעזעצט א דעסאנט „שווארצע“*).

— אין ווינטער „שווארצע“? — רייסט אים עמיץ איבער, — זיי וואָלטן גלייך איינגעפרוירן.

— פארלאָזט זיך אויף די ענגלענדער, שמייכלט ברוכל. פעלצן, מיט פוטער־שטיוול, מיט עלעקטרישע טאשן־איוועלעך. זיי נייען שוין אויף לאָדזש. כ'האָב זיך נערעכט, אז ס'וועט זיך עפּעס מאכן. עס געדענקט, כ'האב דערציילט, אז דער ראָפּטשיצער האט געניי אויסגערעכנט „זייער“ מפּלה אויף פּורים. עפּעס א בארימטער להבדיל, העל־זעער און ספּיריטיסט האט אויסגערעכנט אויף אפּריל. איז מיר אין אָנהייב געווען קשה: פּורים איז דאָך גאָר אין מערץ, ערשט דערמאָן איך זיך, אז ס'איז היי־יאָר אן אי־בער־יאָר און פּורים וועט טאקע אויספאלן אין אפּריל. נו, וואָס זאָגט איר יעצט?

קיינער גלויבט נישט אין ברוכלס ניסים, אָבער קיינער וויל זיי נישט אָפּלייקענען. מען מוז האָבן ניסים, אָן ניסים וועט זיין שלעכט...

עמיץ דערציילט וועגן א גרויסער קאָנטער־אָפּענסיווע. די דייטשן לויפן צוריק אין בהלה. די דוויגע איז פול מיט זייערע פּגרים.

דער לערער זילבערשטיין לאָזט נישט ענדיקן. מילא, ברוכלס מעשיות נעמט באלד קיינער נישט ערנסט. אָבער אויסטראכטן קאָנטער־אָפּענסיוועס, האט דאָך נישט קיין זין. אז ס'איז גאָר פּונקט פארקערט, אָט האט איר די ציימונג.

מען לאָזט אים נישט רעדן. „ער ברענגט ראיות פון די דייטשע צייטונגען, א בפירושער „קוריער ווארשאווסקי“. נו? אז דער מענטש האט ליב די המנס, אז ער גלויבט אין זייער שמאטע־צייטונג ווי אין א בפירושער גמרא“.

בזשאָזאָווסקי קומט אָן פון גאס און קומט צו צום רעדל. מען ווייסט, אז ער האָט אלעמאָל ידיעות פון ראדיאָ. ווענדן זיך אלע צו אים: וואָס הערט מען, בזשאָזאָווסקי?

— וואָס מען הערט? גאנץ גוט. זיי האבן גוט אריינגעכאפּט. זיי האבן זיך צוריקגעצויגן אויף זעכס קילאָמעטער.

— אויף 6 קילאָמעטער? — צעלאכט זיך זילבערשטיין, — זיי נעמען איין הונדערט און ציען זיך צוריק אויף זעקס קילאָמעטער און די בהמות האלטן אין איין שרייען, אז ס'איז גוט.

— טאָ וואָס ווילט איר, בייזערט זיך ברוכל, מען זאָל פארברעכן די הענט, מען זאָל זיך מיאש זיין און חלילה ווי יענע דארט, זי זאָל עס מיר מוחל זיין...

בעתן זאָגן „ווי יענע דאָרט“, ווייזט ברוכל מיטן פינגער אין א ווינקל הויף, ווו עס ליגט א פרוי, וואָס האט זיך נעכטן אראָפּגעוואָרפן פון פינפטן שטאק.

— דאָס ווילן זיי דאָך, די שונאים, זאָגט א שכן. אָבער א קרענק וועלן זיי עס דערלעבן! ס'זאָל אפילו געדויערן חלילה ביז כ'ווייס ווען, עמער אויסהאלטן.

ס'ווערט נישט פריער ליכטיק, ביז ס'ווערט גאנץ פינצטער און ווער ס'פארברעכט די הענט. ווען די זון גייט אונטער און מיינט, אז ס'וועט שוין קיינמאָל קיין טאג נישט זיין, דער איז א משוגענער.

— אוי, ס'וואָלט שוין געמעגט אויפגיין די זון, ס'איז שוין גענוג און גענוג פינצטער, זאָגט אן אנדערער שכן. נעכטן האט פראנקענשטיין ווידער דערשאָסן עטלעכע „פּלאצוווקאזשעס“*), בעת זיי זענען צוריקגעקומען אין געטאָ אריין נאָך א גאנצן טאָג שווערער האָרעוואניע. היינט, האט מען נעכאפּט ביי דער וואך עטלעכע קינדער, וואָס האבן זיך געוואָלט ארויסשמונגלען אויף דער ארישער זייט, מסתמא געוואָלט אהיימברענגען אביסל קארטאפל אויף שבת, איר האט באדארפט זען, אונטער וואָס פארא וואך, מיט אויסגעשטרעקטע ביקסן מען האָט די זיבן־אין־אכט־יעריקע פארברעכער אָפּגעפירט אין דער „גענשוווקע“**).

פלוצים דערהערט מען אן אויטאָ דורכפאָרן דורך דער גאס. אן אויטאָ אין געטא — באדייט „געשטאַפּאָ“. ס'פארשווינדט פון הויף יעדעס לעבעדיקע באשעפעניש. א טויט־שטילקייט נעמט ארום דעם הויף, ווי אלץ וואָלט אויסגעשטארבן.

שלמהלע גערער רייסט איבער דעם מאָרגן־שיעור, א מאמע פארשטעלט דאס מויל פון א וויינענדיק קינד, אפילו א געשוואָלענע מיסט־קלויבערקע פארגעסט דעם הונגער און לויפט זיך באהאלטן. ס'דוכט זיך, אז אפילו די טויטע זעלבסטמערדערין האָט זיך פארוקט מער אין ווינקל. איבער דעם הויף בלייבט ווי א שווערער וואָלקן הענגען טויט־שרעק.

נאָכדעם ווי מען הערט דעם אויטא צוריקפארן קומט מען איינציקווייז ווידער ארויס אין הויף. איינער שלייכט זיך ארויס אין גאס, געוווירווערן וואָס ס'איז געשען. ער ברענגט באלד דאָס נייעס: פון נומער 59 ארויסגענומען 4 מענטשן...

— פארוואָס? — פרעגט איינער.

— כאַרוואָס? — לאכט אן אנדערער מיט סארקאזם, „זיי“ מוזן דען האבן א פארוואָס?

* * *

דער הויז־וועכטער עפנט ברייט דעם טויער. ס'פאָרט אריין אין הויף אן עגלה.

— ווער איז געשטארבן? — פרעגט איינער.

— ביי האָראָוויטשן איז געשטארבן דער זון, ביי די גלייטמאנס זענען די נאכט צוויי געשטאָרבן: גלייטמאן און זיין טאכטער. דער זון ליגט נאָך אין גרויסער היץ.

— ס'וועט נישט לאנג געדויערן, וועט מען נישט פרעגן ווער ס'איז געשטארבן, נאָר ווער ס'איז געבליבן — רופט זיך אָן א שכן. ס'וועט זיין וויינציקער אויסצורעכענען. אָט האט איר אין איין נאכט דריי טויטע. די פינעף, וואָס מען האט אוועקגענומען אין לאגער אריין, קאָנט איר שוין אויך אראָפּרעכענען. איר זעט דאָך, ווי ס'זעט אויס אבראמאָוויטש נאָך דריי וואָכן זיין אין לאגער. היינט טי־

*) קאָלאָניאַל־מיליטער.

*) יידן, וואָס זענען יעדן טאג ארויסגעגאנגען פון געטא צו דער ארבעט ביי די דייטשן.

**) תפיסה אין געטא אויף גענשע גאס.

פוס־קראנקע — זעכצן האט מען גענומען אין שפּי־
טאל אריין און וויפיל קראנקע זענען נאך דא, וואס
ווילן נישט גיין אין שפיטאל אריין און מען זאגט
נישט אויס, אז זיי זענען קראנק...

— וואס איז דען דער וווּנדער? שפּיטאל איז א
זיכערער טויט. דריי, פיר קראנקע אין איין בעט און
איינער, איר זאלט מיר מוחל זיין... אויף דעם
צווייטן.

דער עולם נעמט באוואונדערן די עגלה: א פאר־
מלחמהדיקע, מיט שווארצן טוך, אין פערד גע־
שפאנט. נישט יעדער איז היינט זוכה צו אזא עגלה.

— און אזוי פרי געקומען... די זעלבסטמערדעריין
ליגט שוין דעם דריטן טאג און מען קאן זיך נישט
דערבעטן, מען זאל זי צונעמען און האראוויטשעס זון
איז ערשט ביינאכט געשטארבן, ס'איז נאר טאג גע־
ווארן און ס'איז שוין דא אן עגלה.

— פּראָטעקציע קומט צונוץ אפילו נאכן טויט...

די עגלה נעמט ארויספארן. דער עולם באגלייט זי
ביז צום ראג.

* * *

— פּאָמעראנצן, באנאנען, אנאנאסן! — רופט א
קוויטשענדיק פרויען־קול. אז מען פרעגט זי אויף קא־
טאָוועס, צי זי האט טאקע פּאָמעראנצן, ענטפערט זי:
נאך בעסערס ווי פּאָמעראנצן! אָן פּאָמעראנצן קען
מען לעבן, אָבער פּרוּווט לעבן אין געטא אָן קאר־
טאפל.

— פארוואס פארשטייט איר נישט — מישט זיך
אריין א שכן — ווען קארטאפל זענען געווען א
מאכל זענען פאמעראנצן געווען פּאָמעראנצן, אז
היינט זענען קארטאפל־שאלן א מאכל, זענען קאר־
טאפל — פּאָמעראנצן.

— „א האנדי, א האנדי, א האנדי"! פארהילכט
דעם הויף א שטארקע באס־שטים. דאס שרייט אזוי
א קליין, איינגעדארט יידל, ער פארייסט זיין געל
בערדל ארויף צו די פענצטער און רופט: אלטווארג
קויף יאך, אלטווארג, אלטווארג, א האנדי!

די קארטאפל־שאלן־קויפערין פּרוּווט אים אי־
בערשרייען, אָבער דאס געלע יידל פילט זיך תקיף.
ער ווייסט, אז אויב איינוואוינער פון הויף וועלן נישט
אויספארקויפן זייער ביסל האב, וועלן זיי אליין
דארפן זוכן קארטאפל־שאלן.

אין דער זייט שטייט א ייִנגעלע, וואס האלט זיך
קוים אויף זיינע שוואך אנגעשוואלענע פיס און זינגט
א ליד. זיין שוואך קולעכל ווערט פארטויבט דורך
די געשרייען פון דעם געלן הענדלער. אבער ער טוט
דאס זייניקע. די מאמע וואס קאן שוין נישט גיין,
האט אים געהייסן גיין און זינגען, גייט ער און זינגט.

פּלוצים ווערט דער הויף פול מיט אויסטערלישע
געשרייען. ס'איז געקומען א „פּראָפעסיאנאַליסט". א
פארמלחמהדיקער בעטלער. די קאנקורענץ איז
גרויס, מוז מען געבן א ספּעציעלע אטראקציע. ער
קוקט מיט ביטול אויף די ניי־אויפגעקומענע בעט־
לער, וואס זינגען לידער און בעטלען אזוי שלימזל־
דיק. וועמען ליגט היינט אין קאפּ לידער און וואס
פארא יחסן איז א הונגעריקער... ער מאכט עס פאכ־
מעניש. ער גייט נישט, נאר ער ריטשט זיך אויף אלע
פיר. ער רעדט נישט, נאר ער ריטשעט ווי א געקוי־
לעטער אָקס. ער איז א לאָמער? א שטומער? א מיזו־
גענער? ווער ווייסט אים? נאר אז מען הערט אזא
געיאמער, גייט מען צו צום פענצטער א קוק טאן
און אז מען איז שוין ביים פענצטער — ווארפט מען
שוין עפּעס אראפּ.

* * *

מיין פרוי ברענגט אהיים א ברויט, וואס זי האט
אפּגענומען אויף די באנעס. מען וועט עס לאזן אויף
שבת, זאגט זי און פארשטופּט עס ערגיץ טיף אין
דער שאנק, ס'זאל נישט רייצן דעם אפּעטיט. מיר
זעצן זיך אוועק צום אָנבייסן. זי זעט, ווי איך זופּ
אָן חשק די קארטאָפל־זופּ און פארשטייט, אז דאס
ברויט אין דער שאנק נעמט אוועק דעם טעם פון
דער זופּ. — „א פערטעלע וועלן מיר היינט אויפ־
עסן" — לייגט זי פאר און גייט צו צו דער שאנק
נעמען דאס ברויט. דערווייל קלאפּט מען אין טיר,
לויפט זי עפענען.

עס קומט אריין מיין חבר בלווישטיין. ער נעמט
רעדן וועגן וועטער, וועגן טיפוס, אָבער איך באַ־
מערק, אז עס דריקט אים עפּעס, נאר ער שעמט
זיך וועגן דעם צו רעדן.

— בלווישטיין, זאג איך צו אים, איך זע, אז דיר
ליגט עפּעס אויפן הארץ. מיר זענען דאך אלטע
פריינט, זאג, אפשר וועלן מיר מיט עפּעס קאָנען
העלפן.

בלווישטיין לאזט אראפּ דעם קאפּ, נעמט זיך ענד־
לעך אָן מיט מוט און זאגט:

— דו ווייסט דאך, מיין יאָסעלע איז נישט היינט
געדאכט שווער קראנק געווען. איך האב באדארפט
האבן געלט, האב איך פארקויפט די באנעס. מילא
נישט קיין אומגליק. מען קאן מיט זופּ אויך לעבן,
אָבער היינט איז מיין פרוים געבורטס־טאג. איך
האב שוין געהאט פארשידענע צייטן אין לעבן. דו
ווייסט דאך, ווי א ייִד: אמאל אויפן פערדל, אמאל
אונטערן פערדל, אָבער שטענדיק האב איך דעם טאג
געפייערט אלס יום־טוב און ס'גייט מיר ממש אין
לעבן אויך היי־יאר דאס זעלבע צו טון. אמאל האט
מען געמאכט בעלער. וואס קען איך היינט מאכן?
האב איך געוואלט היינט ברענגען א שטיקל ברויט
צום מיטאג... אויב דו וואלסט מיר געקאנט בארגן
א האלב ברייטל — — —

מיין פרוי האט אפּגעשניטן א האלב ברייטל און
אים דערלאנגט. ארויסגייענדיק פון שטוב האט ער
ווי צו זיך מיט פרייד געזאגט: ס'וועט זיין א יום־
טוב...

אין הויף ווערט א טומל, א פרוי קומט אריינ־
צולויפן פון גאס, ברעכט זיך די הענט און שרייט:
וויי איז צו מיר!

— וואס איז געשען? — פרעג איך א שכן, וואס
לויפט פארביי מיין פענצטער.

— דער פּאוויאק־אויטא! — באקום איך אן ענט־
פער.

איך בין ארויס אין גאס. די פיס האבן זיך אונ־
טער מיר א וואקל געטון: אויף דער ערד איז גע־
לעגן בלווישטיין א פארבלוטיקטער. פון פארבייפארנ־
דיקן פּאוויאק־אויטא האט אים א דייטש דערלאנגט

מיט אן אייזערנעם דראנג איבערן קאָפּ. לעבן אים איז געלעגן דאָס האַלבע ברייטל א פאַרבלוטיקטס, — ס'וועט קיין יום־טוב נישט זיין...

* * *

מען האט נעכטן אויף די באַנעס געגעבן זויער קרויט, אָבער ס'איז געווען פאַרפוילט און פול מיט שימל. ווער ס'האט נישט געהאט עפּעס בעסערס האט עס געגעסן, אָבער אייניקע האבן עס ארויסגע־וואָרפן אויפן מיסט. א מיסט־קלויבערקע האט געפּו־נען דעם אוצר, וואָס איז שוין געווען פאַרשיט מיט אנדער מיסט און פאַרגאָסן מיט צואה. דאָס ערגערע האָט זי געקליבן גלייך אין מויל אריין, דאָס בעסערע האט זי אויפגעקליבן אין א טעפּל אריין, צו נעמען אהיים.

די קינדער אין הויף, זעענדיק ווי די פרוי עסט דאָס מיט צואה פאַרשמוצטע קרויט, האבן גענומען וואַרפן אין איר מיט שניי־קוילן און שרייען: משו־גענע! די מיסט־קלויבערקע האָט דערויף קיין אכט נישט געלייגט און ווייטער געקליבן. מורא געהאט, ווייזט אויס, אז ס'זאָל נישט קומען נאָך עמיצער און זיך אויך צוכאַפּן צו דער מציאה. ווי זי וואָלט נישט געהערט דאָס זידלען און נישט געפילט די קלעפּ פון די שניי־קוילן, האט זי געטון דאָס איריקע. זי האט שוין געהאט א פול טעפּל, האט זי אויס־געזוכט פאַפּירן אויף דעם מיסט און איינגעפּאַקט דאָס איבריקע. ערשט ווען זי האט שוין געהאט אַלץ אויפגעקליבן און פאַרפּאַקט, האט זי זיך אויפ־געשטעלט און מיט א הייזעריק קול גענומען שרייען: משוגענע? אז משוגע זאָלט עץ ווערן. עץ זאָלט קו־מען אויף מיין מדרגה און אזוי געשוואָלן ווערן, ווי מיינע קינדער, וועט עץ וויסן, וואָס עס הייסט משו־גע! שעלטנדיק איז זי ארויס פון הויף.

* * *

אין הויף שלעפּט זיך אריין א געשוואָלענע פרוי. איר געשווילעכץ האט דערגרייכט אומגעהויערע משונהדיקע פאָרמען. די טיילן פון קערפּער, וואָס זע־נען אָפּגעדעקט, זענען פול מיט וואסער־בלאָזן, טייל זענען אויפגעפּלאצט און אייטערן. נאָך איר שלעפּן זיך נאָך צוויי, לאַנגע, שמאָלע, איינגעטריקנטע קינ־דער. די פרוי בעט: „יידן, בני רחמנים, האטס רחמנות אויף מיינע קינדער! דער טאטע איז אין לאַגער און מיך רעכנט שוין נישט פאַר קיין מאַמע. שענקט עפּעס פאַר די צוויי לעבעדיקע יתומים".

די קינדער שטייען שטום און גלייכגילטיק. זייערע אויגן, וואָס זענען טיף אריין אין קאָפּ, זענען מאַט און פאַרבלאַז. די קינדער זענען אויסגעלאָשן און אָן כוחות. זיי וואָלטן זיך גערן אוועקגעלייגט אין „פּונקט"*) דאָרט אויף דעם פּריטש, געשלאָפן די מידע אויגן און אזוי געלעגן ביז צום סוף... אָבער די מאַמע צווינגט זיי צו גיין פון הויף צו הויף, שלעפּן זיי זיך אויף די דינע, מאַכטלאָזע פיס און קוקן אויס די נאַכט, זיי זאָלן זיך שוין קאָנען אוועקלייגן.

*) אזא מין הקדש, ווו ס'האבן געוווינט היימלאָזע פּליטים.

וואַרפט מען פון א פענצטער ארויס א שטיקל ברויט, קאָנען זיי עס נישט צעקייען. אלע ציין זענען ביי זיי ארויסגעפאַלן און די קינען האָבן נישט קיין כוח זיך צו באַוועגן.

* * *

ווידער עפּנט דער הויז־וועכטער דעם טויער. צוויי יונגען שלעפּן אריין אין הויף א שוואַרץ האַנט־וועג־געלע, זיי לייגן אריין די זעלבסטמערדערין און פאַר־שווינדן אין דעם ארייננגאַנג, ווו עס וווינען די גלייט־מאַנס. שכנים גייען מיט און טראָגן ארויס גלייט־מאַנען און זיין טאָכטער. די פרוי גלייטמאַן קוקט מיט ווילדע בייזע בליקן אויף איר טויטן מאַן, קלאַ־מערט זיך אָן דער טאָכטער און לאָזט זי נישט אריינלייגן אין וועגעלע. זי שרייט: צי איז געהערט געוואָרן, זייט די וועלט שטייט, אז א טאטע זאָל מיטנעמען א טאָכטער?!

נאָכן ארויסטראָגן די מתים קערן זיך אום אין הויף שלמה כץ מיט זיינע זין. זיי זענען כהנים און אין אונזער הויף, וואָס איז באַוווינט פון כמעט בלויז קבצנים, איז שטענדיק דאָ א מת. מוזן זיי אוועק פון דער היים. זיי דרייען זיך מייסטנס אין גאַס, מחמת היי־יאָריקן ווינטער איז שווער צו געפינען אין געטאָ א הויף, ווו עס זאָל נישט זיין קיין מת. זיי באַווייזן קוים אריינצוגיין אין זייער וווינונג און לויפן ווידער ארוים אין בהלה: שוין ווידער עמעץ געשטאָרבן.

* * *

איך האָב אוועקגעלייגט א שטיקל ברויט פאַר דעם „טרייסטער". ס'פאַלט שוין צו די נאַכט און ער איז נישטאָ. נעכטן האָט ער שוין קוים די פיס געשלעפּט. ווער ווייסט, צי ער וועט נאָך קומען.

יעדער פון די זינגער און בעטלער האָט אויסגע־רעכנט זיינע צרות: דער טאטע איז קראַנק, דאָס ווייב איז געשוואָלן, די קינדער גייען אויס פאַר הונ־גער. ער האָט נאָר געטרייסט:

— יידן, וואָס האָט איר אראָפּגעלאָזט די נעזער? איר מיינט די וועלט גייט שוין אונטער? איך זאָג אייך יידן, די ישועה איז נאָענט! איצט איז טאָקע ביטער, אָבער א ליאָדע טאָג וועלן מיר אויסגעלייזט ווערן.

געזאָגט א פּאָר אויפמונטערנדיקע ווערטער, אריינ־געוואָרפן אויך א בשורה פון פראָנט און נאָכדעם גענומען זינגען:

דוד מלך חי
א פּאַסטוכל געטריי
זינגט שוין יידעלעך
תהילים - ניגונדלעך
תהילים זינגט מען אוי ווי...
ביישטיין וועט מען די נסיונות
איבערהאַלטן די בזיונות
דוד מלך חי וקים
מאַכט־זשע יידעלעך א לחיים
דוד מלך חי.

געענדיקט זינגען האָט ער געזאָגט:

— ליבע יידן! איך בין נישט געשטאָרבן, מיין ווייב איז נישט קראַנק און מיינע קינדער זענען

נישט געשוואָלן. דאָך ווילן מיר אויך עסן. האָט איר אַן איבעריק שטיקל ברויט טאָ וואַרפט אַראָפּ. האָט איר נישט — האָב איך צו אייך קיין טענות, זאָל אייך גאָט העלפן.

ער איז געוואָרן וואָס אַמאָל מער איינגעדאַרט, זיין שטים האָט שוין איצט נישט אַזוי געדונערט ווי אַמאָל, אָבער ער האָט זיך נישט געקלאָגט. ער האָט שטענדיק אויסגעפונען מיט וואָס צו טרייסטן: א נייעס פון דעם פראָנט, א רמז פון דער תורה, א נבואה פון א רבין און האָט אויפגעוויזן, אַז אָט, אָט ווערן מיר אויסגעלייזט.

— מיינע קינדער זענען שוין אויך געשוואָלן, — האָט ער איצט געזאָגט. — נו, מילא, וואָס בין איך עפּעס א יחסן ביי גאָט. אַז ס'איז געקומען א שטראָף אויף אַלע יידן, בין איך אויך אברהם אבינוס אן אייניקל. פּרובירט מיר געבן גאָלדענע בערג כ'זאָל מיין זיידן איינטוישן אויף להבדיל א ריינעם אריער, חלילה! ווי זאָגט מען עס? א ייד בין איך געווען, א ייד וועל איך זיין און לאָמיר טרינקען ווײַן. עס זאָגט זיך אַזוי: ווײַן, — מען טרינקט זיך אין צרות, אָבער אַז מען טרינקט, מוז מען פאַרבייסן, קאָן זיין מיט א דאַר שטיקל ברויט. איר האָט? טאָ וואַרפט אַראָפּ!

* * *

עס קומט אַריין אין הויף א הויכער ייד מיט א לאַנגער ווייס־זיידענער באָרד, טונקעלע טרויעריקע אויגן, אַן איידל און קלוג פּנים פון א תלמיד חכם. ער שטעלט זיך אַוועק אינדערמיט הויף, קוקט שטום אויף די פענצטער און רעדט נישט קיין וואָרט. פון עטלעכע פענצטער באַמערקט מען אים און מען וואַרפט אַרויס מטבעות. דער ייד קלויבט זיי צונויף. ער קומט נאָענט צו מיין פענצטער, כ'זע אין זיינע אויגן אַזא טיפן צער, אַז כ'שידער אויף. כ'דערזע אין א פענצטער אַנטקעגן שבת־ליכט און כ'פאַרשטיי שוין אַלץ: שרעקלעך גרויס מוז זיין די נויט, וואָס האָט געצוואונגען דעם ייד שבת צו בעטלען און צו נעמען געלט.

כ'וויל מיט עפּעס טרייסטן דעם ייד, כ'וויל אים זאָגן א מיטפילנדיק וואָרט, אָבער עס וואַרגט מיך אין האַלדז און כ'קאָן קיין וואָרט נישט אַרויס־ברענגען.

* * *

דער הויז־וועכטער שליסט דאָס טויער. עס איז נאָך פאַר דער פּאָליציי־שעה, אָבער אַז דאָס טויער איז צוגעשלאָסן פילט מען זיך אַביסל זיכערער. איי־גענע קלינגען אין טויער לויט אַן אָפּגערעדטן צייכן און אַז מען הערט א פרעמדן קלונג, קאָן מען באַוויזן זיך צו באַהאַלטן.

איינציקווייז שלייכן זיך געשטאַלטן איבערן הויף. אייניקע גייען צום לעצטן אַריינגאַנג, ווו עס וווינט בזשאָזאָווסקי, מסתמא, א געהיימע פאַרזאַמלונג. אַנ־דערע גייען צו שלמהלע גערער אין קעלער אַריין, מקבל שבת זיין מיט מנין. ביי שלמהלע גערער איז ־יינט א געדריקטע שטימונג: זיין יינגל יאָסעלע האָט זיך אַריבערגעשמוגלט אויף דער אַרישער זייט.

כדי צו ברענגען א פּאָר קאַרטאָפל אויף שבת. ער האָט שוין לאַנג געדאַרפט זיין צוריק און איז נאָך נישטאָ. די מוטער איז אַרויס אים אָפּוואַרטן, אָבער אויך זי קומט נישט צוריק. שלמהלע דרייט זיך נער־וועז אַרויף און אַראָפּ איבער דער ענגער קעלער־שטוב. פּלוצים לויפט ער צו צום פענצטער, ברייגט אַוועק א שטיקל פּאַפּיר־ראָלעט און דערזעענדיק, אַז עס איז שוין טונקל, זאָגט ער: יידן מען דאַרף מקבל שבת זיין. יאַנקל, ברוך, גייץ עמיץ צו צום עמוד.

ס'איז שוין נאַכט און דאָס קינד איז נישטאָ, עס איז זיכער אַן אומגליק געשען, וואָגט קיינער נישט צוגיין צום עמוד. — ס'איז שבת, ענטפערט שלמהלע אויף אַלעמענס שווייגן, גייט אַליין צו צום עמוד און רופט אויס: לכו נרננה לאדוני נריעה לצור ישענו.

עולם נעמט דאַווענען, אָבער די אויערן זענען אויף־געשפּיצט צום טויער. ענדלעך דערהערט מען א היי־מישן קלונג און א סקריפּ פון טויער. עס לויפט עמעץ איבערן הויף, איבער די טרעפּ צום קעלער. די טיר פּראַלט זיך אויף און שלמהלעס ווייב פאַלט אַריין מיט געוואַלדן: מיין יאָסעלע, ווי איז מיר, מיין יאָסעלע! מען לויפט צו צו איר: וואָס איז געשען? זי קוקט אויף אַלע מיט צעמישטע בליקן און שרייט נאָר: וויי איז מיר, ווינד איז מיר, מיין יאָסעלע. פון יינגל, וואָס איז געוועזן צוזאַמען מיט יאָסעלען דערוויסט מען זיך וואָס עס איז געשען.

— געווען א ביטערע וואָך, נישט מעגלעך געווען אַריבער די בראַמע*), איז מען געגאַנגען צו די „דראָטן“**). איך בין שנעל אַריבער. יאָסעלען האָט זיך פאַרטשעפּעט א הויז. א זשאַנדאַרם האָט באַ־מערקט און געשאָסן.

ערשט איצט קומט שלמהלעס ווייב צו זיך און דערציילט כליפּענדיק:

—כ'שטיי קעגנאיבער דער בראַמע. איך קוק צו אים און ער קוקט צו מיר, א דרייסיק טריט סך־הכל, אָבער די גזלנים שטייען אינדערמיט. ווי זע איך אים שוין אויף דער זייט, זאָג איך צו מיר, מער לאָז איך אים נישט גיין. עס נישט זיין צו עסן, — עט מען אויסגיין, אויב דער אין הימל וויל אַזוי. איך קוק מיר אויס די אויגן, ס'זאָל אָנקומען עפּעס א פלאַצוווקע צו דער בראַמע, די זשאַנדאַרן זאָלן זיין פאַרנומען, אָבער א נעכטיקער טאָג. אַלץ ווייסט שוין אַז די זשעלאַזנע ברענט***) און דאָס קינד קאָן נישט אַריבער. כ'וואַרט און וואַרט, ערשט דער־זע איך ס'איז שוין טונקל. ווי איז צו מיר: כ'האָב דאָך קיין ליכט נישט געצונדן. לויף איך שנעל אהיים ליכט צינדן, אפשר אין זכות פון הייליקן שבת.

*) געטאָ־טויער.

**) אויף דער זעגלאָנע און קראָכמאַלנע גאַס איז דער צוים צווישן געטאָ און אַרישער זייט געווען פון שטעכיקער דראָט. דעם טייל צוים האָט מען אין געטאָ גערופן „די דראָטן“.

***) ביים טויער אויף זשעלאַזנע איז א שלעכטע וואַך.

כ׳קום צוריק — ער איז שוין נישטאָ. פרעג איך מענטשן: צי האָט איר נישט געזען צי א ייִנגעלע איז ארורך. לאכן זיי פון מיר: ס׳ברענט א פייער. די וואך האָט זיך געטוישט, אָבער ס׳איז געקומען נאָך אַן ערגערע. אפשר איז ער געגאנגען צו די דראָטן. כ׳לויף אהין. יאָסעלע שפּרינגט גראָד צו צו די דראָטן. ער וואַרפט אריבער די פּיסלעך. נאָך א מינוט און ער וועט דאָ זיין. האָבן זיך די הייזלעך פארטשעפּעט אין די דראָטן און ער קאָן זיך נישט אָפּרייסן. כ׳לויף צו אים העלפן, אָבער עס פאלט א שאָס. יאָסעלע גיט א צאַפּל און א פּאַכע מיט די הענטלעך. מיך שלעפּט א מיליציאַנט צוריק. ווי איז צו מיר, מיין יאָסעלע, מיין ייִנגעלע, ווי איז צו מיר.

שלמהלע גערערס ווייב וויינט ספּאזמאטיש, אלע ארום איר שווייגן, שלמהלע שטייט ביים טיש א געבוינענער און צוזאמענגעבראָכענער. טרערן קייקלען זיך פון די אויגן איבער דער באָרד און פאלן אויפן ווייסן שבתדיקן טישטוך. פלוצים גלייכט ער זיך אויס און זאָגט: ייִדן, ס׳איז שבת, שבת טאָר מען נישט טרויערן. ער גייט ווידער צו צום עמוד און זינגט מיט א געשטיקטער שטים: בואי בשלום עטרת בעלה, גם ברינה ובצהלה. דאָס געזאַנג באַגלייט א פארשטיקט כליפּען פון זיין ווייב.

* * *

ווידער א גערודער אין הויף. דאָן ווערט שטיל און דער הויז־וועכטער רופט אויס:

— פון דער מיליץ האָט מען געהייסן וואָרענען, אז אויב די, וואָס האָבן באקומען רויט־צעטלען צו גיין אין די ארבעטס־לאַגערן, וועלן זיך נישט צושטעלן ביז מאָרגן צוועלף, וועט מען מיט געוואלט נעמען פון יעדן הויף אזא צאָל מענטשן ווי מען האָט גערופן.

אלע ווייסן וואָס ארבעטס־לאַגער באַדייט: א לאַנגזאַמער טויט ביי הונגער און שווערער פּראַצע. אלע פארשטייען, אז אויב מען גיט צייט ביז מאָרגן צוועלף, הייסט עס, אז מען וועט נאָך היינט ביינאכט נעמען פון די בעטן. א בהלה. ווער עס ליגט שוין אין בעט, טוט זיך שנעל אָן און עולם נעמט זוכן וווּ זיך צו באהאלטן.

שלמהלע גערערס ווייב, וואָס באהאלטנדיק זיך פארן מאַן, האָט ביז איצט נישט אויפגעהערט כליפּן, האָט דערהערט דאָס נייעס, איז זי צוגעשפּרונגען צו איר עלטערן זון לייבל. — לייבל קרוין, איינציקער קדיש מיינער, באהאלט דיך שנעל. דיך וועט מען דעם ערשטן נעמען, דו האָסט דאָך באקומען א „פּאָוואָלאַניע״ (רויט־צעטל). לייבל, האָב רחמנות, באַהאלט דיך שנעל!

שלמהלע גערער שפּרינגט אויף, נעמט זיך נערוועז דרייען ארויף און אראָפּ איבער דער שטוב, שטעלט זיך פלוצים אָפּ ביי לייבלען, לייגט אים ארויף די האַנט אויפן אקסל און זאָגט: לייבל, דו האָסט געקרינן א „פּאָוואָלאַניע״, אז דו וועסט זיך באהאלטן, וועט מען נעמען א צווייטן אויף דיין אָרט. אין אזא פאל האָט רבא געזאָגט: מה חזית דדמיך סמיק מפי, פארוואָס מיינסטו, אז דיין בלוט איז בילעכער ווי דאָס בלוט פון אַן אנדערן ייִד.

דאָס ווייב האָט גענומען רייסן זיך די האָר פון קאָפּ און שרייען: גזלן! דאָס לעצטע קדיש־קינד, דער איינציקער קדיש!

— לייבל, — האָט שלמהלע ווייטער געזאָגט, — גאָט פּרוּווט אונז מיט שווערע נסיונות. מירן אויסהאלטן. מען מוז אויסהאלטן. ס׳איז מלחמת גוג ומגוג, מ׳זעט דאָך באַשיינפּערלעך אז דאָס זענען שוין טאקע די לעצטע צרות פאר דער גאולה. אז גאָט וועט וועלן, וועט מען דערלעבן בן דודן, אז ר׳עט חלילה נישט וועלן, עט נישט העלפן קיין באהאלטן, טאָ פארוואָס פאלן מיט א מיתה משונה, ווען מען קאָן די זכיה האָבן צו גיין אויף קידוש השם.

— נ־ז־לן! — שרייט אויס שלמהלעס ווייב — גזלן, דאָס לעצטע קדיש־קינד שיקסטו אוועק?

— באַרואיק זיך, מאַמע, — רופט זיך אָן לייבל, — האָט דאָך אברהם אבינו געפירט יצחקן צו דער עקדה און אין דער לעצטער רגע האָט השם יתברך מוותר געווען אויף דעם קרבן, גאָט איז אַן אל רחום וחנון.

— געלויבט השם יתברך אז איך האָב דערלעבט דיך צו זען אזעלכן, האָט שלמהלע אויסגערופן מיט עקסטאַז. שטעל דיך אויף מיין ווייב פאר דיין זון, רבי לייבל, און בעט אים ער זאָל דיך בענטשן.

* * *

מיר ליגן אלע, יונגע מענער פון הויף צוזאמענגעקוועטשט אין א קליינעם קעלער. א טויט־שטילקייט הערשט ארום. רייסט זיך ביי וועמען ארויס א קרעכץ, וואָרענען אלע: ששש... ששש... די נאַכט איז אזוי שרעקלעך לאַנג, אזוי האָפענונגסלאָז לאַנג. פונדערהויך דערטראָגט זיך דאָס געוויין פון א קינד און דער מאָנאָטאָנער גמרא־ניגון פון שלמה גערער און זיין זון.

וואַרשע, געטאָ, פעברואַר 1942.

פסח בינעצקי

# צו שפּעט

נאָך אַ טאָג, און נאָך צוויי, נאָר כ'וועל קומען.
איך וועל קומען צו דיר מיט מיין ליד.
דו וועסט וואַרטן ביים טויער אַ שטומער
און באַגעגענען שטיל מיינע טריט.

נאָר דער בליק דער פאַרלאָשענער, אַלטער
און דער שטערן מיט קנייטשן פאַרוויינט
אויף אַ ווײַלע מיין טראָט וועט פאַרהאַלטן,
וועט דערציילן פון אומקום און טויט...

וועט דערציילן פון אייגענעם טרויער
און פון ברידער אין געטאָ דעם פּיין.
דורך צעריגלט אייזערנעם טויער
כ'וועל צו דיר אין דער געטאָ אַריין.

און כ'וועל נאָכגיין די טריט דיינע. שוואַכע
מיט אַ האַרץ, וואָס פאַרגייט אין געוויין.
און אַ פּחד נאָך מיר וועט זיך שלייכן,
אַז צו שפּעט כ'בין געקומען צו גיין...

אַז די טיר, וואָס כ'וועל געפינען איז עפן,
אַז אין שטוב, וווּ מיין וויגל פלעגט שטיין,
כ'וועל שוין קיינעם, קיינעם נישט טרעפן
נאָר מיין אייגענעם טרויער אַליין.

אַז די גאַס, וואָס מיין פוס פלעגט באַטרעטן,
וווּ מיין קינדהייט איז רויק פאַרגאַן,
קען דעם שוידער פון בלוט נישט פאַרגעסן...
און ס'וועט גליען, ווי פייער מיין שאַנד,

אַז צו שפּעט, אַז צו שפּעט כ'בין געקומען,
אַז צו לאַנג האָבן ברידער געוואַרט,
אַז אין בליק דיינעם אומעטיק-שטומען
אַ ביטערער פאַרוואָרף מיך וואַרט...

מאָטעס אליצקי

# זייט מוחל

זייט מוחל מיר, זייט מוחל מיר דערפאַר.
ס'איז איבער מיר אַריבער די געפאַר.
איך בין דער זעלבער וואָס מיט יאָרן צוריק:
טראָג פרילינגדיקע הימלען אינעם בליק,
האָב יעדער ליב ביי אַיינט-שויב צו שטיין
און זאָגן אויפן זון-פאַרגאַנג: ווי שיין!
פאַרגעסן גאָר, אַז אָט אַזוי געברענט
עס האָבן ברוטיק אויך די געטאָ-ווענט.
און יעדער הויז געוועזן איז אַ פּראָם
נאָר בלוטיקער און גרעסער מן-הסתּם.
און וויפל לעבנס ס'האָבן הענט פאַרשפּאַרט —
מיין איך נאָר אַליין, און פינגער זענען צאַרט.
און וויפל ס'האָבן הענט פאַרגאָסן בלוט —
מיין איך נאָר אַליין. און פינגער זענען גוט.

זייט מוחל מיר, זייט מוחל מיר דערפאַר.
ס'איז איבער מיר אַריבער די געפאַר.
די זעלבע זון, וואָס צוריק מיט זיבן יאָר,
איז וואַרעם און איז גוט צו מיינע האָר,
וואָס זענען נישט געוואָרן ווייס ווי שניי,
ווי ס'דאַרפן ווערן האָר אין גרויסן וויי.
און איך אַליין בין אַלץ דער זעלבער נאָך:
שרייב טרויעריקע לידער, שפּיל אין שאָך,
און גיי אין קינאָ איינמאָל אין דער וואָך
מיט ווילדע אויגן אָנגעפילט מיט בראָך.
און וויפל ווייטיק כ'זע און זע אַצינד —
עס ווערן מיינע אויגן אַלץ נישט בלינד.
און וויפל קלאָגן ס'קלאַפּן אין מיין שויב —
עס ווערן מיינע אויערן נישט טויב.

זייט מוחל מיר, זייט מוחל מיר דערפאַר.
ס'איז איבער מיר אַריבער די געפאַר...

לייבל קופּערשמיד

# ווי זיי פּייניקן מיך

ווי זיי פּייניקן מיך די נשמות פאַר[illegible]טענע,
וואָלט איך געווען אַ האַרטער קיזל-שטיין,
וואָלטן זיי מיך אויך אויף דורך און דורכגעלעכערט,
מיט זייער אָנגעגליטע שפּייקן געוויין.

וועלן מיינע יסורים אייער גרויל דען לינדערן?
שוועסטער, ברידער, געמוטשעטע אין פלאַמען!
וואַרט אַ רגע, כ'וועל מיט אַ מעסער אַרויסנאָרן מיין אומרו,
אַז ער זאָל אייך מיט דעם אומרו אייערע צוזאַמען.

שוועסטער, ברידער, מיינט איר דען אַז פריער
דורך מיין פּיין וועט ווערן דער איבערפויטער בעכער?
אַ שטיין ווען כ'וואָלט געווען, אַ טויבער קאַלטער שטיין
וואָלט איר אויך מיט אייער גרויל מיך דורכגעלעכערט.

שטראָף מיך נישט פּלאַטשיק-גייסט די ליכטיקער, מיין מאַמע,
איך בין באַרויבט פון אַ פּאָר יינגלדיקע שאָטן אוון איך וואָלט דיך אויפגענומען,
איך הער דיין געוויין אונטער אַלע פּינצטערע ביידע-נאַכט:
— ער באַהאַלט זיך אויס פון מיר, מיין בכור, איך זאָל אים נישט צו חלום קומען.

לאָדזש, יולי 1946

גוטע גוטערמאַן

# צו מיינע פריינט.

איך מאַך צו די אויגן. א ווינט פליט פאַרביי,
באַלד לויף איך אים נאָך, מיט א שטילן געשריי:
אָ, גליקלעכער ווינט וואָס דו ביסט! דו ווייסט היינט
אפשר זען מיינע פריינט.

די זון לענט דעם קאָפּ ביי די בערג אויפן רוקן,
א פויגל פליט אָן מיט די פליגל צעוויקלט —
— אָ, פויגל! איך בעט א שליחות דיך, היינט —
פלי צו מיינע פריינט

פלאַטער אויס מיין געדאַנק דיר, דערצייל מיין פאַרלאַנג,
אַז פון יענעם טאָג אָן, בין איך עלנט און קראַנק
צייט איך האָב זיי פאַרלוירן, צייט כ'האָב זיך צעשיידט
מיט מיינע פריינט

די הייליקע לאַנקעס, דעם וואַלד און דעם טאָל
מיט אַלערליי קלאַנגען איך האָב שוין פאַרזייט
פון לידער וואָס ס'האָבן געזונגען אַמאָל
מיינע פריינט.

אָ, וואָלט איך א שפור אויפן וועג באַטש דערקענט
צום קאַלטן סיביר, צו אין הייסן טאַשקענט,
אַבאַרוועסע וואָלט איך אַוועק אין דער ווייט
צו מיינע פריינט.

קויבישעווער געגנט 1941

מ. וואַלדמאַן

# אין תפילה־טאָג

אויב דאָס דאַרף ברענגען רו,
און ווייניקער — איין קרבן!
כ'שטעל זיך אויף די קני:
— טו העלפן אונז, טו העלפן!

כ'קום מיט ציטערדיקער תפילה
פון מיין טאַטע נישט דערבעטן,
מיט דעם רחמים אויסגעשריי,
אויף וועגן וואָס צעטרעטן...

וואָס איז הייליק דיר צו ברענגען? —
לעצטער טרער מיין מאַמעס,
וואָס פאַרוואַלגערט ליגט אין פעלד,
מיט איר ספר צעפליקט אין שמות...

וואָס איז הייליק דיר צו ברענגען
כ'זאָל ראַו זיין דיין גנאָד,
כ'זאָל מעגן ביי דיר מאָנען:
— ווייז דיין כח אונז גאָט!

און אויב דאָס דאַרף ברענגען רו
און ווייניקער — איין קרבן! —
כ'שטעל זיך אויף די קני:
— טו העלפן אונז, טו העלפן.

וו. ה. איוואַן

# חרובע היים

אַ חרובע היים
אַ ליבט אין די שויבן,
מיין יידישע נעסט
פון דערוואָרגענע טויבן,

א חרובע היים
מיט נעסטן פון שפינען,
וואָס זוך איך אויף חורבות,
וואָס וויל איך געפינען?

· אַקרוטני

# דאָס וווּנדער

אין אָנהייב איז געווען די שרעק, און אויסטערלישע פאַרטויבונג מחמת דעם ראשיק אומגעריכטן, כאָטש אינדראַמתן האָט מען עס מאָוימדיק פאַרגעפילט.

איבערגעוועקט זיך פון די דורכאַנאַנדיקע שטאַרקע אָפּהילכן אינדערנאָענט, — לופט־באָמבעס האָבן אויפגעריסן, צעטרייסלט די באַגינענקע רו, און רבקה האָט פאַרלוירן איר געוויינלעכע יונגע רירעוודיקייט. זי האָט דערשפּירט אַ פּלוצלונגען בים אינם מוטנע אויפטריף פון דעם טאָג, וואָס האָט נאַרוואָס צעפּנט די וויעס. פאַרטאָגס האט זי שטענדיק ליב אביסל אַרומצושלייכן צווישן די גרינס־בייטן אין גאָרטן, איינקוקן זיך אין די דרימלענדיקע בלומענקעפּלעך, באַוווּנדערן אַ טוי־טרערל און פרי אָנהייבן דעם טאָג. און די טעג זענען ביי איר געגאַנגען אין צאַפּל, אין לוסט. אין דעם דאָזיקן באַגינען האָט רבקה׳ס געוווינהייט באַקומען אַ פילבאַרן קלאַפּ.

דערזען דאָס נעשעענע, — עס האָט עציפּעט, געהוקעט, געטרייסלט זיך און די אויגן זענען איר פאַרלאָפן געוואָרן ווי שויבן אין דער קעלט — האָבן די הענט אירע זיך אַראָפּגעלאָזן. אוועקגעשטעלט זיך אין דער צעעפנטער טיר, איז זי אַ פאַרטאָמלטע געבליבן שטיין אַזוי און געקוקט און עפּעס נישט אַלץ באַנומען. „זעסט!" — האט זיך פון איר געריסן אַ געשריי, אָבער די ליפּן האָבן זיך נישט אויפגעקניפּט און אַ פוס האט זיך נישט אַ ריר געטאָן. באַוועלטיקט די מינוטיקע פאַרלוירנקייט, וואָס האָט איר געפּאַטשט מיט אַ בייזן פליגל, האט רבקה ווי אָן איר ווילן אַ ווײַלע נאָכגעשפּירט די אַעראָפּלאַנען, וועלכע האָבן רעווענדיק, גלייך שווער באַלאָדענע וואָלקנס, רינגענווייז זיך באַוועגט פאַר איר בליק. אַ צייט האָט זי זיך נאָך פאַרגאַפט אויף דעם נייעם, וואָס האט שאַרף עפּעס אויפגעבויערט אין איר ברוסט. פונקט ווי אַ ברענענדיקע ווונד האָט די פרישע הוילקייט גענאָגט, געווייטיקט. ערשט שפּעטער האט זי באַזינען דאָס פאַראַנענע— די ראיה אירע האט זיך רעכט אויסגעקלאָרט — און, ערשט דערשפּירט אַ מורא. דאָס קרייזנדיקע טאָג־ליכט, דער הויך פון איר אייגענעם אָטעם, די מיניעדיקע קאָלירן פונם היימישן גערטל, אַלץ האָט איר געשראָקן. מיט אַ פריר אין רוקנביין איז זי אויפגיך אריין אין שטוב וועקן דעם מאַן. זאָל ער נישט שלאָפן! געשטאַנען ביי זיין בעט און געוואָרגן זיך מיט דעם פלינקן פלייץ פון די געדאַנקען, וואָס זענען געגאַנגען אויף איר. עס האָט איר אויסגעדוכט, זי האט געוואָרט ער זאָל זיך אָנטון. ענדלעך האט זי אַרויסגעבראַכט דאָס, וואָס האט אין איר טיף אויפגעפּיבערט:

— גיכער! אַלע צייטן זענען ביי אים גלייך...

דאָס בלוט האָט איר געשלאָגן אין די שלייפן אריין.

צו וואָס זיך איילן, וואָס טאָן, האט זי נישט באַנומען. איר געדאַנק איז געווען געליימט. טריבער אויסבליק. דערנאָך האט זי דערשפּירט אַזוי, גלייך דאָס שטיקל איינהיל, וואָס זי האט געהאט אַרויפגעוואָרפן אויף זיך, וואָלט געפּלאַמט. אויפן ווייבל איז אָקאָרשט אָנגעפאַלן די גרויכע מורא פאַר דעם, וואָס איז ביז אין דער רגע נאָך נישט אינגאַנצן געווען דערגאַנגען צו איר, די שרעק פאַרן גרויזאַם אומפאַרשטענדלעכן, וואָס האט זיך ערשט אַריינגעשטעלט אין דעם שטילן הויפל זייערן און דראָעט מער נישט אָפּצוטרעטן. רבקה איז געשטאַנען נעבן דעם מאַן און געשטיקט זיך מיטן פרעג, וואָס זי האָט געוואָלט אים פרעגן: „נו, וואָס וועסטו זאָגן, ביינישׂ?"

... זי האט זיך אַלץ געשטיקט מיטן אָנפּלייצנדיקן שטראָם, וואָס איז ראַפּטום און היים געגאַנגען אויף איר. און ער, ביניש, האט אינם אָנבליק פון דעם צעבויטעטן העלן שיין, זיך אַ וואַקל געטאָן אויף די פיס, אַקוראַט די זון, אַ לויטערע, אַ נאָענטע, וואָלט אים האַסטיק צוריקגעשטויסן: וווּ היין! דערזען, וואָס זי האָט געזען, האָט ער געטראַכט: „אפשר מאַנעוורעס?"... נאָר דאָס קול האט אויך אים נישט געדינט. אין דער ברוסט האט זיך הייזעריק עפּעס פאַרקייכט. ביניש איז קלאַנגלאָז צוריק אריין אין שטוב און דעם קאָפּ אַראָפּגעלאָזט אויף די אונטערגעשפּאַרטע הענט.

„וואָס וועט זיין איצט? נאָך ווינציק?"...

ער האט געקנייטשט דעם שטערן. כאָטש עס איז ליכטיקער געוואָרן אין שטוב האָבן די ווענט, ענג געוואָרענע מיטאַמאָל, אויף אים געדריקט מיט באַגינענדיקן גראָ. אונטערן פענצטער האָט דער דרויסן, אַ זוניק ברייטער, זיך שוין צעפּאָכעט. דער אַרום האָט געקאָכט, געפּלאַצט, פונאַנדערגעגאַנגען זיך.

אין אונטערגעשלאָגענע איז רבקה נאָך געשטאַנען אין דער אָפענער טיר; זי האט טעמפּ געקוקט אויף אַלעם, איינגעהערט זיך אינם פאַרענדערטן דרויסן. דער הימל איבער איר איז געגאַנגען, די לופט האט געציטערט, אויפגעשטויסן, געוואָרן טונקל, העל, געטוקט זיך ווי בעת אַ וואָלקנבדוך.

---

— וווהין?

— ?

בלינדער אימפּעט האָט געשפּאַרט פונם מענטש און, אָסור עמיצער האט געפרעגט זיך אַליין, צי זיין פריינט, וועלכער האט זיך אויך פאַרלוירן: וווהין?

און שליאַך און לאַנד זענען געלעגן פאַרקאַרטשעט, געקוקט דערשראָקן.

... נאָך טעג פון לויפן משוגענערווייז, לויפּנדיקערהייט געוו ינט געוואָרן אומצוקוקן זיך — פאַרצוקנדיקער פייער־פויסט האָט נאָכגעיאָגט — איז געקומען די קינדערישע פאַרגעסונג. דערויף, די

ערשטע איבעראַשונג: ליכט. אין א פּוסטן שטיל־אָוונטיקן־פעלד האָבן זיך פאַנאַנדערגעריסן די אויגן.

— אָ, זעט, זעט! לי־כט!

ווי נאָענט עס איז דער וועג פונם געליטענעם גרייז צום תמימותדיקן קינד! אזא שפּאַן איז, משמעות, פון דער פּיין צום געלייטערטן גליק. כאָטש מ׳האט נישט געוווסט וו מען איז, וווהין מ׳פאָרט, האט מען אויף די פאַרוואָרפענע באַנסטאַנציעס אינמיטן נאכט דערשפּירט די נייע אנטפּלעקונג פונם לעבן.

— זע!

— אוי! — האט רבקה האסטיק א שפּרונג געטאָן און מיט ארויסגעבראכענער האָפערדיקייט, ווי בעת א נערוון־אָנפאל, שטארקער זיך צוגעדריקט צו דער וואגאָן־טיר: אפשר וועט זיין אן אָפּשטעל?... דאָס אויג האט דורשטיק געטרונקען דעם מאטן ווידערשיין פונם צוזאָגנדיקן ליכט. רבקה חלשט צו באַרירן די אָ לעבעדיקע ערד, דאס אנדערשדיקע, וואָס האט זי אזוי מיד געמאכט.

זי האט אייגנטלעך נישט גענוי געוווסט, וואָס זי באגערט. רבקהן האט נאָר א צי געטאן צו דער פרישן, וואָס איז נישט געווען פארקנוילט אין קאלטן חושך.

— עס זענען אָנגעשוווּמען ענדלאזע סטעפּעס, דערנאָך הויכע, משונה׳דיקע ווענט פון ווילדן גראניט. פון ביידע זייטן צוג — ווענט. טונקעלע, מעכטיקע, שווערע. א פינצטערלעכער טונעל אזא אונטערן באַוועגטן שארפן הימל, וואָס האט געשניטן דאס אויג.

קאַפּריזע, סודותדיקע נאטור! א בייזע אזא, א גאווהדיקע און א ליבע. אזש עס פּאַטויפּעט זיך נישט דאָס אלץ אין קאָפּ. עס איז מסתמא א זעונג, אן אויסדאכטעניש אין א קראנקהאפטער מינוט! און דאָ — וואָס ווידער? „דיניעס, דיניעס!“ שרייט עמיץ אויס. קליינע, אראָמאטנע מפילעך פון דער גליאיקער מדבר־זון. און זי לויפט ווייטער מיט, די מאָזאאיק פון דער איבערגעטאשטער גרויזאמער און לאָקנדיקער ערד, קעגן וועלכער דער מענטשישער זין איז בהמהש אומבאהאָלפן.

און איצט — בערג, אומגעהויערע, פארטומלענדיקע מיט זייער צודרינגלעכער מעכטיקייט. פון זיי האט עס זיך אָנגעהויבן דער טאג א מיניעדיקער פון ווייכן רויטיקן בלאָ ארויס. דערנאָך קריכט ער איבער שיפּועים, דער טאג, איבער רחבותן, וואָס זענען דאָ סאַמעט גרין, דאָ וואָלקן־געקרויזט און דורכזיכטיק ווי געשליפענער קרישטאָל און פּיאָלעט און פעלדזיק־שטייף, קופּער־בלאנקנדיק, סאפּירקלאָר און, ענדלעך, ראָז, באלד פלאקערנדיק ראָז, וואָס לעשט, לעשט און גליטשט זיך אראָפּ צום ראָריזאָנט פלעקיק, שווער ווי אן אומגעהויערער רייבפויגל. אָ, דעמלט איז צוגעפאלן די שווארצע נאכט. א ווינט, וואָס יאמערט ווי א שטארבנדיקע סאָווע, האט זיך געהויבן איבער די אקסלען, געפייפט, אזש ס׳האָט זיך געוואָלט ערגיץ איינגראָבן דאס פּנים און נישט קוקן, גאָרנישט זען. זאָל פארלענדט ווערן די בלינדע נאכט! עס איז קאלט, פרעמד דאָס מדבר־לאנד, עס וואָיעט פון טויזנטיאָריקן נישט אָפּגעווישבארן עלנט.

... נישט אין א זיידענעם טרוים האט עס פארוויגט; ס׳האט געפויקט אין די געהירן. גוט איז צו פארזינקן אין שלאָף, שלאָף. געבענטשט זאָל זיין די אומדורכדרינגלעכע פינצטערניש! און איז ארויסגעקומען די לבנה, א פארחידושטע, זי האט דורך צארטע וואָלקנדלעך געקוקט אריבער מיסטעריעזער ווייסקייט, אריבער פויזנדיקע שאָטנס. האבן די אויגן זיך צעפראלט: אָ, וואונדער! ווידער האט די וועלט זיך געשטרעקט צום מענטש. און אז מ׳האט (אסאך, אסאך לויפנדיקע, ניצל־געוואָרענע) זיך אראָפּגעלאָזן אויף דער ערד הויערן ווי די מידע שאָף, האט די נאכט לייטזעליק פארוועבט די אויגן.

כאָטש אָן געצעלט, מ׳איז געצוואָגן געוואָרן פון קילן נאכט־שפּריי, ס׳איז פוילבלעך געווען אין די ביינער, — דאָך זענען די יונגע מאָרגנס געקומען אין זאנפטקייט.

דעמלט האט רבקה מיט קינדערישן געלוכט זיך געחנדלט פאר דעם שלל אויסגעפאלענע זון־פליטערלעך. דורכן גינגאָלדענעם שטראלן־פעכער איז אין פאמעלעכן שפאן געגאנגען א מגושמדיקער קעמל. רעשיק, ווי מיט א שפּילצייג, האט דאָס קעמל רויק באוועגט א קליינע ארבע הינטער זיך און שטאָלץ אין באזאכט איז זיי — דער א מגלומפּערטער חיה און דעם הילצערנעם שרייאיקן וועגעלע — נאָכגעגאנגען דער צעפאכלטער אינדערפרי.

— זע, זע!

אויסגעקלאָרטע גרויכע פלוימען־אויגן האבן זיך אויסגעברייטערט, געצונדן האָט זיך די באגייסטערונג.

רבקה האט געלאסן זיך געצויגן צום פאנאנדערגעוויקלטן ליכט.

א קוואל, קינדער ביים קוואל, לעבעדיק וואַכער אין דער זשמעניע, א מיידל מיט לאנגע, שווארצע צעפּ ביז צום טריט און א קויש ווייַנטרויבן אויף איר קאָפּ. א קופּער־גלאנציקער זקן מיט א לבנהקער באָרד רייט פארביי אויף א דריבנע אייזעלע און עס בוואַליעט דער רויש, דער קאָליריקער, זיך איבערגיינדיקער טומל פונעם פולן מארק, וואָס האט זיך געעפנט דאָ־אָ צופוסנס — אלץ, אלץ האָט זיך ווו דערנאָך אוועקגעשטעלט.

רבקהס שווארצאפלען פלאַמען, די ברוסט רעגט זיך פריידיק. זי האלט דעם מאן ביים עלנבויגן. מורמלט: „ווי שיין!“ און זי ווייסט נישט, אז זי זאָגט עס, אז זי האט באזיגט די שרעק פארן טויט, וועלכן זי האט ערשט אנומלט געאַנט.

און גייט ווידער אָן א הויכער־הויכער קעמל — זיין רויטלעך באוואקסענעם האָריקן פוס שטעלט ער קוים פאָרויס, ער לייגט א לענגלעכן שאָטן אויף דער ווייס אויפגעברענטער ערד — און ער דערשרעקט זיך פלוצים מיט דער שרעק פאר בייזס, הויבט זיך אויף דער פאנאנדערגעגאסענער זוניק־הורזשנדיקער פּאַדע און לויפט און פּאָטשעט מיט אלע זיינע מיילער, קאָלירן און ריחות. די געלאסענע, ריזיקע בריאה האט, גלייך א מדבר־שטורעם, ראַפּטום צעפּלאַשעט די אויסגעדארטע ערד, דעם אומרואיקן מענטש. בלויז שטויב־באדעקטע ביימער בלייבן שטיין גאַפנדיקע; פארשעמט־זשמורענדיק קוקן איבערגעקערטע קוישן פרישע פרוכט, צעפּאטשטשטע

הייפּעלעך קרויט ליגן אין ברוגז. דער פּאַרטייבטער אַרום באַנעמט נישט די מבולבל אָפּגעקוילערטע, העשנדיקע געשרייען. אַ קינדערישע מרער האָט זיך קויטיס פאַרבאַקן באַ אַ סמאַרנדיק נעוול, נערוועז האָט זיך צעציטערט אַ האַריקע גאַמבע. אין זײַן רוער רו האָט דער סטעפּ דאָ אומגעריכט זיך צע־בונדן, און אַ פרוי־מוטער איז אין דער אויפטרייסקטער שטילקייט פון דער גאַס, וואָס אין גרויסער זון, געלעגן אַן אָנמעכטיק געפאַלענע, אַ צעטראָטענע. דער טיף־בלויער הימל האָט אויף איר פאַרגליזט דעם בליק. דער צעשפּריצטער בלוט־פלעק אויפן מילדן פּנים פון דער פרוי האָט אים געאַרט, דעם הימל.

צוריקגעלאָפן צום בוים פון באַן־גאָרטן, וואָס איז דערווייל געוועזן איר היים און הויז, האָט רבקה טרויעריק געקוקט מיט בלייענע אויגן. די אַנידער־געזונקענע פרוי מיטן בלאָנדן האָר־קרוין אויפן טויט פאַרשטייפטן קאָפּ, האָט ברייט געגליווערט אינעם קרייז פון דעם מוטנעם שיין, אַ רינענדיקער פון רבקהס וויעס. בייניש, בייניש! — זי האָט זיך אַ קאָרטשע געגעבן פון אינערלעכן אויפשריי, קלאַמערנדיק זיך אָנעם בוים. דאָס פאַוואָליעדיקע הוי־קערדיקע באַשעפעניש, וואָס איז געוועזן אַרויסגע־גאַנגען פונם לויטערן אינדערפרי, האָט נאָך געוויל־דעוועט אין רבקהס אויערן, געטופּעט איבער די שלייפן.

און אַז טרויער און שווייגן האָבן מיטאַמאָל לעסטיק זיך אָנגעהויפּט אויפן געמיט, דער שטורעם פון גלייכגילט האָט אָפּגעברויזט, האָט אין די אויגן ווידער אַריינגעקוקט אַ גינציקער פרימאָרגן. אויפגע־וואַכט אויפן בלאָ פון דעם נייגעריקן טאָג, האָט רבקה, אַן אָפּגעצערטע, אַ באַלאָדענע מיט זאָרג, וואָס האָט ווייטלעך נאָך אָפּגעגרילצט אין איר, דער־שפּירט אַ שאַרפן אַפּעטיט צו ברויט. ערשט האָט זי פאַרנומען דעם צייטיקן ריח פון די ווייניקע עפּל, וואָס בייניש האָט געבראַכט. אין איר האָט ניילעך אויסגעציטערט דער פאַרבאָרגענער קלינ־געוודיק־זילבערנער נערוו פון אומפאַרגעגלעכן רייץ און געלוסט פון גרייז און קינד.

פונסניי פאַרטאָן מיט זיך, מיט די זאַכן און וואָכעדיקע עסקים, — דער מאַן איז נישט געוועזן; דער טאָג האָט אים אַרויסגעצויגן אויף פאַרמעסט: ווער וועמען וועט בייקומען? — האָט די פרוי אַ צוגעקניפּטע צום אָרט, ווידער אַרויסגעבליקט פון צווייגן די ביימער־שאָטנס. דער דרויסן האָט זשעדנע זיך געשפּרייט פאַר איר. רבקה האָט אויסגענויגט דאָס אויער, ס'אויג געשאַרפט אינם בלענדיקן שיין אויפן זאַמד און איז פאַרכלינ׳עט געוואָרן פונם דרויבלענדיקן, ברומענדיקן און שפּילעוודיקן אַרום.

---

אין אַן אייביקער קאַרוסעל דרייט זיך און הויז־דעט זיך דאָס וווּנדער פונם לעבן. רבקה, אַקאָרשט אַ געשלאָגענע פון גרויסער שרעק, ווייסט ווידער נישט אירע יאָרן, געדענקט שוין נישט דעם נעכטן, וואָס איז געווען אומדערבאַרעמלעך. פונסניי כשופט אַלץ און עס איז פריש, ווי ערשט אויפגעשפּראָצט.

— זע נאָר, זע!

ווי אַ קליין מיידעלע ווילט זיך איר איצט נאָכ־לויפן דער ברייט־פּנימדיקער שיינער פרוי, און אָנ־געטוענע אין רויטן, ענג־געניייטן סאַמעט, אין מע־נערשע שטיוול; יענע באַוועגט זיך ווי אַ זונענגלאָק, אינם הייסן, זינגעוודיקן שטויב־ווירבל, אַ רויכערנ־דיקער פון די פערדישע קלאָען, וואָס טראָגן די ריי־טערקע.

— אָ, אָ!

און אַלטער קירגיז וויגט זיך אויף אַ נידריק ביקל, וואָס אינדערמיט צווישן אַ ברייט שווימענדי־קער טשערעדע שעפּסן און ציגן און די בייטש און די פּיס זײַנע הענגען איבער דער פליסנדיקער ערד.

— וואַ־וואַ! — גיט רבקה אַ פּלעסקע מיט די דלאָניעס.

אינם צעבלאָזענעם שטראַלן־האָרן שפּרינגט גיך אַדורך אויף אַ פערד אַ בערדיקער מאַן אין אַ פאָר־טערנער מאַלאַכייע איבער שטערן און נאַקן און צוויי פּיצלעך מענטשן מיט קינדער־פּנימלעך הוי־דען זיך הינטערוויילעכטס ביי זײַן פּלייצע: טיופּ־טיופּ.

ווי אונטער צעוויקלטע זעגלען טראָגט זיך דער מאַרק אַקעגן די קולות און קאָלירן. מענטש און בהמה וואַקלט זיך אין שכרות פון זון און קומיס. אינמיטן דעם פּייערליכן גערויש בייסט עמיץ אויף ווייסע, שטאַרקע ציין האַרטע, קליינע קעז־קייקע־לעך, צענויפקוועטשנדיק מיט תענוג די שוויסיק־קרומע אויגנשניטן; אַ טונקל־גלאַנציק פּנים, גלייך אַן אָפּגעפּוצטער טשוהונענער טאָפּ שמייכלט, מיט גרויסע ווייסלעכער שמייכלט קינדיש. עמעץ לאַכט הילכיק, אַקוראַט טעלער וואָלטן דורכאַנאַנד געפאַלן אויף האַרטן שטיין אַרויף און ווער עס אַנטלויפט בלייך דערשראָקן פאַר אַ חזיר, וואָס האָט זיך אָפּ־געריסן פון אַ וואָגן: אַללאה!

ברייט צעפּראַלט זענען די אויגן און גיריק עסן זיי די וווּנדער, די אייביק נייע.

אוי! זע! מינוטנווייז האָט רבקה זיך איינגאַנצן פאַרגעסן, פריידיק געפּאַטשט אין די הענט אַריין. נישט שטענדיק האָט בייניש זי געקענט הערן. ער איז אַרומגעגאַנגען זוכן אַ שטיקל צימער. דערפאַר איז זי אָפּט געבליבן אומעטיק. און אַז ער איז צו־ריקגעקומען, האָט זי אים באַגעגנט מיט אַ מיד לויכטנדיק פּנים:

— הערסט... — זי האָט זיך ווידעראַמאָל גע־קוויקט מיט די וווּנדער, דערוווּשטע אַרום זיך. דער האַרבער גערוך פון רויך און מלחמה האָט אין דעם אויגנבליק זיך אָפּגעטאָן פון איר.

* * *

אין אָנהייב איז די שרעק, די פאַרגעסונג לויפט אָן ווי דער עכאָ פונם וואַלד.

אַלמאַ־אַטאַ, 1945.

ש. קאַטשערגינסקי

# דער האַקנקרייץ איבער ירושלים דליטא

אין דער נאַכט פון מאָנטיק אויף דינסטיק האבן באַמבעס אָן אויפהער געריסן פון דער שטאָט שטיקערווייז. רעפלעקטאָרן האבן די מויערן באַלויכטן און ווי אין יעטווידן פענצטער אריינגעקוקט, ווי אויסצושפּירן דורך וועלכן שייבל די באמבע, דעם שפּליטער בעסער אריינצוואַרפן.

צוויי טעג זענען בלויז פאַריבער. שבת צו נאַכט האָט נאָך דער יידישער מלוכה־טעאטער אין ווילנע געשטעלט די פרעמיערע „דאָס גרויסע געווינס". דער עולם האָט אָן אויפהער אפּלאָדירט מאָריס ליאמפּען, קאַדיש, כּאַש, נחמה, שריפטזעצער, זעלווער, בערעגאָלסקי.

דער עולם...

פון קאָוונע, שאַוול, מאַריאַמפּאָל, זענען געקומען דעלעגאַציעס אויף דעם קולטור־יום־טוב...

די אינטעליגענץ ,נישט נאָר פון די יידן פון ליטע איז דאָ געווען. נישט נאר פון ליטע... אויך פּליטים פון פּוילן, וועלכע האבן זייער אָפּרו־אָרט אין ווילנע געפונען, זענען זיך צוזאַמענגעקומען אויף דעם יום־טוב. מען האָט דאָ געקאָנט זען נח פּרילוצקין און זעליק קאַלמאַנאָוויטש, ישראל ראַבאָן און חיים סעמיאַטיצקין, דעם מאָלער נתן קאָזשען און דעם פּיקס־רעזשיסער הענריק שאָראָ, משה זילבורג און אפרים קאַגאַנאָווסקי, מיכל בורשטיין און ד"ר גליקסמאַן, די ווילנער נח גאָלדשמיד, לערער, גראָדזענסקי, שאַליט, משה לעווין, בן־ציון מיכטאָם, גראַדע, סוצקעווער, וואָגלער, שמשון קאַהאַן, דוד אומרו, און ווער נישט...

זונטיק אינדערפרי, ווען די היטלער־האָרדעס האָבן שוין מאַרשירט איבער די גרענעצן פון דער סאָוועטישער ליטע, זענען נאָך טויזנטער ווילנער איינוווינער, נישט וויסנדיק נאָך פון דעם, געפאָרן, געגאַנגען אין די וועלדער וואָס געפינען זיך אין דער געגנט ארום דער שטאָט, זייער אָפּרו־טאָג פאַרברענגען...

אין דער זעלביקער צייט האָט זיך שוין געוויגט איבער די וועגן פון דער פּרייסישער גרענעץ ביי ווירבאַלן א גלאַנציקער שעוראָלעט, אין וועלכן ס'האָט זיך געהוידעט אין א געל־גרינעם אוניפאָרם איינער פון די פּירער פון ראָזענבערג־שטאַב.

ד"ר פּאָל האָט ער געהייסן.

ס'האָט זיך געוווּנדערט דער אַלטער שרייבער און פאַרוואַלטער פון דער סטראַשון־ביבליאָטעק חייקל לונסקי, וועלכער איז ארעסטירט געוואָרן תיכף, לויט דער פאַראָרדענונג פון ד"ר פּאָל און איז אין א פּאָר וואָכן ארום באַפרייט געוואָרן:

— ווי ער רעדט יידיש דער דייטש, ווי ער לייענט העברעיש, אפילו אין רש"י־כתב און תלמוד איז ער א שטיקל בקי.

ס'האָט זיך ארויסגעוויזן, אז ד"ר פּאָל איז שוין דורך דער היטלער־פּאַרטיי, נאָך פאַר דער מלחמה, געשיקט געוואָרן געהיים דערגאַנצן זיינע „וויסנשאַפטלעכע קענטענישן" אין ירושלימער אוניווערזיטעט.

ד"ר פּאָל האָט זיך צוריקגעקערט פון ירושלים און איז געוואָרן אין דער היטלער־פּאַרטיי פּראָפעסאָר פאַר יידן־פאָרשונג. אַלפרעד ראָזענבערג איז געוואָרן דער באַלעבאָס איבער די אָקופּירטע דייטשע געביטן, פּאָל איז געוואָרן זיין פאַרטרעטער איבער די קולטור־אוצרות. פּאָל איז אויך געוואָרן דער באַלעבאָס איבערן לעבן פון די, וועלכע האָבן די קולטור־אוצרות געשאַפן, איבער דעם פאַרוואַלטער.

ס'איז נישט קיין צופאַל, וואָס שוין אין די ערשטע וואָכן האָט זיך אָנגעהויבן אין ווילנע א רייניקונג פון דער יידישער אינטעליגענץ. אָנגעהויבן האָט דער פּראָפעסאָר פּאָל און די בלוטיקע ארבעט זיינע האָט פאַרגעזעצט ווייטער די געשטאַפּאָ. אין דער בלוטיקער מהומה, ווען פאַר די אויגן האָט זיך אויסער דער טויט, קיינער נישט געזען, כּמעט צענדליקער טויזנטער אומגליקלעכע האָבן פאַרביי [illegible] זענען פאַרשוונדן געוואָרן די בעסטע זין פון אונזער פאָלק. ס'איז פאַרשטיקט געוואָרן זייער הילפלאָז געשריי אונטער די בלוטיקע שטיוול פון פּאָליציאַנט, סאָלדאַט און געשטאַפּאָוויעץ. און ווען ס'איז געוואָרן א ביסל רויקער, ווען די לאַגע אין געטאָ האָט זיך „סטאַביליזירט", האָט מען מיטאַמאָל דערפילט ווער עס פעלט.

מיר האָבן אין געטאָ געשריבן זכרונות וועגן די אומגעקומענע, כּמעט מיר אליין זענען דאָך געווען מתים. מיר האָבן איינגעאָרדנט טרויער־אַקאַדעמיעס נאָך די געפאַלענע און געטראַכט, אז נאָך אונז וועט שוין נישט זיין ווער ס'זאָל טרויערן. אזוי איז געווען. דאָס געטאָ איז געווען א טויטן־קאַמער. בלויז צוליב דער גרויסער צאָל פאַראורטיילטע איז פאַר אנדערע דער טויט געקומען שפּעטער. געציילטע האָבן זיך געראַטעוועט, טייל האָט זייער לעבן באַשיצט דאָס געהיים אריינגעבראַכטע געווער, וואָס האָט פון די וועלדער דערנאָך אויך נקמה גענומען אָן די מערדער פון אונזער פאָלק.

ערשט איצט קאָן מען מאַכן דעם סך־הכל, ערשט איצט קאָן מען שרייבן זכרונות, איינאָרדנען טרויער־אַקאַדעמיעס...

— ווער זאָל אָבער שרייבן?..

אַלע זענען דאָך אומגעקומען...

בלויז וועגן א קליינעם טייל האָט זיך איינגעגעבן עפּעס אויפצוקלייבן ידיעות, בלויז מיט א טייל האבן מיר דורכגעמאַכט צוזאַמען דעם וועג ביז צום טויט... דער גרעסטער טייל איז פאַרשוווּנדן אויף אַלע אייביקייטן און אויף דעם גרויסן בית־הקברות, וועט דאַרפן געשטעלט ווערן א מצבה, א דענקמאָל אזוי ווי דעם אומבאַקאַנטן זעלנער, אויך דעם אומבאַקאַנטן יידישן שרייבער, קינסטלער, אַקטיאָר א. ד. גל.

אין די ווייטערדיקע נאָטיצן וויל איך דערמאַנען וועגן לעבן און אומקום פון די וואָרט־פירער נישט

נאר פון דער יידישער ווילנע, נאר אויך וועגן די שרייבער און וויסנשאפטלער, וועלכע האבן זיך בעת דער אקופאציע געפונען אין ווילנע. פון וועמען די מערדער האבן בלויז אן אש־געדעכעניש איבערגעלאזן אויף דעם גרויסן בית־הקברות הינטער ווילנע אין דער שיינער געגנט — פאנאר.

— —
—

די היטלעריסטישע אקופאציע האט געטראפן דעם באקאנטן כלל־טוער, סיים־דעפוטאט ד״ר י ע ק ב וויגאדסקי אין 96 יעריקער עלטער. דער אומדערמידלעכער קעמפער פארן יידישן כלל האט נישט געקענט שלום מאכן מיטן געדאנק, אז אזעלכע רציחות, שוין אין די ערשטע טעג פון דער היטלעריסטישער אקופאציע, זאלן גזעצלעך טאלערירט ווערן. ער איז אוועק צום דעמאלטיקן רעפערענט פאר יידישע ענינים נוימאן און געפאדערט אננעמען מיטלען קעגן דער מערדערלעכער הפקרות. ער האט פראטעסטירט קעגן דער פאראדענונג צו טראגן לאטעס.

— איר ווילט אונז נישט נאר פיזיש אויסראטן, האט מוטיק גערעדט דער אלטער דאקטאר, נאר אויך מאראליש. ווייניק איז אייך, אז מיר וועלן טראגן די לאטע אויפן ברוסט, ווילט איר אונז נאך דערנידעריקן צו טראגן עס אויף דער פלייצע... אבער...

דער יונגער פריץ האט א זעץ געטאן מיטן פויסט אין טיש און זיך צעשריען:

— ארויסטרייבן אים, דעם אלטן שמוציקן ייד!

דעם דאקטאר האט דאס מאל טייער געקאסט זיין שתדלנות. דעם ערשטן מאל איז ד״ר וויגאדסקי שוין געזעסן (אין 1917) אין א תפיסה אין דייטשלאנד. איצט האבן אים די דייטשן ווידער אריינגעזעצט אין זייערער א תפיסה אין ווילנע.

ס'האבן זיך אריינגעריסן צו אים בייגאט פאציאנטן (אויף דאנציגער געסל) און אים געהייסן זיך אנטאן.

— איך וועל נישט גיין! — האט ד״ר וויגאדסקי אויסגערופן.

זיי האבן זיך א ווארף געטאן אויף אים, צעשלאגן און אים אויף די הענט ארויסגעטראגן אויפן גאס און אים אוועקגעפירט אין דער תפיסה אויף לוקישקעס.

דער אינזשעניער דן קאמיי, וועלכער איז געזעסן אין איין צעלע מיט ד״ר וויגאדסקי און איז דערנאך פון תפיסה ארויס, האט מיר איבערגעגעבן. אז וויגאדסקי האט זיך אויסערגעוויינלעך שטאלץ און מוטיק געהאלטן אין צעלע און געמוטיקט די איבעריקע ארעסטאנטן. ער איז געווען שוין זייער קראנק, קיין דאקטאר צו אים האט מען אבער נישט גערופן. אין דער שטיינערנער צעלע האט זיך דער הארבסט באזונדערס געפילט מיט זיין נעץ און קעלט. יעדער פון אונז, דערציילט אינזש. קאמיי, האט געוואלט פון זיך אראפנעמען די בגדים און צודעקן דעם קראנקן דאקטאר, אבער דער דאקטאר האט זיך קאטעגאריש אפגעזאגט און געבעטן זיך נישט באמיען.

— מיר וועלן זיי איבערלעבן, יידן, — האט ער אלעמען געטרייסט — מיר האבן שוין איבערגעלעבט אזוינס אין אונזער געשיכטע.

די ארעסטאנטן אין צעלע האבן זיך כסדר געביטן, אלטע זענען אוועקגעפירט געווארן אויף פאנאר, נייע זענען געבראכט געווארן. דעם ד״ר האט מען געלאזן אין תפיסה ספעציעל זיך צו מאטערן.

אין גרויסע ווייען האט דער אלטער באליבטער כלל־טוער ד״ר וויגאדסקי אויסגעהויכט זיין נשמה אויף דעם שטיינערנעם דיל אין א צעלע פון דער לוקישער תפיסה.

וויגאדסקיס פרוי, העלענא, איז געווען אין געטא און האט באקומען אונטערשטיצונג פון יידן־ראט. בעת דער ליקווידאציע — איז זי אוועקגעשיקט געווארן אויף מיידאנעק.

— —
—

פון די ווילנער הריגות זענען אסך יידן געלאפן זוכן רעטונג אין אנדערע שטעט און שטעטלעך, און דאס רוב דארט דעם טויט געפונען. דער עסייאיסט נ פ ת ל י ווייניג איז מיט דער פרוי און צוויי קינדער אנטלאפן אין שטעטעלע סוויר. פון דארט קערט ער זיך צוריק אין ווילנער־געטא, וו ער ווערט א לערער אין די שולן. האלט רעפעראטן, שרייבט אן א גרעסערע ארבעט וועגן לייב יידוס. פארנעמט זיך צו שרייבן אן ארבעט וועגן קולבאקן. בעת דער ליקווידאציע גייט ווייניק אוועק אויף עסטאניע. די פרוי מיט צוויי קינדער אויף מיידאנעק.

אין עסטאניע ליידט ווייניג הונגער. ער קען נישט אויסהאלטן די שווערע ארבעט, ווערט קראנק אויף טיפוס און שטארבט אוועק אין נארווע, 1944 זומער־צייט אויפן 47־טן לעבנסיאר.

— —
—

פארוואגלט געווארן פון ווארשע אין דער שטאט פון זיינע קינדער־יארן, אין ווילנע, איז דער שרייבער און רעדאקטאר פון „ווארש. עקספרעס" מ ש ה זילבורג שוין אין די ערשטע אקופאציע־טעג האט זילבורג געהונגערט. וויסנדיק שוין א ביסל פון גורל וואס די דייטשן טראגן מיט זיך, האט דער אלטער שרייבער געזוכט מיטלען זיך צו ראטעווען. אבער זיין עלטער און שוואכער געזונט־צושטאנד, וואס איז געקומען צו אים צוליב די בסדרדיקע וואנדערונגען, האט פאר אים אפגעהאקט אלע מעגלעכקייטן פון לויפן זוכן ווייטערדיקע רעטונג. ער איז געבליבן אין דעם צווייטן געטא, אין געטא, וו ס'זענען אריינגעטריבן געווארן טויזנטער יידן, וועלכע זענען שוין פון פארויס באשטימט געווארן אויסגעמארדעט צו ווערן. ער האט זיך נאך געפרוווט ראטעווען, געפרוווט באהאלטן, געלאזט וויסן זיינע באקאנטע אין ערשטן געטא, אז ער בעט זיי, אים אריבערצונעמען צו זיי. די בלוטיקע מהומה האט אלע תחנונים פארשלונגען און א צעפייניקטער, א

פון קיינעם נישט באמערקטער איז דער 60־יעריקער שריפטשטעלער אוועקגעשיקט געוואָרן אין גרויסן ברודער קבר — אויף פּאָנאַר.

— —

—

דעם גרויסן וויסנשאַפטלער נ ח פ ר י ל ו צ ק י איז באַשערט געווען בלויז א קורצע צייט פון זיין לעבן (1939 - 41) פאַרנעמען אן אָרט, וואָס איז אים געקומען לויט זיין באַרוף: זיין א פּראָפעסאָר פון דער יידישער ליטעראַטור אין א מלוכה־אוניווערסיטעט (אין ווילנע).

נח פּרילוצקי איז תיכף ווי די דייטשן זענען געקומען קיין ווילנע, גערופן געוואָרן דורך די ראָזענבערג שטאַב־לייט, וועלכע זענען געווען די הערשער אויפן געביט פון קולטור אין די אקופּירטע געביטן: זיי האָבן פון אים געפאָדערט, ער זאָל ווייזן דעם סדר פון די פאַרשידענע אַרכיוון אין ייוו״אָ, זיי האָבן אים אַפילו צוגעשטעלט רשימות פון ביכער, קונסטבילדער און אַנדערע אַנטיקן, וואָס דער ייוו״אָ האָט פאַרמאָגט. פּרילוצקי, האָט עס זיי געדאַרפט ווייזן, צי עס ליגט אַלץ אויף אן אָרט. פּרילוצקי איז טאָג טעגלעך געגאַנגען אין ייוו״אָ אויף אָט דער אַרבעט. אים פלעגט באַגלייטן פון שטוב און אין שטוב א פּאָליציאַנט, קיינער זאָל אים נישט רירן. איצט איז ער, הייסט עס, צו דער דיספּאָזיציע פון דער דייטשער מאַכט. ער האָט דערפילט ווי אַלץ אַרום אים ברענט, אָבער צו דער פרוי זיינער פלעגט ער זאָגן:

— די שטוב ברענט, אָבער דער זייגער גייט ווייטער... אַזוי איז ער געגאַנגען טאָג איין, טאָג אויס, אין משך פון א פּאָר וואָכן, אין ייוו״אָ. נאָכדעם האָט אים שוין דער פּאָליציאַנט אַנשטאָט אין שטוב געבראַכט אין געשטאַפּאָ אויף דער מיצקעוויטש גאַס (אין בנין פון אַמאָליקן קרייז־געריכט). אויך פון דאָרט האָט מען אים געפירט אין ייוו״אָ. די וואָס האָבן אים געזען, דערציילן, אַז ער איז געוואָרן חושכדיקער, איינגעבויגענער. ס׳איז זיך געווען לייכט אַנצושטויסן, אַז דער געלערנטער ווערט אין געשטאַפּאָ, ביי די אויספאָרשונגען, געשלאָגן. משמעות (ווי דאָס איז שפּעטער קלאָר געוואָרן פון א ייד וואָס איז געזעסן מיט אים אין טורמע), די געשטאַפּאָ פאָדערט פון אים אַזוינע זאַכן, וואָס זיינען אין ייוו״א נישט געווען. דעם פּראָפעסאָרס טענות, אַז ער ווייסט פון דעם נישט האָט נישט געהאָלפן. מען האָט זיך צוגעטשעפּעט צו אים פאַר זיין רייכער פּאָליטישער פאַרגאַנגענהייט, פאַר רופן באָיקאָט אויף דייטשע סחורות. זיי האָבן שוין געוווסט, אַז פון פּראָפעסאָר וועלן זיי מער קיין זאַך נישט קאָנען אַרויסבאַקומען. דער גאַנג אין יי״וואָ איז געוואָרן אָפּגעשטעלט.

וועגן פּרילוצקיס סוף זענען אַרומגעגאַנגען צוויי ווערסיעס. די ערשטע, אַז מען האָט אים פאַרפּייניקט צום טויט; די צווייטע, אַז מען האָט פּרילוצקין, ווי א וויכטיקע יידישע פערזענלעכקייט אַרויסגעשיקט לויט דער פאָדערונג פון דער געשטאַפּאָצענטראַלע קיין בערלין.

פּרילוצקיס פרוי, די שריפטשטעלערין פּאַולאַ ר., איז געווען א קורצע צייט אין געטאָ. קיינער האָט זיך דעמאָלט נישט אומגעקוקט אויף איר. ביים פאַרטיילן די „געלע שיינען", האָט מען זי אויסגעמיטן. זי האָט נישט געוואָלט אין ערגעץ זיך באַהאַלטן און איז אין דער ערשטער הריגה, אין אָקטאָבער 1941, אוועקגעפירט געוואָרן קיין פּאָנאַר.

— —

—

ווי פאַר דער מלחמה האָט א באַזונדערן אָרט אין קולטור־לעבן אויך אין געטאָ פאַרנומען דער שרייבער, וויסנשאַפטלער און מיטבויער פון ייוו״אָ, ז ע ל י ק ק א ל מ א נ אָ ו י ט ש. ער איז געווען א קענער פון יעדן אָרט פּיזישן ווידערשטאַנד לגבי די דייטשן, ווייל מיר וועלן סיי ווי קענען זיי גאָרנישט אויפטאָן. ווען איך האָב אים א פרעג געטאָן:

— ווי וועלן מיר דאָס קוקן גלייך אין די אויגן אונזערע פריינט אויף דער פריי?

האָט ער אויפגערעגט געענטפערט:

— נאָר זוכט נישט ביי קיינעם קיין באַרעכטיקונג... און איך פאַרזיכער אייך, קיינער וועט אייך נישט באַשולדיקן... און צום סוף — מיר האָבן זיך אָפּגעזאָגט פון עולם־הבא — אָט האָט איר דעם עולם הזה...

אויך מיט אַנדערע געזעלשאַפטלעכע אַרבעטן האָט זיך קאַלמאַנאָוויטש פאַרנומען. געווען פאַרזיצער פון וויסנשאַפטלעכן קרייז אין געטאָ, מיטגליד פון „ברית עברית", געהאַלטן אומעטום רעפעראַטן און געפירט דיסקוסיעס.

ווען די לאַגע אין געטאָ איז געוואָרן באַדראָט, איז ביי מיר מיט סוציקעווערן געווען א פּלאַן, צו געפינען ערגעץ א באַהעלטעניש אין שטאט — א באַקאַנטן ליטווינער און באַהאַלטן דאָרטן קאַלמאַנאָוויטשן און נאָך עטלעכע באַקאַנטע פּערזענלעכקייטן (דעם דיריגענט דורמאַשקין, דעם יונגן ד״ר זאַלקינדסאָן א. אנד.). ווען פון דעם פּלאַן איז גאָרנישט געוואָרן, האָבן מיר געטראַכט מיטצונעמען קאַלמאַנאָוויטשן צו די פּאַרטיזאַנער, אויף וואָס קאַלמאַנאָוויטש איז שוין איינגעגאַנגען.. ביי די אַפּגייען אַרויסצופירן די יידן אויף עסטאָניע איז אָבער קאַלמאַנאָוויטש אַרויס פון שטוב און א פרעג געטאָן ביים צעטומלטן געגנס:

— ה׳ קאָמענדאַנט, גיין? — און איז אַוועק פרייוויליק צום טויער, פאַרנדיק דעם פריער צוגעגרייטן פּלאַן.

אין א פּאָר טעג אַרום איז פרייוויליק אַוועק צו אים זיין פרוי, וועלכע איז אָבער אַוועקגעפירט געוואָרן אויף טרעבלינקע.

אין לאַגער קיוויאָלי, וווּ קאַלמאַנאָוויטש איז געבראַכט געוואָרן, איז שוין זיין לאַגע געוואָרן אַסך ערגער. ער האָט שטאַרק געהונגערט, געקרענקט, אָבער געווען גליקלעך וואָס ער האָט נישט קיין שווערע פּיזישע אַרבעט, און איז באַשעפטיקט ביים רייניקן קלאָזעטן, הויפן און וועגן. דעם אָפּטימיזם האָט ער אָבער אַלצנישט פאַרלוירן, איז געשלאָפן אויף איין נאַרע מיט משה־לערער. און ווען דער לעצטער איז קראַנק געוואָרן, האָט זיך קאַלמאַנאָ־

וויטש פֿאַר אים געזאָרגט, געהאָלפֿן, נישט אָפּגעטראָטן פֿון אים ביז לערער איז פֿאַר זיינע אויגן אויסגעגאַנגען.

די פּרעסט, דאָס נישט האָבן קיין וואַרעמען בגד און נישט דערעסן, האָט קאַלמאַנאָוויטשן אויסגעשעפּט. ער האָט נישט געוואָלט מודה זיין און אַליץ געפּרוווט גיין צו דער אַרבעט. ער האָט זיך אָבער געמוזט אונטערגעבן און איז אין ווינטער 1944 אויף דער האַרטער, שמוציקער נאַרע, אין נאַרווא אויסגעגאַנגען. זיין אויסגעדאַרטן גוף האָט אויפֿגעפרעסן דער גליאַיקער אויוון.

—

— —

פֿאַר אַ מיטגליד פֿון ערשטן יידנראַט איז באַשטימט געוואָרן דער באַקאַנטער ליטעראַט אַדוו. פּ נ ח ס ק אָ ן. ער האָט זיך געפֿילט זייער צעבראָכן ווען איך האָב אים געטראָפֿן, אין די ערשטע אָקופּאַציע־טעג, אויפֿן הויף פֿון יידנראַט האָט ער זיך צעוויינט:

— אַך קאַטשערגינסקי, ווען איר ווייסט וואָס דאָ טוט זיך אָפּ.

ווי צו אַן אַדוואָקאַט און געז. טוער, פֿלעגן דערשלאָגענע און באַרויבטע יידן קומען צו אים אַליץ דערציילן. מען האָט נאָך געמיינט, אַז מען וועט קאָנען קעמפֿן, פּראָטעסטירן קעגן דעם ווילקיר. אַרויסגעוויזן האָט זיך אָבער שפּעטער, אַז דאָס איז אַליץ מלוכהש, רעכטלעך אָרגאַניזירט. דאָס האָט אים נאָך מער צעבראָכן. ער האָט עס נישט געקענט פֿאַרשטיין, ווי אַזוי דאָס איז מעגלעך? די שווידערלעכע מעשים קעגן די יידן זענען דאָך אַפֿילו גרויזאַמער פֿאַר די באַקאַנטע נירנבערגער געזעצן. ער איז נישט איינמאָל מיט זיינע קאָלעגן, מיטגלידער פֿון יידנראַט, גערופֿן געוואָרן צו די דייטשע מאַכט־אָרגאַנען, אויסצוהערן באַפֿעלן. ער האָט געפּרוווט אויפֿווייזן... פּראָטעסטירן... די דייטשן האָבן אים אויסגעלאַכט.

לאַנג האָבן די דייטשן נישט דערלויבט דעם ערשטן יידנראַט צו עקזיסטירן. סוף אויגוסט, אין דער באַקאַנטער פּראָוואָקאַציע, ווו ס'איז אויך אַריינגעפֿאַלן די סטראַשון־גאַס, זענען אויך אויף פּאָנאַר אַוועקגעפֿירט געוואָרן די מיטגלידער פֿון יידנראַט, וועלכע האָבן זיך דאַן געפֿונען אין זיין לאָקאַל. אויך פּנחס קאָן איז געווען צווישן זיי.

— —

—

אַוועקצופֿאָרן אין אויסלאַנד, ווי אַנדערע זיינע חברים, באַוויזט נישט דער בונדישער טוער און זשורנאַליסט ה ע ר מ אַ ן ק ר ו ק. אין געטאָ איז ער געווען אָנפֿירער פֿון סטאַטיסטישן אַמט, וואָס האָט גלייכצייטיק אַרונטערגענומען אַ ריי אינסטיטוציעס (ביבליאָטעק, לייענזאַל, מוזיי, אַרכיוו, ביכער־געשעפֿטן, סעקציע פֿאַר געשיכטע פֿון יידן אין דער צייט פֿון דער מלחמה א. ד. גל.). קרוק האָט די אינסטיטוציעס זייער גוט אָרגאַניזירט און זיי געבראַכט צו פֿולשטענדיק גוט אָרגאַניזירטע איינסן, וועלכע האָבן נוצן געבראַכט די געטאָ־איינוווינער און וועלן אויך נוצן ברענגען די געשיכטע־פֿאָרשער

פֿון ווילנער געטאָ. ער האָט געפֿירט אַ טאָג־בוך, ווו ס'זענען פֿאַרצייכנט געוואָרן אַלע טאָג־געשעענישן נישט נאָר אין ווילנער געטאָ, נאָר אויך די געשעענישן אין אַנדערע געטאָס און לאַגערן, פֿון וואַנען יידן פֿלעגן קומען אַהער. איינציקע בלעטלעך זענען פֿון טאָג־בוך פֿאַרבליבן. ווי דער גראַט[illegible]מגר. באַלבערישסקי גיט איבער, האָט אים קרוק פֿאַרטרויט, אַז אין ווילנע אויף קליין־סטעפֿן גאַס נר. 19 אויף אַ בוידעם זאָל ער האָבן באַגראָבן דעם טאָג־בוך מיט אַסך פֿאָטאָגראַפֿיעס פֿון ווילנער געטאָ. כ'בין אַוועק דאָרטן זוכן, אָבער אויפֿן הויף זענען פֿאַראַן גרויסע בוידעמער און די אַרבעט דאַרף געדויערן נישט איין וואָך, פֿאַר נישט איין מענטש עס אויפֿצוזוכן. (אויב עס האָט עס שוין ווער זיך פֿריער נישט מטריח געווען און עס געטאָן). אויך אין געטאָ גופֿא האָט קרוק געזאָלט פֿאַרמויערן אַן עקזעמפּליאַר פֿון טאָג־בוך. אָבער ליידער, איז נישט באַוווּסט ווו.

קרוק האָט גענומען אַן אַקטיוון אַנטייל אין דער בונדישער באַוועגונג אין געטאָ. איז געווען איר אָרגאַניזאַטאָר און געגעבן דער באַוועגונג אירע ריכטליניעס. פֿון דער פּאַרטיזאַנער־באַוועגונג האָט ער זיך געהאַלטן ווייטלעך, כאָטש די בונדיסטן האָבן זיך צו איר שפּעטער פֿאַראייניקט. געווען אַ פּרעזידיום־מיטגליד ביי דער ליטעראַטן־פֿאַראייניקונג. געפֿירט אַ ריי ליטעראַרישע אָוונטן (צווישן אַנדערן וועגן יונגווילנע, ערשטן מאַי א. אַנד.).

ביי דער ליקווידאַציע פֿון געטאָ איז קרוק אַוועקגעשיקט געוואָרן אויף עסטאָניע. אין דאָרטיקן לאַגער קלאָגע איז ער געווען באַשעפֿטיקט ביי שווערע פֿיזישע אַרבעט. דאָך פֿלעגט קרוק, אויך דאָרטן, אין די אָוונטן, פֿירן זיינע נאָטיצן (געפֿינען זיך אין ווילנער ייִדישן מוזיי) און טאָג־בוך.

ווען די רויטע־אַרמיי האָט זיך דערנענטערט צו די עסטישע גרענעצן, האָבן די דייטשן דערשאָסן און פֿאַרברענט די יידן פֿון לאַגער אין קלאָגע. צווישן די קרבנות איז אויך געווען הערמאַן קרוק.

י ש ר א ל  ר א ב אָ ן.

אַן אויסגעמידעטער פֿון ביזאַהעריקע וואַנדערונגען, אונטער האָגל פֿון קוילן (וואָס ער האָט באַשריבן אין זאַמלבוך „אונטערוועגס") האָט ער שוין מער וואַנדערן נישט געוואָלט. געווען שטאַרק אַפּאַטיש און צעבראָכן, פֿון שטוב נישט אַרויס, פֿון בעט נישט אַרויס, ביז... מען איז געקומען נאָך אים. געפֿירט האָט מען, דעם ייִדישן שרייבער ישראל ראַבאָן (פֿון זיין שטוב אויף דער שלאָס־גאַס) דורך דער ברייטער הויפּט־גאַס א. נ. פֿון פּוילישן פּאָעט אַדאַם מיצקעוויטש. אַ זומערדיקער טאָג איז דאַן געווען. די זון האָט זיך צעלייגט אין קלאָווישן אויפֿן אַספֿאַלטענעם ברוק. ווי זיי וואָלטן אַ טרויער־כאָרש געשפּילט נאָכן נאָך לעבעדיקן ראַבאָן, וועלכער איז געגאַנגען פֿאַרן פּאָליציאַנט אַ צעשויבערטער, אַ פֿינצטערער, ווי נאָך זיין אייגענער לוויה...

נאָך צענדליקער, צענדליקער זענען זיי פֿאַראַן, די קדושים־שרייבער, וויסנשאַפֿטלער, זשורנאַליסטן. אַניליאָוויטש, הייטסאַן־באַסטאַמסקי, היישעריק, מאַקס וויט־חפֿץ, ד"ר דניאל פֿיינשטיין, ד"ר

צ. פעלדשטיין, הערש גוטגעשטאלט, משה שאליט, חיים לעווין, יאנקל גערשטיין, ש. דרייער, ש. זשירכאן.

מיר האבן אינגאנצן נישט דערמאנט קינסטלער, מוזיקער און אנדערע קולטור־טוער.

דער האקן־קרייץ האט געשניטן אין אלע צייטן פון מעת־לעת. געזייט טויט צווישן מענטשן און חורבן צווישן די אוצרות פון דער מענטשלעכער קולטור. כתבי־ידן, ארכיוון, ביכער זענען אוועקגעשיקט געווארן ווי מאקולאטור אין די פאבריקן פון פאפיר. בלייענע מאטריצן זענען איבערגעגאסן געווארן אין הארמאטן־קוילן.

אויף דער ווילנער באנסטאנציע איז אין סעפטעמבער 1943 שוין געהאנגען אן אויפשריפט „ווילנע יידן־ריין".

ווען מיר זענען געקומען אין יולי 1944 צוריק אין דער באפרייטער ווילנע, האבן מיר די שטאט געפונען נאך א רויכערנדיקע. פון די חורבות אין יידישן געטא, האט מיטאמאל זיך ארויסגעריסן א פלאם־פייער, וואס האט ווי געוואלט דערמאנען אן דער גרויסער קאטאסטראפע. דער פלאם האט זיך נישט פארלאשן, זיך אלץ העלישער פונאנדערגעפלאקערט...

טראגן מיר מיט זיך דעם פלאקער אין הארצן, עס ברענט און וועט שוין קיינמאל נישט אויסגעלאשן ווערן...

---

## מ. נודעלמאן

# יידישע אקטיארן פון פוילן אין דער מלחמה־צייט

## געווען אמאל א יידישער טעאטער־צענטער אין ווארשע

שוין אין 1939, אין די ערשטע טעג פון באמבארדירן ווארשע, האבן די צוויי יידישע טעאטער־געביידעס „נאוואשטשי" אויף ביעלאנסקא־גאס און „סקאלא" אויף דזשעלנא־גאס באקומען דעם ערשטן פארניכטנדיקן קלאפ. „נאוואשטשי" איז אוועק מיטן רויך, „סקאלא" איז געווארן רואינירט. אלס זכר פונם דאזיקן פאלקס־טעאטער איז בלויז געבליבן א פאראטע, עט א שטיקל פאדערשטע טיר און אויף דער טיר איז געבליבן פאריתומט הענגען א רעקלאמע־ברעטל מיט אן אויפשריפט פון דער לעצטער פיעסע, וואס איז אין דאזיקן טעאטער געגאנגען נאך מיט צוויי טעג פריער. די פיעסע האט געהייסן: „אזוי איז עס געשען".

דער בייזער ווינט פון 1939 האט דעמלט נאך דער ערשטער באמבארדירונג געווארפן דעם סימבאלישן „אזוי איז עס געשען" אויף רעכטס און אויף לינקס און האט דערמאנט דעם דערשראקענעם יידישן דורכגייער: זעסט, אזוי איז עס געשען...

אבער דאס איז געווען דער אנהייב פונם סוף. מיט טרעבלינקע, מיידאנעק און אשוויענטשים האט זיך ערשט שפעטער פארענדיקט דאס רויכע קאפיטל „יידיש טעאטער אין פוילן".

עס איז נאך אבער נישט געקומען צו דער עפנטלעכקייט דער גענויער בילאנס פונם גרויסן פארלוסט פון דער קולטור פאזיציע, וואס האט געהייסן „יידיש טעאטער אין נאכמלחמהדיקן פוילן". עס זענען נאכנישט פאר אלעמען באוווסט די פרטים פון געראנגל צווישן לעבן און טויט, וואס עס האבן מיטגעמאכט פיל יידישע אקטיארן פון פוילן, וועלכע זענען געבליבן פארקוועטשט אין די היטלער־כעלי. עס איז נאכנישט צונויפגעזאמלט געווארן דער גאנצער מאטעריאל, וואס זאל געבן א בילד פון דער פארניכטונג אויפן דאזיקן קולטור־אפשניט און וואס זאל גלייכצייטיק דינען אלס מצבה אויפן אומבאקאנטן קבר פון באקאנטע יידישע אקטיארן. עס וועט זיכער קומען די ריי אויף צו באארבעטן און ארויסצוגעבן אזא וויכטיק ווערק. איצטער, אין די ראמען פון א באגרענעצטן זשורנאל־ארטיקל, ווילן מיר בלויז איבערגעבן בקיצור א בינטל אינפארמאציעס וועגן לעבן און ווירקן פון יידישן אקטיאר אין דער אקופאציע־צייט. מיר ווילן אויך ברענגען אביסל ידיעות וויאזוי די לעבנגעבליבענע „בלאנדזשענדע שטערן", וואס זענען געווען צעזייט און צעשפרייט אין משך פון זעקס יאר, האבן ווייטער געצייגן די פעדים פון יידיש טעאטער.

### יידיש טעאטער בעת דער אקופאציע

#### 1. אין ווארשעווער געטא

די ערשטע צייטן איז וועגן שפילן יידיש טעאטער קיין רייד נישט געווען. אביסל שפעטער, ווען עס האט זיך אנגעהויבן „אויסקריסטאליזירן" די יידישע לאגע, האבן די יידישע אקטיארן גענומען זוכן „פלאצוווקעס" אויף צו געבן פארשטעלונגען פארן יידישן עולם.

די יודנראטן, וועלכע האבן געמיינט, אז עס וועט זיי סוף־כל־סוף געלינגען צו נארמאליזירן דאס יידישע לעבן, האבן מיטגעווירקט אויסצולעבן דאס יידישע טעאטער. עס האבן זיך ארגאניזירט טעאטערן. די דייטשע מאכט האט צו ערשט געקוקט דערויף דורך די פינגער און ווען עס האבן זיך אנגעהויבן די פארשטעלונגען זענען זיי אפילו דורך די דייטשן פארפילמט געווארן. אין ווארשעווער געטא איז רעמאנטירט געווארן דאס רואינירטע „סקאלא"־טעאטער. מ'האט צונויפגעסטריגעוועט א פראגראם און געשטעלט א רעווי.

פארשטייט זיך, אז וועגן געבן אקטועליען אינם רעווי־פראגראם איז קיין רייד נישט געווען. מ'האט געגעבן „פארעווע" נומערן אן שום אנצוהערעניש אויף דער טרויעריקער יידישער ווירקלעכקייט. קיינעם האט מען חלילה אינם פראגראם נישט אנגעריפן. דער רעפערטואר איז געווען אויסגערעכנט בלויז אויף וויילן דעם עולם און אויף מאכן אים פארגעסן אן אלעם וואס עס קומט ארום אים פאר. מ'האט געגעבן פאלקס־לידלעך, „נישט־שעדלעכע" רעציטאציעס, סתם־סקעטשן און מ'האט אויך ארגאניזירט א רעוועלערסן־כאר.

אנגעפירט מיטן טעאטער האט דער אמאליקער יידישער טעאטער־געשעפטס־פירער מאיר ווינדער. מוזיקאלישער לייטער איז געווען ישראל גלאדשטיין. דער אנסאמבל איז באשטאנען פון א ריי אקטיארן מיט סטאזש, ווי: חיים סאנדלער, אייזיק סאמבערג, שלמה קוטנער, ש. קורץ, זשאק לעווי. דער פרויען־אנסאמבל איז באשטאנען

פון: רעגינע צוקער, חנה לעווין, יוכבד זילבערג און אסתר גאָלדענבורג.

דער פארלאנג צו זען טעאטער איז ביי יידן אין ווארשעווער געטא געווען אזוי גרויס, אז בלויז „סקאלא" האט נישט געקאנט באפרידיקן דעם גאנצן טעאטער־עולם. עס זענען אנטשטאנען צוערשט לעגאלע און שפעטער נישט לעגאלע פארשידענע קלענערע טרופעס. עס זענען אָפט פארגעקומען טעאטער־אימפּרעזעס אין לאקאלן פון די קיכן, וואס האבן עקזיסטירט אין געטא. אויך די הויז־קאמיטעטן האבן ארגאניזירט קאנצערטן, ווו עס זענען אויפגעטראטן פּראפעסיאנעלע יידישע אקטיארן.

יידישע אקטיארן אין ווארשעווער געטא האבן אויך געשפילט טעאטער אין אזעלכע זאלן, ווו פריער איז קיינמאל קיין יידישע פארשטעלונג נישט פארגעקומען.

אין א קינא־זאל אויף זשעלאזנע גאס איז אויפגעפירט געווארן „שולמית", ווו עס האבן געשאפן גלענצנדע קרעאציעס די לעצטע קרעאציע, פאר זייער אומקום, אייזיק סאמבערג, — אלס מנות און ש. פאסטל — אלס צינגיטאנג. עס זענען אויפגעקומען נייע סטארן, וואס זענען שנעל געווארן ליבלינגען ביי די טעאטער־גייער אין געטא.

אין „מעלאדי"־פּאלאס אויף רימארסקע־גאס איז געגאנגען, א רעווי אונטער דער אנפירונג פון דוד בירנבוים, וועלכער איז גלייכצייטיק געווען קאָפערזאנסיע פון דער רעווי. צום אנסאמבל האט אויך געהערט די אקטריסע פון יונג־טעאטער דארא פאקעל. אין די פּראגראמען אין מעלאדי־פּאלאס, האט מען פּרובירט פון צייט צו צייט אד[illegible] אויך [illegible] נומערן, וואס האבן אפּגעשפּיגלט דאס געטא־לעבן. אין די דאזיקע נומערן האט מען רוזיקירט אויף א לייכטן אופן אנצוגרייפן דעם יודנראט.

סיסטעמאטיש מיטן ליקווידירן דעם געטא, זענען אויך פארשוואונדן די אלע טעאטערן, וואס זענען געווען טעטיק אויפן שטח פון געטא. די יידישע שוישפּילער זענען אריין אין פארשידענע שאפּן און בונקערס. דער רוב אקטיארן האט זיך [illegible] ענטרירט אין „קינסטלער"־שאפּ אויף מי[illegible]ע־גאס. דער דאזיקער ארבעטס־שאפּ איז שוין אויך געווען דער לעצטער שטיץ־פּונקט פון דער איבערגעבליבענער יידישער אקטיארן־משפּחה אין ווארשע. פון דאנען האט שוין דער וועג געפירט קיין טרעבלינקע...

## 2. לאָדזשער געטאָ

אין לאָדזש איז געבליבן א באדייטנדיק קלענערע צאל יידישע אקטיארן. אבער אויך אין דארטיקן געטא האט זיך אנטוויקלט א יידיש טעאטער־לעבן. די ערשטע צייט פון דער אקופּאציע האט קיין שום טעאטער נישט עקזיסטירט. עס זענען געווען א.ג. „כאב"־פארשטעלונגען", וואס די „יידישע מאכט" האט טאלערירט, אבער נישט אונטערשטיצט. אזעלכע פארשטעלונגען זענען פארגעקומען ערגעץ אין פּריוואטע וואוינונגען פאר היימישע קרייזן פון צושויער.

אין די סוכות־טעג אין 1940, האט מען זיך שוין פארמאכטן אויף גרעסערע אונטערנעמונגען, אבער אויך זיי זענען פארגעקומען אין פארווארפענע ערטער. ערגעץ אויף א בוידעם שטיבל אויף ריבנע־גאס נומער 17 האבן אמאטארן געשטעלט א רעווי צוזאמענגעשטעלט פון אלטע „נייטראלע" נומערן פון די געוו. יידישע רעווי־טעאטערן פון ווארשע און לאָדזש. אינעם „זאל" אויפן בוידעם זענען נישט מער אריין ווי 50 מענטשן. אבער אזוי ווי עס איז געווען א גרויסע צאל יידן אויסגעהונגערטע נאך א טעאטער־פארשטעלונג האט די דירעקציע פון בוידעם־טעאטער געשפּילט דריי סעאנסן א טאג, און דאס האט געגעבן בערך 200 יידן טעגלעך די מעגלעכקייט צו שטילן דעם הונגער נאך א יידיש ווארט.

אין חודש פעברואר 1941 איז געלונגען צו באקומען אן אפיציעלע דערלויבעניש צו שפּילן טעאטער אין געטא.

אינעם יידישן קולטור־הויז, וואס האט זיך געפונען אינעם געוועזענעם ענדעקישן פּארטיי־לאקאל אויף קראוויעצקא 3 האט זיך געשאפן א יידישע רעווי. דער ערשטער פּראגראם האט געטראגן דעם נאמען „די גילדענע פּאווע", א נאמען, וואס האט פארשטייט זיך גארנישט געזאגט, פּונקט, ווי אלע נומערן פון פּראגראם האבן גארנישט געזאגט וועגן די טאג־טעגלעכע געשעענישן. און אז עס זאל זיך חלילה נישט ארויסכאפּן קיין מינדסטע אנדייטונג וועגן דער יידישער לאגע, דערפאר האט שוין געזארגט „דער עלטסטע דער יודען" [illegible] חיים רומקאווסקי. ער, בכבודו ובעצמו האט אליין צענזורירט די טעקסטן, געקוקט צו פּראבן און געגעבן אינסטרוקציעס, וועלכער נומער איז כשר און וועלכער — טריף. דער אנסאמבל איז באשטאנען פון עטלעכע געציילטע אקטיארן און אמאטארן. משה פּולאווער איז געווען רעזשיסער און הויפּט־אקטיאר. חיים וויינבערג, ספּיעלער פון פארמלחמהדיקן יידישן מאריאנעטן־טעאטער אין ווארשע און אין לאָדזש „חד גדיא", איז געווען דער ספּעץ פון קאפּירן דעם געוועזענעם לאָדזשער ליבלינג דעם אקטיאר ש. דזשיגאן. דוד בייגלמאן איז געווען מוזיקאלישער לייטער און דינה מאטוס — דעקאראטארין. צום אנסאמבל האבן אויך געהערט מאשעלע פּעטערמאן, רעגינא בערלינער און רוזשא בלאך.

די רעווי איז געשפּילט געווארן צוויי מאל אין דער וואך און איז געווארן שטארק באזוכט כאטש קיין אפישן זענען אין געטא נישט געווען, ווייל די געטא־פארוואלטונג האט נישט דערלויבט צו רעקלאמירן די יידישע פארוויילונגען.

אין משך פון א קורצער צייט איז אויך געוויזן געווארן אין געטא די א. ג. „פּאליציאנטישע רעווי". די דאזיקע רעווי האט געהייסן „פּאליציאניש" דערפאר, ווייל דער אנסאמבל איז באשטאנען פון די יידישע פּאליציאנטן — טעאטער־[illegible]. עס האבן זיך אויך דארט באטייליקט די צוויי פּראפעסיאנעלע אקטיארן הערשקאוויטש און ראקאוו. דאס פּראגראם פון דער פּאליציאנטישער רעווי איז או פּגעפירט געווארן אין דער פּוילישער שפּראך. עטלעכע נומערן — אויך אין יידיש. אויך איבער דער דאזיקער רעווי האט געהאט די השגחה דער פּרעזעס פון יודנראט רומקאווסקי. אבער נישט געקוקט דערויף, וואס דער רעפּערטואר איז דורך אים צענזורירט געווארן — איז [illegible] געשען א מכשול, וואס האט דערפירט צו ליקווידאציע פון יידישן טעאטער אין געטא.

צוליב א פארזען האט רומקאווסקי דורכגעלאזט דורך דער בינע א קופּלעט „בענדזשע לעפּיעי" (עס וועט זיין בעסער). די דייטשע מאכט האט זיך דערוווסט וועגן דער דאזיקער „עותד קייט" פון יידן, אז עס וועט זיין בעסער, און האט גלייך אנגענומען שטעלונג צום דאזיקן יידישן אפּטימיזם. און אין מיטן גאנג פון איינער פון די פארשטעלונגען האט זיך אין זאל באוויזן דער לייטער פון לאָדזשער קריפּא (קרימינאל־פּאליציי) סוטענער און האט מיט איין מאך מיטן פינגער אפּגעשטעלט די פארשטעלונג. דעם עולם און די אקטיארן זענען אין גרויס פּאניק זיך פונאנדער־געלאפן. ביים ארויסגאנג האט יעדער באזונדער באקומען געשלאגן.

אין סעפּטעמבער 1942 ווערט דער לאָדזשער געטא פארוואנדלט אין אן ארבעטס־לאגער. פון דעמאלט אן טאר מען שוין מער נישט שפּילן קיין טעאטער. די אקטיארן ווערן פונאנדערגעטיילט אין פארשידענע ארבעטס־רעסארטן. פון צייט צו צייט פלעגט אויף אין דעם אדער יענעם ארבעטס־רעסארט עפּעס א פארשטעלונג. אבער די דאזיקע בליץ־פארשטעלונגען גייען שוין אין געהיים.

אימלעגאל. סיי פאר אקטיארן און סיי פארן פובליקום דראַנגען א פארשטעלונג מיט לעבנס־געפאר.

סיסטעמאַטיש זענען אויך די ארבעטס־רעסארטן איינגעקוירטשעט. די לאגע ווערט פון טאג צו טאג ערנסטער. די אקטיארן פארשווינדן איינציקווייז. זיי קאָנען גיכט אויסהאַלטן דעם הונגער־נומערוס־עקזעקוטיל ביזן סוף. אלע קומען אום מיטן אויסנאם פון עטלעכע געראטעוועטע אקטיארן, וועלכע זענען ממש מיט נסים ארויס פון פייער.

# די יידישע אַקטיאָרן פון פוילן אין ראַטנפאַרבאַנד

אין דער זעלבער צייט, ווען די איבערגעבליבענע יידישע אקטיארן אין פוילן האבן זיך געראַנגלט אונטערן דייטשישן רעזשים בעת דער אָקופּאַציע און זענען ביז צו דער ענדגילטיקער ליקווידאציע כסדר געשטאַנען אויפן ראנד פון אָפּגרונט, — אין דער זעלבער צייט האבן די אנטלאָפענע יידישע אקטיארן פון פוילן קיין ראטנפאַרבאַנד באַוויזן מיטגעכאַפּט ווערן אין גרויסן פארנעם פאר־צווייגן זייער סצעניש ארבעט און ווייטער שפּינען די פעדעם פון די יידישע טעאטער־טראדיציעס.

אין מערב־ווייסרוסלאַנד זענען אנטשטאַנען דריי יידישע טעאטערן: ביאַליסטאָקער יידיש־דראמאטישער טעאטער, ביאַליסטאָקער מלוכה־יידישער מיניאַטור־טעאטער און א יידיש מערב־ווייסרוסישער באַוועגלעך טעאטער.

## 1. ביאַליסטאָקער יידיש דראַמאַטישער מלוכה־טעאַטער

פארן דאָזיקן טעאטער איז צוגעשטעלט געוואָרן די געביידע פון געוועזענעם „פּאַלאַס“ טעאַטער אין ביאַליסטאָק. צום אַנסאַמבל האָבן געהערט פּאָלגנדיקע יידישע אקטיארן פון פוילן. מ ע נ ע ר: אברהם מאָרעווסקי, משה ליפּמאַן, ש. לאַנדוי, ה. גינסבורג, יצחק גרודבערג, שעפּסל זאַק, הערש הארט, מ. קיין, ק. גוטמאַן, הערמעלין א. אנד. פ ר ו י ע ן: נאַטאַליא ליפּמאַן, צ. לאַנדוי, אסתר פערלמאַן, עני ליטמאַן, ליזא שלאָסבערג, דאַרע, שטיפּעלמאַן, פּינזילבער א. אנד. ר ע פּ ע ר ט ו א ר: „הערשעלע אסטראָפּאָליער“, „מירעלע אפרת“, „שטורעם“, „מאַלציוויט“ פון מאַרקיש א. א. פּיעסן. דאָס טעאטער האָט צוערשט געגעבן פארשטעלונגען אין ביאַליסטאָק און אין א ריי שטעט פון מערב־ווייסרוסלאַנד און שפּעטער אין צענטראַל־רוסלאַנד. דער מלחמה־אויסברוך צווישן דייטשלאַנד און ראַטנפאַרבאַנד האָט געטראָפן דעם אַנסאַמבל אין מאָהילעוו. פון דאָרטן האָבן זיי זיך עוואַקואירט אין צענטראַל־רוסלאַנד און שפּעטער — קיין מיטל־אַזיע. א טייל האָט זיך באַזעצט אין סאַמאַרקאַנד (אוזבעקיסטאַן) און א טייל — אין פרונזע (קירגיזיע).

פונם אַנסאַמבל אין ביאַליסטאָקער דראַם. טעאטער איז נאָך אין 1940 געשטאָרבן דער גוט־באַקאַנטער אקטיאָר שמואל לאַנדוי. ער איז געשטאָרבן אויף דער בינע אין מיטן דער פארשטעלונג פון שעקספּירס „שטורעם“. ער איז געקומען צו קבורה אויפן ביאַליסטאָקער בית־עולם.

## 2. ביאַליסטאָקער מלוכהש יידישער מיניאַטור־טעאַטער

דאָס דאָזיקע טעאטער איז געשאַפן געוואָרן אין אָקטאָבער 1939. די באַזע איז געווען — ביאַליסטאָק. צום אַנסאַמבל האָבן געהערט: דזשיגאַן, שומאַכער, וו. גאָדיק, יואל בערגמאַן, שמואליק גאָלדשטיין, מאַרק מאָראַווסקי, אָסאָוויצקי, מ. ראַטשטיין און בער שווארצשטיין. פ ר ו י ע ן: לאָלאַ פאָלמאַן, חיהלע שיפער, חיהלע לוקסעמבורג, לילא בערן, יודיטא בערג. פארשטעלונגען זענען געגעבן געוואָרן אין ביאַליסטאָק און אין אַנדערע שטעט פון מערב־ווייסרוסלאַנד און מערב־אוקראַינע.

שפּעטער איז דאָס טעאַטער ארויסגעפאָרן אויף גאַסטראָלן איבער ראַטנפאַרבאַנד. ווען די מלחמה איז אויסגעבראָכן, האָט זיך דאָס ביאַליסטאָקער מלוכהש מיניאַטור־טעאַטער געפונען אויף גאַסטראָלן אין אָדעס. פון דאָרט זיך עוואַקואירט קיין כאַרקאָוו, שפּעטער — קיין טאַשקענט און אשכאַבאַד.

פון דעמלט אָן האָט שוין דאָס טעאַטער אלס גאַנצע נישט עקזיסטירט און צום סוף איז דער קאָלעקטיוו זיך צעפאַלן.

אין פעברואַר 1942 איז געשטאָרבן אין אשכאַבאַד נאָך א קורצער קראַנקהייט, איינער פון די אָנגעזעענע מיטגלידער פון ביאַליסטאָקער מיניאַטור־טעאַטער, דער אַקטיאָר יואל בערגמאַן. אויפן אַשכאַבאַדער בית־עולם געפינען זיך דריי אָפּטיילונגען: א רוסישער, טורקמענישער און יידישער. דאָרט, אין דעם יידישן טייל פון בית־עולם איז געקומען צו קבורה יואל בערגמאַן. צו די שלושים האָבן אים די חברים געשטעלט א מצבה, אויף וועלכער עס איז געווען אויסגעקריצט: „יואל בערגמאַן, יידישער אקטיאָר פון פוילן, געבוירן 1900, געשטאָרבן 1942. דיין אָנדענק וועט שטענדיק מיטוואַנדערן אין וואַנדער וועג. — די חברים“. —

## 3. יידיש באַוועגלעך טעאַטער אין מערב־ווייסרוסלאַנד

דער דאָזיקער טעאַטער האָט געהאַט צוערשט די באַזע אין גראָדנע, שפּעטער — אין סלאָנים. דער אַנסאַמבל: לאַנגפּעט, קאָטשנקאָוו, הילסבערג, מאַקסימאָוו, אייזנבערג, וואָלפשטאַט, ליפּאָווסקאַ, מלך רובין, פּאָליאַנסקי, ראָזנצווייג, שאַקמאַן, גאַוואַ ווייז און פּאַגאַדאַ.

אַלע מיטגלידער פונם דאָזיקן קאָלעקטיוו זענען אַריינגעפאַלן צום דייטש באַלד אין די ערשטע טעג פון דער דייטש־סאָוויעטישער מלחמה. געראַטעוועט האָבן זיך בלויז צוויי אַקטיאָרן: קאָלעשניקאָוו און הילסבערג.

## 4. יידיש מלוכה־טעאַטער אין לעמבערג

דער קאָלעקטיוו פון יידישן מלוכה־טעאַטער אין לעמבערג האָט סיי לויט דער צאָל אַקטיאָרן און סיי לויט דעם פאַרנעם פון דער ארבעט געשלאָגן דעם רעקאָרד צווישן אַלע אַנדערע קאָלעקטיוון פון יידישע אַקטיאָרן פון פוילן אין ראַטנפאַרבאַנד.

אין דער שפּיץ פון דאָזיקן טעאַטער זענען געשטאַנען די באַקאַנטע אַקטיאָרן: אידאַ קאַמינסקאַ און שמחה נאַטאַן. אחוץ זיי האָט געהערט צום קאָלעקטיוו: א. ראַמבאַ, מיינאַ נאַטאַן, פּסח קערמאַן (געשטאָרבן שפּעטער פון טיפוס אין משקאַלאָוו), י. רווינגלאַס, קורלענדער, יעקב פישער, פריזאַמענט, אַמזעל וואָלף, מוזלער, הערבסט, אינגווענטאַזשי, מאַנדעלבליט, גרשון ראַט. פרויען: נעמי נאַטאַן, אידע נאַטאַן, סאַניע אַלטבוים, גיזי היידן, בערעלע אוריך, ז. אוריך, מאַניאַ מאַניעלאַ, רייקע בעזמאַן, יוסל גאַרליצקאַ, רחל רעליס, הענאַ מעל, מאַלאַ ואַליעס.

אין רעפּערטואַר פון לעמבערגער טעאַטער זענען געווען פאָלגנדיקע פּיעסן: „גאָלדגרעבער“, „מאַלציוויט“, „מירעלע אפרת“, משפּחה אוואַדיס“, „אומשולדיק שולדיק“ א. אנד.

ביים אויסברוך פון דער דייטש־סאָוויעטישער מלחמה האָט זיך א טייל פון קאָלעקטיוו געפונען אין לעמבערג, און א טייל איז געווען אויף גאַסטראָלן אין מערב־אוקראַינע. בערך 60 מיטגלידער פונם קאָלעקטיוו האָבן באַוויזן זיך צו עוואַקואירן קיין מיטל־אַזיע. א גרויסער טייל איז אָבער אומגעקומען דורכן היטלעריסטישן מלאך־המוות. אומגעקומען זענען פאָלגנדיקע אַקטיאָרן: נעמי נאַטאַן, אירא נאַטאַן, סאַניאַ אַלטבוים, בערעלע אוריך, רייקע בעזמאַן, מאַנולאַ, גרשון ראַט, אַמזעל

וואָלף.

די עוואַקואירטע יידישע אַקטיאָרן פון פּוילן האָבן זיך דערנאָך באַזעצט אין פאַרשידענע גרעסערע צענטערס פון מיטל־אַזיע ווי: פרונזע, סאַמאַרקאַנד, טאַשקענט. אין די דאָזיקע צענטערס האָבן זיך שפּעטער אויפסניי אָרגאַניזירט באַזונדערע קאָלעקטיוון.

---

איינצלנע אַקטיאָרן זענען אויך געוואָרן אַנגאַזשירט אין סאָוויעטישע טעאַטערן און פאַרנומען דאָרט א בכבודיקן פּלאַץ, אָדער אַליין אויפגעפירט קאָנצערטן.

דער באַוווסטער אַקטיאָר יוסף קאַמען איז אויפגעטראָטן אויף קאָנצערטן מיט רעציטאַציעס.

דער ברודער פון יוסף קאַמען, דער באַקאַנטער אַקטיאָר און רעזשיסער אַליאַשאַ שטיין איז אַנגאַזשירט געוואָרן אַלס איינער פון די רעזשיסערן פון יידישן מלוכה־שן טעאַטער אין מינסק. שפּעטער ווען דאָס מינסקער טעאַטער איז עוואַקואירט געוואָרן קיין נאָוואָסיבירסק האָט אַליאַשאַ שטיין דאָרט ווייטער מיטגעאַרבעט און אויפגעפירט א ריי פּיעסן. זיין פרוי, די אַקטריסע וויאַ פלוים איז געווען א מיטגליד פון קאָלעקטיוו אין מינסקער טעאַטער.

די רשימה פון די אומגעקומענע יידישע אַקטיאָרן אין משך פון זעקס יאָר אין ראַטנפאַרבאַנד דאַרף דער־גענצט ווערן מיט די נעמען: ק. גוטמאַן, א. קערמאַן, יוסף קאַמען, זישע קאַץ און א. דאַמב.

## תחית־המתים פון יידישן טעאַטער אין נייעם פּוילן

בײַם צוריק־אויפבוי פון יידיש טעאַטער אין פּוילן מוז מען קודם־כל נעמען אין באַטראַכט די יידישע אַקטיאָרן, וואָס האָבן זיך אָפּגעראַטעוועט אין ראַטנפאַר־באַנד. די דאָזיקע „בלאָנדזשנדיקע שטערן" זענען די יורשים פון דער אַמאָליקער גרויסער יידישער טעאַטער־משפּחה אין פּוילן. אויף זיי ווערט געלייגט די האַפע־נונג און זיי וועלן זיין די ערשטע בויער פונם צוקונפ־טיקן באַנייטן יידישן טעאַטער אין פּוילן. די דאָזיקע אַקטיאָרן, וועלכע האָבן זיך ס׳רוב אויפגעהאַדעוועט אויף די ברעטער פון דער יידישער בינע אין פּוילן דאַרפן איצט שפּילן די ראָל פון פּיאָנערן. זיי דאַרפן אָנהייבן פון בראשית.

---

יוסף וואָלף

# וועגן יידן אין דער פּוילישער נאָכאָקופּאַציע־ליטעראַטור

די ריכטער פונם אינטערנאַציאָנאַלן טריבונאַל האָבן ביי זייער צוגרייטונגען צום נירנבערגער פּראָצעס גע־מוזט זיך שטאַרק מפלפּל זיין וועגן די יורידישע יסו־דור פון זייער באַשולדיקונג.

יוריסטן טראַכטן קודם־כל מיט קאַטעגאָריעס פון פּאַ־ראַגראַף. און לויט דער אָנגענומענער טעאָריע האָט מען קיינעם נישט געקאָנט באַשולדיקן דערפאַר, ווייל ער האָט אויסגעפירט א געזעץ.

די שקלא וטריא האָט אַזוי לאַנג געדויערט ביז די טעאָרעטיקער זענען פאַר דער עפנטלעכקייט געקומען מיט א נייעם טערמין, דהיינו — אַז אין די יאָרן 1933 — 1945 האָט אין דייטשלאַנד געהערשט א. ג. „Vacuum iuris" א יורידישער חלל, משמעות א צייט אָן רעכט.

אָן ענלעכן חלל, בוואַלט עס פּאַראַפראַזירט און גע־זאָגט אַזאַ מין „Vacuum artis" הערשט היינט אין דער ליטעראַטור פון די געוועזענע אָקופּאַציע־שטחים, וואָס זענען נאָך אַלץ אונטערן רושם פון. יענע יאָרן.

בשום — שרייבער געפינען נישט קיין אויסדרוק אין דער ביז איצטיקער טעכניק פון קונסט.

מיר מוזן אָבער געדענקען נאָך איין זאַך: די נאָכ־קריגס־ליטעראַטור באַשטייט דערווייל לרוב פון גבית עדותן, דאָקומענטן (רויע אָדער באַאַרבעטע) — געשריי־בענע דורך מענטשן, וואָס זענען נאָך פּסיכיש נישט אינ־גאַנצן אַרויס פון אונטער די דראָטן.

דער רוב שוועבט נאָך צווישן דעם אַמאָליקן גרויל און דעם — וואָס זיי דאַרפן ערשט אויפבויען. די שטי־מונג ברענגט, למשל, שטאַרק און אמתדיק אַרויס מאָר־טשינעק 1).

אונז אינטערעסירט די באַציונג פון דער איצטיקער פּוילישער ליטעראַטור צו דער יידישער טראַגעדיע און עקזיסטענץ. און מיר האָפן, אַז דער פּראָגרעסיווער און אָבער קעמפנדיקער פּוילישער שרייבער, וואָס טראַכט וועגן די ענינים ווי אַן ערלעכער מענטש וועט אויף זיכער אַרויסברענגען די דייטשע זעקס יאָר מיט אַלע פּרטים און דקדוקים און געפינען דערויף נייע ווערטער אויף וועלכע עס שטעלן שוין די ערשטע שריט אַזעלכע קינסטלער ווי למשל לואי אַראַגאָן אין זיין בוך „קנעכטשאַפט און פראַנקרייכס גרויסקייט".

.2

צום ענין:

דער סך הכל פון דער יידן־טעמאַטיק אין דער פּוילי־שער נאָכאָקופּאַציע־ליטעראַטור איז געבויט אויפן סמך פון דער קליינער צאָל פּובליקאַציעס, וואָס האָבן זיך ביז היינט אין פּוילן באַוויזן און די צענדליקער פּאָעטישע שאַ־פונגען און דערציילונגען געדרוקט אין די פּוילישע ליטע־ראַרישע צייטשריפטן.

מיר וועלן אָנהייבן פון פּאָעזיע:

צו די ערשטע געהערט דאָס קליינע, דינע ביכל א. נ. „Z otchłani" („פון אָפּגרונט") קאָנספּיראַטיוו אַרויס־געגעבן נאָך אין די צייטן פון דער אָקופּאַציע דורך דעם יידישן קאָאָרדינירן־קאָמיטעט.

מיר האָבן דאָרט לידער פון מיעטשיסלאַוו יאַסטרון, א דיכטער פון דער מיטלער פּוילישער שרייבער־גענע־ראַציע, פאַרן קריג נאָענט צו דער „סקאַמאַנדער"־גרופּע — און היינט שוין א דיכטער מיט אַן אייגן פעסטגעבוי־טער פּאָעטישער פּאָזיציע. אין די לידער 2) קומט צום אויסדרוק דער תהום פון דער דייטשער אָקופּאַציע.

מיט אַנדערע לידער זענען דאָ פאַרטראַטן מיכאַל באָרנוויטש 3), וואָס איז דאָ אַרויסגעפאַלן אין א לירישן

---

1) Gustaw Morcinek: Listy spod Morwy.

2) "Pieśń chłopca żydowskiego", „Pogrzeb", „x x x", „Na zgliszczach", „Wspomnienie".

3) „Wysiedlenie", „Noc w baraku„ „x x x„

טאָן, — בשעסלאוו מילאָש מיט אַ ראַפינירט אויסגעבויט ליד 1), יאַן סאַט מיט זיין עקספּרעסיוו קאַמפּף־ליד 2) און טאַדעוש סאַרנעצקי 3).

פון אנדערע לידער געדרוקטע אין פעריאָדישע שריפטן איז כדאי אויסצורעכענען וולאַדיסלאַוו בראָניעווסקיס „צו די פוילישע יידן" געווידמעט שמואל זיגלבוימען און דאָס — אויף מיצקעוויטש סטיליזירטע — ליד „באַלאַדן און ראָמאַנסן", וואָס צייכנט זיך אויס מיט דער כאַראַקטעריסטישער — פאַר בראָניעווסקין פשוטער פּערמ און ריין מענטשלעכער תוחח.

וועגן יאַנוש קאָרטשאַק, דעם בארימטן פויליש־יידישן שרייבער פעדאַגאָג, וואָס איז צוזאַמען מיט זיינע קינדער, תלמידים, — פאַרגאַזט געוואָרן, האָבן אָנגעשריבן פּרעכטיקע לידער אַנטאָני סלאָנימסקי און ווימאַלד זע ענטער. (איננע עכאַנטע זכרונות וועגן דעם זעלבן האַט אנגעשריבן האַנקאַ מאָרטקאָוויטש 4).

ס'זענען נאָך דערשינען אנדערע לידער פון לעץ 5), גרישטשינסקי 6), וויעלאָוויעיסקאַ 7) א. א.

ס'איז זיך נאָר צו וווּנדערן, וואָס קאַזשימיעזש וויקאַ, אַן אמת אָביעקטיווער, אויפריכטיקער און אַגב גוטער ליטעראַטור־קענער האָט אויף 68 לידער צונויפגעזאַמלטע אין זיין אַנטאָלאָגיע 8), אַרויסגעגעבן אין יאָר 1945, אַריינגעשטעלט נאָר איין ליד פון יאַסטרון א. נ. „Pogrzeb" (די לוויה), וואָס איז אין דעם פּרט אין דער מדרגה פון אַן אַנדרוגינוס, נישט מאַן, נישט ווייב... יעדנפאַלס איז אויך דאָרט דאָס וואָרט ייד נישט פאַראַן.

אין יאָר 1945, ווען מען האָט אָקאָרשט, אַלס שוין באַפרייטע, פאַרמעל פעסטגעשטעלט די ליקווידאַציע פון איבער דריי מיליאָן פוילישע יידן, האָבן זיך — אין דער ערשטער אַנטאָלאָגיע פון דעמאָקראַטישן פוילן — אומבאַדינגט געדאַרפט באַווייזן לידער מיט דער טעמאַטיק פון יידיש אונטערגאַנג.

אַזוי, דאַכט זיך, טראַכט יעדער בעל־שכל.

אויב מיר רעדן שוין דאָ וועגן פּאַטעטיאַנעל־לירישער שאַפונג, איז כדאי צו דערמאָנען אַ פראַגמענט פון אַ דראַמע, אָנגעשריבן דורך אַננאַ שווירשטשינסקאַ 9).

אין דעם פראַגמענט האָבן מיר אַ געשפּרעך צווישן אַ רבין און אַ קאָמענדאַנט פון אַ דייטשן טויטן־לאַגער. דער דאָזיקער שמועס איז אָבער פאַלש אין זיין פּסיכאָלאָגישן אמת. דער גאַנצער שמועס ווירקט דעריבער קינסטלעך, נישט נאַטירלעך און עס איז שווער צו גלויבן, אַז מיט דער הילף פון פיקציע — אַ גענוג פּאָפּולערער דראַמאַטישער מעטאָד — זאָל מען קאָנען אויסמאָלן אַ בילד פון אַ יידן אין אַ טויטן־לאַגער פאַרן פאַרגאַזן.

געלונגען איז אָנגעשריבן סטעפאַן אָטוויגאָווסקיס דראַמע א. נ. „ווינקעלקאַנאַץ", וועגן יידישן ווידערשטאַנד אין געטאָ:

אויפן פלוין פון דער פוילישער געזעלשאַפט אַנטפּלעקט זיך דער מוראדיקער מצב פון יידן אין געטאָ און דער יידן־פּראָבלעם בכלל. די פוילישע העלדן פאַרטרעטן דאָרט כמעט אַלע שיכטן פון דער פוילישע באַפעלקערונג —

מיר האָבן דאָרט אולטראַ־דעמאָקראַטן און אידעאָלאָגישע אַנטיסעמיטן — און די יידן דערזעען מיר אינעם ליכט פון אמתן אָביעקטיוויזם אויפן ראַנד פון אַ געוויינלעך פוילישע שטעטל, וואָס זיינען נאַטירלעכער באַנטאַנדטייל זענען סיי יידן, סיי פּאָליאַקן, וווּ איין טייל שטערט נישט דעם צווייטן — און נאָר היטלער באַשאַפט די מויער הינטער וועלכער ס'שטיקן זיך מענטשן — יידן, וואָס אָרגאַניזירן אַ העלדישן ווידערשטאַנד.

די דראַמע האָט אַ סך סצעניש עפעקטן, וואָס סוגערירן מיט זייער אמתן תוכן.

5

נאָך ריכבער איז שוין די טעמע פאַרטרעטן אין דער פּראָזע.

אויב מיר רעדן דערפון מוזן מיר אָנהויבן מיט אַנדזשעיעווסקיס באַקאַנטער נאָוועלע אין שייכות מיטן וואַרשעווער געטאָ־אויפשטאַנד 10).

אַנדזשעיעווסקי האַלט זיך תמיד קאָנסעקווענט ביי זיין אינערלעכן גלויבן און אמת, כאָטש ער זוכט אים אויף פאַרשידענע וועגן.

נישט קוקנדיק דערויף, וואָס ער איז אַוועק פון דער קאַטוילישער, דאָגמאַטישער דאָקטרין, — פאַרטרעט ער ווייטער דעם אויבן דערמאָנטן, דעם אויביק אידעיִשן.

בעיקר אינטערעסירט אונדז אין זיין לעצטן בוך איין דערציילונג 11).

די אַקציע שפּילט זיך אָפּ אין דער צייט פון וואַרשעווער געטאָ־אויפשטאַנד, בשעת וועלכן אַ יידישע פרוי געפינט זיך מיט איר „אַריִשע פּאַפּירן" מחוץ דעם קעמפנדיקן און ברענענדיקן וואַרשעווער געטאָ. אַנדזשעיעווסקי שפּילט זיך נישט אין פּסיכאָלאָגיע — אין אינטראָספּעקציעס נאָר מיט פשוטע און רעאַליסטישע בילדער דרינגט ער אַריין אין דער פוילישער געזעלשאַפט און שילדערט זיין שטאַרקן „a-cu e".

די דערציילונג איז אַן אויסדרוק פון פוילישן דעמאָקראַטישן געוויסן:

אַרום דער יידישער פרוי דרייען זיך שאַנטאַזשיסטן, אינטעלעקטואַליסטן, קליינבירגער, עסטעטן און סתם גוטע מענטשן, וואָס באַשאַפן אַן ערלעך בילד פון אַלעם.

אינטערעסאַנט איז, וואָס די יידישע העלדין פון דער דערציילונג, אירענע, איז אַן אינטעליגענטקע.

אינטערעסאַנט דערפאַר, ווייל דער רוב פוילישע שרייבער זוכן אויס אינטעליגענטן אַלס זייערע יידישע אַקציע־העלדן ווי למשל בראָשקעוויטש 12), שטשעפּאַנסקאַ 13) און סאַנדויער 14).

זיי באַגייען דערביי צוויי טעותים:

ראשית, האַנדלדיק פאַר זיך אַן אינטעליגענט, פּסיכאָלאָגיזירן זיי שוין צופיל אין דער טעמאַטיק און אַקציע, וואָס עס טוט בפרט סאַנדויער, וועלכער דערפירט דעם פּסיכאָלאָגישן פּונקט ביז צו פינעזיע, אָבער טיילמאָל מיט אַ שקרדיקן סך הכל.

שנית, שאַפט זיך אַזוי אַרום דאָס בילד, ווי דער טראַגיזם, העלדישקייט, איבער־לעבענישן וואָלט געווען ביי דעם פשוטן פאָלקס־מענטש בלאַסער, שוואַכער און קלענער.

און ווער עס קען דאָס אָקופּאַציע־לעבן ווייסט, אַז עס איז נישט געווען אַזוי. פּרעכטיק באַאַרבעט אין אַ גבית־עדות וועגן אַ יידישער פרוי אין קאָנצענטראַציע־לאַגער

1) „Campo di fiori".
2) „Obrońcom ghetta".
3) „O męczeństwie rapsod pozgonny".
4). Hanka Mortkowicz-Olczakowa „Wspomnienia o Januszu Korczaku" „Odrodzenie" 35
5). „Anno" 1943".
6). „Ballada o Racheli".
7). Boże Narodzenie w Krakowie
8). Z lat wojny, Poezja polska 1939-1945
9). W baraku „Odrodzenie" 33

10) Jerzy Andrzejewski „Noc"
11) „Wielki tydzień"
12) Jerzy Broszkiewicz „Listopad" Odrodzenie 28
13) Maria Szczepańska „W ciemności" Odrodzenie 54
14) Artur Sandauer „Śmierć liberała" Odrodzenie 16
„Noc praworządności" „ 29
„Sprawa godności" „ 70

באגושעווסקא 1) (וואס וואלט אגב געדארפט דינען אלס מוסטער פון גבית־עדותן אין די יידישע היסטארישע קאמיסיעס). דארט דאמינירט נישט אזוי שטארק די ליטעראַרישע המצאה, דער קינסטלערישער כאַפּ, נאר דאָס ריין דאָקימענטארע.

אַזעלכע זענען אויך די דערציילונגען פון רודניצקי 2), לעם 3) און הערינג 4).

דער ערשטער באשרייבט דאָס ברענענדיקע וואַרשעווער געטאָ. ווי פון אנפאנג האָט ביי א טייל אויף דער „אריער" זייט זיך עקזיסטירט א גרייטקייט צו געבן הילף די קעמפנדיקע נאָר שפּעטער — ווען עס האָט שוין לאנג גענייערט איז די פאראינטערעסירונג אָפּגעשוואַכט געוואָרן. דער צווייטער שרייבט וועגן יידן, באהאַלטענע אין א בונקער, דער דריטער האָט אנגעשריבן א חצי אימפּרעסיע, חצי דערציילונג וועגן א יידיש קינד בשעת דער דייטשער ממשלה.

נייגנט פארשטענדלעך אָבער איז, וואָס גאיאָוויטשינסקא אין איר גוטער דערציילונג וועגן ארעסטאנטן אין פּאַוויאַק 5) מיידט אויס סר'וב צו זאגן עפּעס קאָנקרעטיקס און בולטס וועגן דעם ייד.

בפרט איז דער פאקט נישט פארשטענדלעך דערפאר, ווייל ביי איר אקציע זענען, אזוי צו זאגן, דא זעלטענע גע לעגנהייטן, ווי למשל דעמלט ווען די פוילישע פרויען מארשירן פארביי די צעלעס פון די יידישע פרויען. קיין אקצענט, קיין ווארט וועגן דעם.

אבער דעמלט, ווען די פלאמען פון ברענענדיקן וואַרשעווער געטאָ זעען זיך דורך דעם תפיסה־פענצטערל, די פרויען שטעלן זיך נאָר א ווײַלע אָפּ אויף דעם געטאָ־קאמף, מען פארשעפּעט נאָר מיט א וואָרט. אָבער וואָס פאַרא טעכנישע מעגלעכקייטן האָט

1) Helena Boguszewska „Do trzech razy" Odrodzenie 41
2) Adolf Rudnicki „Dzienniki" Kuźnica 1
3) Stanisław em „Placówka" „ 24
4) Ludwik Hering „Śl dy" „ 30
5) Pola Gojawiczyńska „Krata"

א שרייבער, ווען זיינע העלדן זיצן אין תפיסה, זוכן א טעמע, און דאָ פּאַקערן פייערן פון א ברענענדיקער שטאָט, ברענענדיקע פרויען, זקנים און קינדער?

יעדנפאלס האָט דאָס גאיאָוויטשינסקא נישט אויסגענוצט.

נאָר איינע פון אירע העלדינס, אננא מאכניצקאַ דערזעט דעם יידישן טראגיזם, ווען זי רעדט וועגן „אויסגעזידלטן" געטאָ און דער ווע"ש ארום.

די זעלבע טענדענץ — פון נישט באמערקן דעם שווערלעכן יידישן מצב — מערקט זיך אין דער פוילישער א. ג. לאַגער־ליטעראטור.

אזוי פירן זיך אויף כמעט אלע מחברים פון דעם מין ליטעראטור — אומאָפּהענגיק פון וואָס פאר א שיכט זיי שטאמען.

סיי די אוניווערזיטעט פּראָפעסאָרן גוויאזדאָמארסקי 6) און סקאַווראָן 7), סיי די גלחים אורבאנסקי 8) און בויאטשש 9) און סיי די שרייבער און זשורנאליסטן מאָרטשינעק 10), רושינעק 11), נאגאי 12) און גלאדיש 13), שרייבן אויף אזא אופן וועגן די קאָנצענטראציע־לאגערן אין סאַקסנהויזן, דאַכאַו, גוזען א. א., ווי זיי וואָלטן נישט געוווסט, אז אין די לאגערס האָט א ייד געלעבט נאָר א מעת־לעת?

און דאָס דארפן דאָך זיין דאָקומענטן!

פעברואַר 1946.

6). Jan Gwiazdomorski „Wspomnienia z pobytu profesorów Uniwersytetu Jagiell. w niemieckich obozach koncentracyjnych".
7). St. Skowroń „Wspomnienia z pobytu w Dachau".
8). O. Albert Z. Orbański (karmelita) „Duchowni w Dachau".
9). Ks. Ludwig Bujacz „Dachau"
10). Gustaw Morcinek „ isty spod Morwy".
11). Michał Rusinek „Z barykady w dofinie głodu".
12) Stanisław Nugaj „Gusen".
13). Antoni Gładysz „Powrót z piekła hitlerowskiego".

# ביכער וועגן דער ייד. מאַרטיראָלאָגיע אין פוילן

## די פארלאַג־אַרבעט פון דער „צענטראַלער יידישער היסטאָרישער קאָמיסיע"

די „צענטראַלע יידישע היסטאָרישע קאָמיסיע" אין פוילן, וועלכע איז אנטשטאנען סוף 1944, גלייך נאָך דער באַפרייונג פון לובלין, האָט זיך געשטעלט פאר אַן אויפגאַבע צו פארשן די געשיכטע פון יידן אין פוילן אונטער דער דייטשער אָקופּאַציע, פאַרעפנטלעכן די געזאמלטע מאַטעריאַלן און אויף דעם וועג פּאָפּולאַריזירן צווישן יידן און נישט יידן די געשיכטע פון דייטשע רציחות און די פארניכטונג פון פוילישן יידנטום.

וואָס פאר א דערגרייכונגען האָט די „היסטאָרישע קאָמיסיע" צו פארצייכענען אויפן פארלאַגס־געביט? דערגרייכונגען זייער באַדייטנדיקע. — במשך פון צוואַנציק חדשים זענען פאַרעפנטלעכט געוואָרן 27 פּובליקאַציעס.

ס'איז נישט מעגלעך אין א קורצן ארטיקל בפרטיות אַרומצורעדן אלע אויסגאבן. מיר וועלן אבער מער ווייניקער כאַראַקטעריזירן די וויכטיקסטע אויסגאבן, ווע כע פאַרדינען א ספּעציעלע אויפמערקזאַמקייט. צוליב רייןטעכנישע סיבות האָט די היסטאָרישע קאָמיסיע פאַרעפנט־לעכט גאנץ ווייניק ביכער אין יידיש. די דייטשן האָבן פארניכטעט אלע יידישע דרוקעריַיען און זעצעריַיען אין פוילן. די איינציקע דרוקעריי, וואָס עקזיסטירט איצט אין לאָדזש, איז נישט בכוח נאכצוקומען דעם גרויסן באַדאַרף אויף יידישע ביכער. דעריבער איז דער גרעסטער טייל אויסגאבן פון דער צ. י. ה. ק. דערשינען אין פויליש.

אין יאָר 1945 איז דערשינען א בראָשור פון ד"ר פ. פרידמאַן אויף פויליש א. נ. „די פארניכטונג פון די לעמבערגער יידן". עס איז געשריבן אויפן יסוד פון אייגענע איבערלעבונגען פון מחבר און טיילווייז געשטיצט אויף דערקלערונגען און זכרונות, גבית עדות א. א. וו.

אויב אין יאָר 1945 האָט זיך די צ.י.ה.ק. באַגנוגנט דער עיקר מיט זאמלען מאטעריאלן, איז אין יאָר 1946 שוין פארגעקומען א ברייטערע פאַרמעסטונג אין דער פּובליקאַציע־טעטיקייט.

א רייִ ביכער דערשיינט אדאנק די באַמיִונגען און דער ארבעט פון דער קראָקעווער אָפּטיילונג פון דער

צ.ו.ה.ק.: „זכרונות פון יוסטינא" אָנגעשריבן דורך גוסטא דאווידזאָן־דרענגער. — דרענגער דאָס איז טאַקע יוסטינא אַליין. מיט אירע זכרונות באַקענט זי דעם לעזער מיט די דערשיינונגען פון ווידערשטאַנד און אַקציוון קאַמף קעגן דייטשן, וואָס עס האָט געפירט די יידישע יוגנט בעת דער היטלערישער אָקופּאַציע אין פּוילן. דאָס בוך איז געשאַפן געוואָרן אין תפיסה דורך יוסטינא דרענגער, וועלכע איז ארעסטירט און אומגעבראַכט געוואָרן דורך די דייטשן.

פון א גרעסערן ליטעראַרישן ווערט איז דאָס בוך „אוניווערזיטעט פון פאַרברעכער" פון מ. מ. באָרוויטש. אין דעם בוך ווערט באַשריבן דער יאַנאָווער לאַגער אין לעמבערג, וועלכער האָט א „שם" אויף דער גאַנצער וועלט ווי א לאַגער, וואָס איז איבערגעשטיגן אַלע אַנדערע מאָרד־זאַמל־פּונקטן מיט דער פאַרשיידנאַרטיקער מעטאָדע פון רציחות און דערפאַר געוועזן אן „אוניווערזיטעט", א העכערער בילדונגס־אַנשטאַלט פאַר סאַדיזם.

דעם שוידערלעכן אמת וועגן בעלזשעץ דערציילט רודאָלף רעדער אין זיין בוך „בעלזשעץ". רעדער, דאָס איז א לעבעדיקער עדות פון די רציחות אין דעם טויט־לאַגער.

צו די וויכטיקסטע ארבעטן פון דער קראָקעווער אָפּטיילונג דאַרף מען צורעכענען: „דאָקומענטן פון פאַרברעכן און מאַרטירעריי" — דאָס איז אן אַנטאָלאָגיע פון אויטענטישע דערקלערונגען פון עדות. דאָס ווערק האָט 3 טיילן: 1) לאַגערן, 2) „איבער שטעט און שטעטלעך", 3) „קינדער דערציילן".

אין דער סקיצע „ליטעראַטור אין די לאַגערן" פון מ. מ. באָרוויטש באַקענען מיר זיך מיט א נייעם צווייג פון לעבן אונטער דער היטלערישער אָקופּאַציע — די קאָנספּיראַטיווע ליטעראַרישע שאַפונגען. די דראַמע פון סטעפאַן אָטוויינאָווסקי — „פּסח" (ווילקאַנאָץ) איז נישט נאָר א קינסטלערישע ווערק, נאָר אויך א דאָקומענט. די דראַמע, געשריבן בעת דער אָקופּאַציע, איז אן אויסדרוק פון די שטימונגען, וואָס האָבן דעמלט באַהערשט די פּוילישן הומאַניסטן.

די פּובליקאַציע „אין דער דריטער יאָרצייט פון אומקום פון קראָקעווער געטאָ" איז א זאַמלונג, וואָס אַנטהאַלט זייער ווערטפולע און אינטערעסאַנטע אָפּהאַנדלונגען און אַרטיקל'ען פון פּוילישע און יידישע מחברים.

צו די פאַרדינסטן פון דער קראָקעווער אָפּטיילונג דאַרף מען אויך צורעכענען דאָס אַרויסגעבן אין יידיש די לידער פון פאָלקס־דיכטער מרדכי געבירטיג א. נ. „עס ברענט" מיט אן אַריינפיר פון י. וואָלף.

אין דער ריי זכרונות, וועלכע עס האָט אַרויסגעגעבן די צ. יי. ה. ק. איז דערשינען אויך „די טויט־בריגאַדע" (זאָנדערקאָמאַנדע 1005). די „טויט־בריגאַדע" האָט אָנגעשריבן א יונגער יידישער בחור — לעאָן וועליטשקער. דאָס בוך איז פאַרזען מיט אַריינפיר־באַמערקונגען פון רחל אויערבאַך און שילדערט די טראַגישע איבערלעבונגען פון מחבר אין לעמבערגער געטאָ, אין לאַגער און אין דער בריגאַדע פון יידישע אַרבעטער, וועלכע זענען דורך די דייטשן געצוווּנגען צו ארבעטן ביים אויסגראָבן און פאַרברענען די גופים, כדי צו פאַרניכטן די שפּורן פון מאַסן־מאָרד, וואָס זענען אויסגעפירט געוואָרן אין לעמבערג און אומגעגנט. צו דעם רייכן קאַטאַלאָג פון דייטשע רציחות גיט וועליטשקער צו ווייניק באַקאַנטע פּרטים, נעמלעך: דאָס מעטאָדישע באַזייטיקן די שפּורן פון פאַרברעכן. דערביי ווערט געשילדערט דער אופן, די טעכניק, דער ספּעציעלער זשאַרגאָן, „פאַכמענישע" אויסדרוקן — מיט איין וואָרט א קוועך־שניט פון לעבן פון דער דאָזיקער נייער משונהדיקער סביבה.

אויפן געביט פון אויספאָרשן די לאַגערן איז די ארבעט פון נ. בלומענטאַל א. נ. „דאָקומענטן און מאַטעריאַלן פון דער צייט פון דער דייטשער אָקופּאַציע אין פּוילן". ערשטער באַנד „לאַגערן". אין דער ארבעט האָט דער מחבר, אַחוץ גבית־עדות און זכרונות, אויך אויסגענוצט א גאַנצע ריי אָריגינעלע דייטשע דאָקומענטן, וועלכע די שעפער פון דער „נייער אָרדנונג" האָבן איבערגעלאָזט בעת דעם פּאַנישן אַנטלויפן פון גענעראַל־גובערנעמענט און „וואַרטע־לאַנד". דער אַריינפיר פון מחבר א. נ. „דייטשע לאַגערן אין פּוילן" שטעלט מיט זיך פאָר, די ערשטע אין פּוילן, סינטעטישע ארבעט, וועלכע רעדט וועגן ארום אַלע פּראָבלעמען פון די לאַגערן אין פּוילן.

מיט דער געשיכטע פון דער ווידערשטאַנדס־באַוועגונג און פאַרניכטונג פון ביאַליסטאָקער געטאָ פאַרנעמט זיך די ארבעט פון ד"ר דאַטנער א. נ. „קאַמף און אומקום פון ביאַליסטאָקער געטאָ". די מאָנאָגראַפיע, וועלכע איז צוגעגרייט געוואָרן דורך דער ביאַליסטאָקער אָפּטיילונג פון דער צ. יי. ה. ק. גיט א בילד פון יידישן ווידערשטאַנד אין איינעם פון די באַדייטנדיקסטע און גרעסטע געטאָס אין פּוילן. די ארבעט שטיצט זיך אין מערסטן טייל אויף פּערזענלעכע איבערלעבונגען פון מחבר, וועלכער האָט צוויי יאָר פאַרבראַכט אין ביאַליסטאָקער געטאָ.

די זאַמלונג פון שאָיעוויטש'ס לידער אין יידיש א. נ. „לך לך" מיט אן אַריינפיר פון נ. בלומענטאַל דאַרף אָנערקענט ווערן פאַר איינע פון די אַמביציעסטן ווערטפולסטע פּובליקאַציעס פון דער פאַרלאַגס־ארבעט פון דער צ. יי. ה. ק. מ'דאַרף אונטערשטרייכן, אַז די „היסטאָרישע קאָמיסיע", וועלכע האָט די אויפגאַבע צו פאָרשן די געשיכטע פון יידן אין פּוילן אין דער צייט פון דער דייטשער אָקופּאַציע, האָט זיך פון סאַמע אָנהייב פון איר טעטיקייט פאַרנומען מיט פאָרשונגס־ארבעט איבער דער יידישער ליטעראַטור, אין וועלכער עס שפּיגלט זיך אָפּ דאָס לעבן פון אונדזערע ברידער אונטער דער הערשאַפט פון אָקופּאַנט. אין „לך לך" גייען אַריין צוויי פּאָעמען: 1) „לך לך", 2) „פּרילינג תש"ב". די בריוו פון שאָיעוויטשן צום לייטער פון פּרעסע־רעפעראַט ביים יידן־עלטסטן ש. ראָזענשטיין — כאַראַקטעריזירן אַמקלאָרסטן די טראַגישע לאַגע פון די יידישע ליטעראַטן אין לאָדזשער געטאָ.

די ארבעט פון ד"ר י. קערמיש „דער אויפשטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ" איז א ווערטפולער צושטייער צו דער פאָרשונגס־ארבעט איבער דער געשיכטע פון יידישן ווידערשטאַנד. דאָס בוך איז געשטיצט אויף דאָקומענטן, ספּעציעל אויף דעם ראַפּאָרט פון דייטשן גענעראַל סטראָאָפּ, פאַרזען מיט די געהעריקע באַמערקונגען.

מיט דער־פאַלג אַנטוויקלט זיך די זייער נוצלעכע פאַרלאַגס־ארבעט פון אַרויסגעבן פּובליקאַציעס וועגן אומקום פון באַזונדערע יידישע ישובים אין פּוילן. מיר האָבן דאָ אין זינען די ביכער, וואָס זענען נישט לאַנג אַרויס פון דרוק: „אומקום פון די זשעלקעווער יידן" פון ג. טאַפּעט און „אומקום פון די סאָסנאָווצער יידן" פון מאַג. שטערנפינקעל.

אין דער רייכער לאַגער־ליטעראַטור אין פּוילן פאַרנעמען ס'גרעסטע אָרט זכרונות און באַשרייבונגען פון קאָנצענטראַציע־ און פאַרניכטונגס־לאַגערן. עס איז כמעט נישט פאַראַן קיין ארבעט, וועלכע זאָל זיך אָפּגעבן מיט די ארבעטס־לאַגערן. דעם דאָזיקן בלויז פולט אויס דאָס ביכל: „ביי פּיקרין און טראָטיל" פון רוזשאַ באַומינגער. דאָס זענען זכרונות פון ארבעטס־לאַגער אין סקאַרזשיסקאָ־קאַמיענאַ.

די ביבליאָגראַפישע איבערזיכט וואָלט נישט געווען קיין פולע, ווען איך וואָלט נישט דערמאָנט דעם אַלבום פאָטאָגראַפיעס א. נ. „פאַרניכטונג פון פּוילישן יידנטום", וועלכער איז אַרויסגעגעבן געוואָרן דורך דער צ. יי. ה. ק. פאַר דער מענטאַליטעט פון די דייטשע מערדער איז כאַראַקטעריסטיש זייער ליבע צו מאַכן פאָטאָגראַפיע־

שע אויפנאמען פון די „העלדנטאטן" בעת די „אקציעס". די ראַזיקע „מאטאַרישע נייגונג פון די דייטשן האט דאס געגעבן די גרויסע צאל אויפנאמען, וועלכע מיר האבן אין אלבאָם. דער אלבאָם איז באַאַרבעט געוואָרן דורך ג. מאפעט, דעם לייטער פון דער פאטאגראפישער אָפטיילונג פון דער צ. יי. ה. ק.

א פאר ווערטער וועגן די צוקונפט־פלענער פון דער צ. יי. ה. ק. אויפן פאַרלעגערישן געביט: די נאענסטע טעג ערשיינט דער צווייטער באנד „דאָקומענטן און מאטעריאלן פון דער צייט פון דער דייטשער אָקופּאציע אין פוילן — אקציעס און דעפּאָרטאציעס". באארבעט פון ד"ר י. קערמיש. ס'האט זיך אנגעהויבן די ארבעט איבער פאַרעפנטלעכן די מאטעריאלן פון לאדזשער געטא. מיט דעם פארנעמט זיך י. אייזענבאך. אין צוגרייטונג דאס ווערק פון נ. בלומענטאל א. נ. „אומשולדיקע ווערטער" — א ווערטער־בוך פון אויסדרוקן, וועלכע זענען געשאפן געוואָרן בעת דער דייטשער אָקופּאציע. א מאָנאָגראפיע פון ב. אייזענשטיין געווידמעט דער געשיכטע פון ווידערשטאנדס־באַוועגונג אין געטאס און אין לאגערן און פון נ. גרים — „די מארטירערליי פון יידישע קינדער". ס'ווערן נאך צוגעגרייט פאלגנדיקע ארבעטן אויף יידיש: א רעפּאָרטאזש וועגן „טרעבלינקע" פון רחל אויערבאך, „די יידן אין שטוטהאף" פון ל. שעפּטעל „ווי האב איך איבערגעלעבט די אָקופּאציע" — זכרונות פון ריטשעוואָל. צום סאמע סוף וויל איך דערמאנען די ארבעט, וואָס ווערט געפירט פון א. וואָלף יאסני איבער א ביאָגראפישן לעקסיקאן פון דער יידישער אינטעליגענץ, שרייבער, דיכטער און געזעלשאפטלעכע עסקנים, געטא און פארטיזאנער־קעמפער, וועלכע זענען אומגעקומען דורך די דייטשן.

**ב. מאַסענזשניק**

# „די שטילקייט מאַנט"*)

ביים לייענען דאס ערשטע בוך לידער פון א יונגן דיכטער זוכן מיר קודם־כל די סביבה, פון וועלכער ער שטאמט, די שולע אויף וועלכער ער איז ליטעראריש דערצויגן געוואָרן, צי האט די ערשטע לידער־זאמלונג אין נייעם פוילן א וועלכע נישט איז פארבינדונג מיט די לעצטע לידער־ביכער פון די יידישע דיכטער ביז צום יאר 1939? לוידער נישט. און דאס איז דורכויס א חסרון!

דער מחבר פון „די שטילקייט מאנט" פארמאגט אין זיינע לידער א רייפע צילבאוווסטקייט. עס איז אבער די רייפקייט פון א היימלאזן קינד, וואס האט נישט דורכגעלעבט די פרייד און שיינקייט פון דער קינדהייט און איז שוין אין דער בחינה פון א זקן. אין די לידער פון דער זאמלונג פעלט דעריבער דער יוגנטלעכער פּאעטישער חן, וואס מיר ווילן טרעפן ביי דעביוטירנדיקע דיכטער.

מענדל מאן געהערט צו די יעניקע, וועלכע האבן זיך אומגעקערט קיין פוילן שוין נאך דער באפרייונג, נישט דורכלעבנדיק דעם שוידער און גרויל פון דער דייטשישער אקופּאציע. כאטש אזוי האט ער אויפגענומען אין זיך די פיין פון די שרעקלעכע יארן און פרווט אויפן יסוד פון די שילדערונגען, וואס ער האט זיך אנגעהערט וועגן חורבן — געבן א דיכטעריש בילד פון דעם געשעענעם.

אין די לידער זיינע איז פאראן אן אידעישע אָנגעצויקטקייט און מאן ווייס אויך, אז

„דער ריטם, ווי א בראָנע האָט צייכנס צוגעגרייט
און ס'בליען ווערטער אין גלייכן פערזנבייט."

צי מערקט זיך אבער דער „גלייכער פערזנבויט" אין זיינע שאפונגען? די קאנסטרוקציע און דער ריטם פון דעם גרעסטן טייל לידער און דער עיקר פון די באלאדן איז זייער אפט נישט אויסגעהאלטן. דער גראם א באנאלער. מאן גראמט: צונויף מיט אויף, פארנאכט מיט פארטראכט, שטוב מיט אראפ, דערקענט מיט האריזאָנט, געזאנגען מיט קאַנגען או"וו.

די טעמאטיק פון מאנס ערשטן לידער־בוך איז אונז פארשטענדלעך און נאענט: „געיעג", „סעלעקציע", „אויף דער ארישער זייט" או"וו. אקטועלע טעמעס וועגן אומקום פון אונזערע נאענטע. מיר פילן אבער אין די דאזיקע לידער מער רעטארישן געשריי ווי דיכטונג. דער מחבר דארף ערשט געפינען די פאסיקע, געהעריקע פארם אויף צו געשטאלטיקן קינסטלעריש די ישפע פונם רוי־מאטעריאל דעם פארגעקומענעם. אממייסטן איבערצייגט אונז טאקע מאן דיכטעריש דווקא אין די סוביעקטיווע לידער זיינע, ווו ער גיט איבער זיינע אייגענע איבערלעבונגען נאכן צוריקקומען קיין פוילן. צו זיי געהערן: „האלט איין דעם אטעם", „ס'האט דער רעגנבויגן פארלוירן זיינע פארבן", „ווער קען דען קומען צו מיר?", „ווו זאל איך מיינע געצעלטן צעשלאגן?".

אין אָט די לידער איז פאראן פשטות און אומיטלבארקייט. און ווען מיר לייענען אין איינעם פון זיינע לידער:

„כ'וואַנדער איבער מיין געבורט־שטאט
און דערקען נישט דאָס אָרט,
ווו ס'איז מיין הויז געשטאנען,
נאר שטיקלעך געקאלכטע ווענט דערמאנען מיין מאמען"

קלינגט עס פשוט און אויפריכטיק.

מ. מאן דארף זיך דעריבער באפרייען פון דער באַמבאסטישקייט און פון די אומנאטירלעכע בילדער אין זיינע לידער און געפינען דעם וועג צו דער פשטות, וואָס מיר טרעפן אין די שאפונגען פון אַלע עכטע דיכטער אין אונזער ליטעראטור.

דאס דערשיינען פון ערשטן נאכמלחמהדיקן יידישן לידער־בוך אין פוילן און דווקא פון א דעביוטאנט איז דורכויס א דערפרייענדיקע דערשיינונג. ווי ביי זאַ אַנהייבער איז ביי מ. מאן נאך שווער זיך צו אריענטירן אין וואס פארא ריכטונג עס וועט אוועק זיין וווּיטערדיקע ליטעראַרישע אנטוויקלונג, א וואסער פארם ער וועט סוף כל סוף געפינען צו געשטאלטיקן זיינע דיכטערישע בענקשאפטן און אן שום ספק פאראנענע נשמה־פּאסיעס. שוין דער ערשטער ארויסטריט ווייזט ארויס סימנים פון שרייבערישע פעיקייטן און א דראנג צו זוכן — דאס ווארט.

און ווען מענדל מאן שרייבט אין ערשטן ליד פון זיין ערשטער זאמלונג:

„און איך זוך אין די טיפענישן פון מיין הארץ
דאס גרויסע ווארט, וואָס מיר מוזן געפינען" —

גלויבן מיר אים און האפן, אז ער צוגלייך מיט אַנדערע יידישע דיכטער וועלן דאס דאָזיקע וואָרט געפינען.

נ. באָמזע

---

*) מענדל מאן: „די שטילקייט מאנט" — בראַכאַווז־באַלאַג. לאדזש 1945. פאָרוואָרט — נ. בלומענטאל.

# דער באנייטער פאַריין פון יידישע ליטעראַטן און זשורנאַליסטן אין פוילן (לאָדזש)

איינצלנע זענען זיי געווען די ניצול־געוואָרענע עטלעכע יידישע שרייבער און זשורנאַליסטן. זיי זענען אַרויס פון די וועלדער, בונקערס און פון דער אַרישער זייט.

זייער ערשטער געדאַנק איז געווען — אָרגאַניזירן זיך און אויפלעבן דאָס יידיש־געדרוקטע וואָרט. אַרויסגעבן אַ בלעטל.

אַסך פון די שרייבער אין געטאָ האָבן געהאָפט, אפשר וועט זיי פאָרט געלינגען דורכצולעבן די היטלער־מגפה און כאָטש טיילווייז פאַרפיקסירן דאָס געשעענע, דאָס דורכגעלעבטע. נאָר איינצלנע האָבן דערלעבט דעם טרוים צו פאַרווירקלעכן. פון די שרייבער און פובליציסטן זענען לעבן געבליבן:

רחל אויערבאַך, נחמן בליך, ישעיהו שפּיגל, אַהרן וואַל, מ. האָפמאַן, ל. ראַכמאַן און אַקטיאָר און רעזשיסאָר יאָנאָס טורקאָוו. עס איז אויך געבליבן לעבן דער פּאַרטייטוער און פּובליציסט ד"ר אַדאָלף בערמאַן, דער יונגער זשורנאַליסט א. שעדלעצקי און עטלעכע, וועלכע זענען רייף געוואָרן אַלס שרייבער און זשורנאַליסטן אין דער צייט פון מלחמה:

יהודה עלבערג, א. שלייען, וו. קאַרמיאַל, א. טאַבאַקסבלאַט און מ. טויבנער.

אָט די אַלע זענען עס געווען די ערשטע, וועלכע האָבן געגרינדעט דעם נייעם פאַריין פון די יידישע ליטעראַטן, זשורנאַליסטן און אַרטיסטן אין פוילן. מיט דער פוילישער אַרמיי זענען אָנגעקומען פון די ערשטע קיין פוילן מ. מירסקי און מ. נודעלמאַן און עס איז צוזאַמען מיט דער גרינדונג פונם פאַריין אויך געגרינדעט געוואָרן די ערשטע יידישע צייטונג „דאָס נייע לעבן“.

עס איז שפּעטער צוגעקומען אַ באַדייטנדיקע גרופּע יידישע שרייבער רעפּאַטריאירטע פון ראַטנפאַרבאַנד. די צאָל מיטגלידער האָט נאָכדעם דערגרייכט עטלעכע דרייסיק און עס האָט זיך אָנגעהויבן אַן אַקטיווע, שעפערישע אַרבעט פונם פאַריין. פאַר דער אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג איז פאַרגעקומען אינם פאַריין אַ חברשער, אידייאָלאָגישער וויכוח, וואָס האָט געדויערט 12 שעה. יעדער פון די שרייבער האָט זיך געוואָלט אַביסל אויסרעדן וועגן די מחשבות און שטימונגען, וואָס האָבן זיך אָנגעפּרעסט, געגורטעיועט און זיך אויסקריסטאַליזירט במשך די שוידערלעכע יאָרן.

אין דער נייער פאַרוואַלטונג זענען געוויילט געוואָרן: לעאַ פינקלשטיין — פאַרזיצער; בער מאַרק — וויצע־פאַרזיצער; משה גראָסמאַן — סעקרעטאַר: מיכאל מירסקי; א. צינצינאַטוס; יהודה עלבערג; מגר. מ. טויבנער. קאַנדידאַטן: רחל אויערבאַך; מענדל מאַן; נחמן בליך. רעוויזיר־קאָם: א. וואַל; י. שפּיגל; י. שלייען. חברים־געריכט: ד"ר א. בערמאַן; ד"ר פ. פרידמאַן; שלמה בערלינסקי. במשך די לעצטע 5 חדשים זענען איינגעאָרדנט געוואָרן פאָלגנדיקע ליטעראַרישע אונטערנעמונגען:

אַ פּרץ־אַקאַדעמיע; אַ שלום־עליכם־אַקאַדעמיע (אין גרויסן שטאָטישן טעאַטער־זאַל אין לאָדזש), די זעלבע צוויי אַקאַדעמיעס אויך אין וואַרשע, אַ ביאַליק־אָוונט; אַ קבלת־פנים פאַר דעם העברעישן דיכטער פון א"י בנימין טענענבוים; רעפעראַט פונם א"י־שליח מ. ערעם א.ד.ט. „דאָס יידישע לעבן אין ארץ־ישראל“; 3 עפנטלעכע קבלת־פנים'ס און איינער אַן אינערווייניקסטער פאַר די רעפּאַטריאירטע שרייבער; אַ קבלת־פנים פאַר די צוריקגעקומענע פון ר"פ יידישע אַרטיסטן. אויף די אָוונטן זענען אַרויסגעטרעטן: ד. אויערבאַך; לייב אליצקי; י. אַשענדאָרף; נ. באָמזע; ש. בערלינסקי; חיים גראַדע; מ. גראָסמאַן; א. זאַק; ב. טענענבוים; י. יאַנאָסאָוויטש; ב. מאַרק; רחל קאָרן; מ. נודעלמאַן; א. סוצקעווער; י. עלנבערג; ח. ל. פוקס; לעאַ פינקלשטיין; א. צינציאַטוס; ש. קאַטשערגינסקי; י. קוויטעלמאַן; מ. קנאַפּהייס; י. רובינשטיין.

לעאַ פינקלשטיין פירט אין פאַריין אַן עפנטלעכן ציקל רעפעראַטן א.ד.ט. „יידן אין אייראָפּע“.

די אַלע אונטערנעמונגען זענען באַזוכט געוואָרן דורך טויזנטער יידישע צוהערער.

עס זענען אויפגענומען געוואָרן אַלס געסט פונם פאַריין מיט אַ געזעל־טיי די שליחים פון אַמעריקע:

יעקב פּאַט; אינזש. שאַשקעס; ד"ר י. טענענבוים; ב. צ. גאָלדבערג; א. קייזערמאַן; ליפּשיץ; ש. ל. שניידערמאַן; גילמאָווסקי; זוסמאַן; וואַל; פרידמאַן; דרעווניאָוויטש; פ. נאָוויק; ר. זאַלצמאַן.

פון ארץ־ישראל: מ. ערעם; ב. טענענבוים.

פון ראַטנפאַרבאַנד האָט מען אויפגענומען מיט אַ מיטאָג דעם באַקאַנטן סאָוויעטישן שריפטשטעלער פאַנפיעראָוו. אין די באַגריסונגען צו אים איז גערעדט געוואָרן וועגן די פּראָבלעמען פונם יידישן פאָלק, אויף וואָס פאַנפיעראָוו, אַן אויסגעשפּראָכענער יידן־פריינט, האָט אויפגעהויבן זיין כוס און אויסגערופן:

„זאָל לעבן דאָס יידישע פאָלק!“

ער האָט געווונטשן, אַז די יידן זאָלן דערגרייכן זייערע אַלע נאַציאָנאַלע טרוימען און שטרעבונגען.

עס זענען אויך אויפגענומען געוואָרן די דעלעגאַטן פון צ. ק. קיין אַמעריקע — אונזער פאַרוואַלטונג־מיטגליד מ. מירסקי און די ח"ח הערש וואַסער און ד"ר ש. הערשנהאָרן, וועלכע האָבן זיך געטיילט מיט זייערע איינדרוקן פון דער רייזע.

אין מערץ, נאָכן רעמאָנטירן דעם לאָקאַל פונם ליטעראַטן־פאַריין, האָט די נייע פאַרוואַלטונג איינגעאָרדנט אַ חנוכת־הבית, אויף וועלכן ס'איז געווען פאַרבעטן אַ גרעסערע צאָל פּוילישע שרייבער. אין פּרעזידיום איז געוואָרן איינגעלאַדן וולאַדיסלאַוו בראָניעווסקי, וועלכער האָט באַגריסט אין נאָמען פון פּוילישע שרייבער. אויפן אָוונט איז געוואָרן אָפּגעריכט אַ יזכור נאָך די אומגעקומענע שרייבער, נאָך די אומגעקומענע 6 מיליאָן יידן. ס'זענען געווען אָנגעצונדן ליכט אין אַן אַלט־יידישער מנורה און אַ חזן האָט געמאַכט אַן „אל מלא רחמים“, וועלכע אַלע האָבן אויסגעהערט שטייענדיק.

חוץ עטלעכע אינעווייניקסטע מחברים־אָוונטן, איז לעצטנס געוואָרן איינגעפירט די אינסטיטוציע פון „עונג־שבת“. שבת פאַרנאַכט קומען זיך צונויף די שרייבער און ביי אַ גלעזל טיי ווערן דיסקוטירט פּראָבלעמען פון ליטעראַטור, קונסט, פילאָזאָפיע און פּאָליטיק.

דער ערשטער עונג־שבת איז געווען געווידמעט דעם געזונט ווערן פונם פאַריין־פאַרזיצער לעאַ פינקלשטיין.

אויף די ווייטערדיקע עונג־שבתים האָבן געלייענט זייערע שאַפונגען די יונגע דיכטער גוטע גוטערמאַן, י. גורטערמאַן, ה. איוואַן. עס האָבן אויך געלייענט — רייזל זשיכלינסקי, צפנת, מ. גראָסמאַן און עס איז אַרויסגעטרעטן דער לייטער פון ייד. וועלט־קאָנגרעס אין מערב־אייראָפּע, דער זשורנאַליסט ש. שווערדשאַרף.

דער פאַריין האָט זיך אָפּגערופן אויף אַלע וויכטיקסטע געזעלשאַפטלעכע געשעענישן אינם יידישן לעבן. בשעת דעם וויזיט פון דער אַנגלאָ־אַמעריקאַנער קאָמיסיע אין לאָדזש, האָט דער פאַריין אַרויסגעשיקט אַ דעפּעשע

מיט די זעלביקע פאָדערונגען, וועלכע עס האט ארויסגעשטעלט דער יידישער צענטראַל־קאָמיטעט אין פוילן. עס זענען איבערגעשיקט געוואָרן באַגריסונגען און דעלעגאַטן צום קאָנגרעס פון דער געזעלשאַפט „פויליש־סאָוויעטישע פריינטשאַפט", צו די צוזאַמענפאָרן פון „השומר הצעיר", „ציקונפט", צו דער יידישער רעגיאָנאַלער קאָנגרעגאַציע בעתן אָנקומען פונם הרב הראשי הערצאָג פון ארץ ישראל; צו דער גרינדונג פון א באַזונדערן יידישן אַרטיסטן־פאַריין; צו דער ערשטער פרעמיערע פונם ערשטן יידישן טעאַטער אין פוילן — נידער־שלעזיע און צום אָנקומען פון מאלי פיקאָן און יעקב קאַליך. אויך א מיטגעפיל צו דער טרויער־אַקאַדעמיע געווידמעט דעם טראַגיש־אומגעקומענעם ש מ ו א ל ז י ג ל ב ו י ם.

אין חודש יולי איז פאָרגעקומען די גרינדונג פון א באַזונדערן יידישן אַרטיסטן־פאַריין, ווייל די צאָל מיטגלידער און ערב־מיטגלידער (קאַנדידאַטן) יידישע שרייבער האט שוין דערגרייכט אריבער 60 און ביי די אַרטיסטן איז שוין אויך געווען אזא צאָל. דאַן איז באַשלאָסן געוואָרן זיך אָפּצוטיילן.

פון דער ערשטער מינוט אָן איז געווען באַשלאָסן ארויסצוגעבן א ליטעראַריש־פּעריאָדישע צייטשריפט א. נ. „יידישע שריפטן". עס האט אבער געדויערט לאַנגע חדשים — אין אנהייב צוליב געלט־שוועריקייטן, נאָכדעם צוליב דרוק־שוועריקייטן.

אין די ערשטע חדשים איז דער פאַריין געווען אין א שווערער מאַטעריעלער נויט. געווען צייטן, ווען עס איז בוכשטעבלעך נישט געווען קיין גראָשן אין דער פאַריינס־קאַסע. עס האט זיך אבער שנעל געביטן צום בעסערן. עס האבן אָנגעהויבן איינלויפן איינמאַליקע געלט־מתנות טייל פון די אַמעריקאַנער שליחים (י. פאַט אין נאָמען פון י. ל. פּרץ־שרייבער־פאַריין אין אַמעריקע), ד"ר י. טענענבוים (א גאַנץ באַשיידענע סומע), די דעלעגאַציע פון די וואַרשעווער לאַנדס־לייט: וואַלי פרידמאַן און דרעווניאַנסקי; גילמאַווסקי און זוסמאַן; דער שליח פון לאָנדאָן — אין נאָמען פון ועד הקהילות אין ענגלאַנד — א. ציטלין; א חודשלעכע סובסידיע און איינמאַליקע אונטערשטיצונג פונם „דזשוינט", פון ייד. פאָלקס־אָרדן אין אַמעריקע — 150 טויזנט זל. אויפן צוועק ארויסצוגעבן א ליטעראַרישן זשורנאַל. דער יידישער צענטראַל־קאָמיטעט האט געגעבן א קליינע חודשלעכע סובסידיע פון 10.000 זל. א חודש, אָבער נאָך אַן אינטערווענץ פון פאַריין אין חודש יוני איז זי געהעכערט געוואָרן ביז 50 טויזנט זל. אין יענע צייטן זענען סך הוצאות אוועק אויף דער קיך ביים פאַריין, וועלכער גיט ארויס העכער זעכציק מיטאָגן טעגלעך און נאָך דאַן נישט באַקומען קיין שום שפּייז פאַר דער קיך. ערשט אין די לעצטע חדשים האבן „דזשוינט" און צ. ק. אָנגעהויבן צושיקן טייל פּראָדוקטן.

חוץ דעם האט יעדער פון די שרייבער זיך געניויטיקט אין דער ערשטער דרינגענדער מאַטעריעלער הילף, ווייל כמעט אַלע זענען געווען אָן א מטבע אין טאַש. שווער איז אויך אָנגעקומען דאָס באַזאָרגן מיט דירות, דאָס רעמאָנטירן אַלטע דירות האט אַסך אָפּגעקאָסט.

אַסך זאָרגעוודיקייט האבן ארויסגעוויזן אונזערע חברים־שרייבער פון י. ל. פּרץ־פאַריין אין ניו־יאָרק, וועלכער שיקט אונדז א רעגולערע סובסידיע. אויך דער פּען־קלוב אין ניו־יאָרק האט לעצטנס צוגעשיקט 20 פּולפעדערס און א יידישע שרייב־מאַשין.

א זעלטענע חברישע וואַרעמקייט ווייזט ארויס דער דיכטער מלך ראַוויטש, וועלכער האט באַזאָרגט פאַר די 62 מיטגלידער און קאַנדידאַטן 62 פּראָדוקטן־פּעקלעך (פון יידישע שרייבער אין קאַנאַדע). א געוויסע צאָל פּעקלעך האט אויך צוגעשיקט דער יונגער פּראָזאַיקער הערץ בערגנער, וועלכער וווינט אין אויסטראַליע.

א סעפּטעמבער איז אָנגעקומען די ערשטע חודשלעכע סובסידיעס פונם פוילישן קולטור־מיניסטעריום — 10 טויזנט זל.

איצט איצטיקן מאָמענט ציילט דער פאַריין 45 מיטגלידער (עס איז שוין געווען מערער נאָר עטלעכע האבן עמיגרירט) און ביי א 20 יונגערע שרייבער און זשורנאַליסטן, וועלכע ווערן גערעכנט פאַר ערב־מיטגלידער, קאַנדידאַטן, וועלכע דאַרפן מיט דער צייט ווערן פאַקטישע מיטגלידער.

דער יידישער ליטעראַטן־ און זשורנאַליסטן־פאַריין האט פאַר זיין קורצער עקזיסטענץ אַסך אויפגעטאָן אויפן געביט פון יידישער קולטור־אַרבעט, געטרייסט מיט דעם יידישן וואָרט די דערשלאָגענע יידישע באַפעלקערונג און צוליב דעם געוואָרן איינע פון די באַליבסטע אינסטיטוציעס ביי דעם יידישן קיבוץ אין פוילן.

# ז. טאָלקאַטשאָוו – „דאָס שטעטל"

„דאָס שטעטל" פון ז. טאָלקאַטשאָוו, וואָס איז דערשינען אין באַר אַג „דאָס נייע לעבן" (לאָדזש — 1945), איז א זאַמלונג פון 40 רעפּראָדוקציעס פון בילדער, געווידמעט דעם שטעטל און שלום עליכם און זיינע געשטאַלטן.

די זאַמלונג אַנטהאַלט 20 בילדער, געשאַפן פאַר דער מלחמה און נאָך יעדן בילד קומט זיין „דאָפּל־בילד", געזען דורך דעם קינסטלער איצט, נאָך דעם גרויסן יידישן חורבן.

נאָכן באַפרייען פוילן איז טאָלקאַטשאָוו געווען אויף די געביטן פון די קאָנצענטראַציע־לאַגערן מיידאַנעק און אָשוויענטשים און אונטער דעם איינדרוק געשאַפן צוויי גרויסע בילדער־ציקלען „מיידאַנעק" און „די בלומען פון אָשוויענטשים". די בילדער זיינע זענען אויסגעשטעלט געוואָרן אין א'ע גרעסערע שטעט פון פוילן, ווי אויך דערשינען אין באַזונדערע אַלבאָמען און באַקומען וואַרעמע אָפּרופן מצד דער פוילישער קונסט־קריטיק.

„זינאָווי טאָלקאַטשאָוו — שרייבט מ. מירסקי אין זיין פאָרוואָרט צו דער זאַמלונג „מיין שטעטל" — האט אינם זעלנערישן שינעל מאַרשירט אין די רייען פון דער רויטער אַרמיי און האט דער ערשטער, פּלאַסטיש, מיט גרויסער קראַפט פון א קינסטלער און מיט טיפן ווייטיק פון א ייד, באַצייכנט די בלוטיקע שפּורן פון דער היטלעריסטישער אָקופּאַציע אין פוילן. זיינע בילדער־אויסשטעלונגען „מיידאַנעק" און „די בלומען פון אָשוויענטשים" זענען שאַנדדאָקומענטן פון דער היטלעריסטישער שוואַרצער מאַכט אין דער וועלט־געשיכטע".

# אינהאַלט:

פ ו ן  ר ע ד אַ ק צ י ע:

אין זאַמלבוך זײַנען אָפּגעדרוקט די בילדער בלויז פון א קלײנעם טײל אומגעבראַכטע ייד. שרײבער. לײדער איז אונז נישט געלונגען אויסצו־געפינען די בילדער פון א גאַנצער ריי אומגעקו־מענע ייד. פען־מענטשן.

—()—

צוליב טעכנישע סיבות זײַנען נישט אַרײַן די אַרבעטן פון א. אײַזען, כ. בזשיק, נ. בלומענטאל און י. קײטעלמאַן, ב. קוטשער.

געזעצט אין דער דרוקערײַ פונם פאַרלאַג
„ד אָ ס  נ י י ע  ל ע ב ן“, ל אָ ד ז ש.